מרדכי באכנער

# ספר קראשניק

לעבן און אומקום
פון א יידיש שטעטל



מינכן 1949

מרדכי באכנער

# ספר כזשאנאוו

## לעבן און אומקום פון א יידיש שטעטל



ר ע ג נ ס ב ו ר ג

אויף דער פארשאלטענער און מיט בלוט אנגעזאפטער ערד

תש"ח — תש"ט

דעם הייליקן אנדענק פון מיין
אומפארגעסלעכער פרוי

**פ ע ר ע ל ע**

און איינציקן זון **א ל י מ ל ך,**
וועלכע זיינען אומגעקומען פון
דייטשע רוצחישע הענט, אנ־
שטאט א מצבה געווידמעט.

ה׳ ינקום דמם

דר. יצחק שווארצבארט

# אריינפיר־וואָרט

דאָס דאָזיקע בוך איז אַ מצבה פאַר די אומגעקומענע יידן פון דער פוילישער שטאָט כזשאַנאָוו. פאַר פרויען, מענער און קינדער. איך ווייס ניט וויפיל עס זיינען אומגעקומען. זיכער אַרום 15.000. אומגעקומען זיינען זיי דערפאַר, ווייל זיי זיינען געווען יידן. אומ־געקומען זיינען זיי, ווייל זיי האָבן צוזאַמען אין איין תפלה געוואָרט אויף רחמים פון גאָט. פון דער השגחה. זיי זיינען געווען איין גרויסע פאַמיליע, ווי כמעט יידן אין אַ יעדן פויליש שטעטל און דערפאַר קען מען זאָגן, אַז זיי זיינען אַלע אומגע־קומען על קידוש העם ועל קידוש השם. און אַט דאָס איז די מצבה פאַר זיי, פאַר מיינע ברידער און שוועסטער. אַ י י ן מצבה פאַר אַלע.

איך מאַך צו די אויגן און זע אין דער פינסטערניש — גאַנץ אייראָפּע. פון דער אוקראַינע ביז פראַנקרייך, פון נאָרוועגיע ביז איטאַליע. טויזנטער, טויזנטער שטעט, שטעטלעך, דערפער מיט יידן. בלוט, בלוט, בלוט. בלאַסע פנימער, שטאַרבנדע קינדערלעך און דאַן־אַש, אַש, אַש. זעקס מיליאָן דערמאָרדערטע יידישע הערצער! און אין מיטן פון אייראָפּע פוילן! אַרום און אַרום אַ גרויסער קראַנץ פון יידישע חורבות, טייכן פון יידישע טרערן, קולות פון יידישע תפילות און אין דער מיטן דאָס גרויסע יידישע אַש־פעלד: פוילן, דער מאַסן קבר פון מיליאָנען פון יידן.

און צווישן די הונדערטער, הונדערטער פוילישע שטעט און שטעטלעך מיט וואַרשע, דעם שטאָלצן יידישן וואַרשע אין דער מיטן ווי אַ האַרץ אין אַ פולסירנדיקן גוף, צווישן הונדערטער

יידישע שטעטלעך בלאַנדזשען מיינע אויגן און זוכן דאָס שטעטל וווּ מיין וויג איז געשטאַנען, וווּ מיין מאַמע האָט מיר געזונגען דאָס וויגליד, וווּ מיין באָבע האָט געקוקט אויף מיר אַ גליק־לעכע, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו שטעלן די ערשטע וואַקלדי־קע שריט אויפן וועג פון דעם יידישן לעבן.

אָט, אָט דאָרט, אין דעם מערב־ דרום׳ דיקן ווינקל פון פוילן, וווּ די רעלסן שניידן אַדורך די קאָרע פון דער ערד אויף דעם ווייטן שליאַך פון מזרח קיין מערב, אָט דאָרט פון ביידע זייטן פון אָט די רעלסן, דעם לעבעדיקן הויפּט־נערוו פון אייראָפּע, האָט געחלומט און געלעבט אַ גרויס שטעטל צווישן די קליינע שטעטלעך פון פוילן. געהייסן האָט עס כזשאַנאָוו. עס הייסט ווייטער אַזוי, אָבער יידן זיינען כמעט ווי ניט מער דאָ, קוים אַ שפּרונג צו דער גרענעץ פון דייטשלאַנד, צו דעם פאָלק וואָס זיין מאַ־יאָריטעט איז געוואָרן די בעסטיע פון דער מענטשהייט. שוין אין די ערשטע טעג, אפשר שוין אין דעם ערשטן טאָג, אויב איך האָב ניט קיין טעות, פון דעם וועלט־קריג איז עס אַריינגעפאַלן אין דייטשע הענט. ווי אין אַ קאָשמאַר דערמאָן איך מיך אָן אײן נאַכט, פעכשוואַרץ איז זי געווען. אויף אַ וואָגן בין איך געפאָרן אין איינעם פון די ערשטע טעג פונעם וועלט־קריג פון דער לעצ־טער זיצונג פונעם פוילישן סיים אין וואַרשע, כדי צו דערגרייכן קראָקע און מיין פרוי. עס איז געווען ניט ווייט פון מיעכיוו, אויפן וועג קיין טאַרנאָוו. די עלעקטרישע לאָמפּן פון אַן אויטאָ האָבן פלוצים אויפגעבליצט. הונדערטער דונקלע געשטאַלטן זיינען געלאָפן אין דער ריכטונג פון ראַזוואַדאָוו. איך האָב געפרעגט פון וואַנען זיי לויפן, עס זיינען געווען יידן פון כזשאַנאָוו און יאַוואָרזנאָ. אַריינגעצויגן אין דעם תחום פון דער פוילישער טראַגעדיע — זיינען זיי געלאָפן נענטער צו דעם גורל פון אונ־טערגאַנג.

איך פרעג מיך היינט, נאָכדעם ווי דער מבול איז שוין פאַר־איבער, וואָס איז אַזוינס געווען מיין שטעטל, אונדזער שטעטל — כזשאַנאָוו. איך מאַך ווידער צו די אויגן און גיי צוריק מיט צענדליקער יאָרן. איך טראַכט צו זען דאָס אמתדיקע פּנים

פון מיין שטעטל כזשאנאוו. גאסן זיינען דארט ווי ביי שאגאל: פארקרומטע, ארעמע, גאסן, — קאריקאטורן. איך קען ניט פאר־געסן דאס געסל, וואס האט געהאט דעם נאמען פון א בארימטן פוילישן היסטאריקער פון דער ווייטער פארגאנגענהייט; קאצלו־בעק. אין א זייטנגעסל פון אט דעם ארימען געסל איז געשטא־נען א פארקרומט הויז, ווו איך פלעג צו שפילן מיט קינדער אויפן הויף פון מיין באבעס וווינונג. עס איז געווען קריעת ים־סוף דורכצוגיין דורך דעם געסל נאך א רעגן. די לאנגע קרוים־קא גאס, (זי האט גענומען דעם נאמען פון דעם ווארט קרייץ קזיזש אין פויליש) האט ביי מיר איבערגעלאזט א דערמאנונג פון כמעט מיסטישן פחד. זי איז געווען גאר לאנג און די לויות זיי־נען געגאנגען דורך דער דאזיקער גאס צו דעם בית עולם הינטער דער שטאט און א חוץ דעם האבן אין דעם צווייטן טייל פון דער לאנגער גאס געוווינט קריסטן, „צאבאנעס" ווי מען האט זיי גערופן, און פאר אונדז קינדער איז דאס געווען דער קוואל פון אן אומעטיקן פחד.

בכבודיק איז געווען די קראקאווסקע גאס, אויך לאנג און אויך ווי א בלוט־ארטעריע, וואס גייט פונעם הארצן, דירעקט פונעם הארץ, פון אונדזער בארימטן „רינעק". דארט האבן שוין געוווינט א ביסל רייכערע מענטשן, קנאפע נגידים אין געמוי־ערטע הייזער און די פארלענגערונג פון דער גאס האט געפירט צו אן ארט פון וועלכן מיר האבן געחלומט אין שבתים, ווו א מיר האבן זיך ארויסגעגנבעט אויף א שפאציר צו דעם טייך און צו די וועלדער. געהייסן האט דאס ארט „פיאסעק". דער אויבנ־אן אין מיינע דעראינערונגע [איז די שענסטע גאַס די„ אריסטאקרא־טישע" גאס, וואס איר נאמען איז געווען „אלעיא העגריקא." שיינע הייזער זיינען דארט געשטאנען פוןביידע זייטן, בוימער פון ביידע זייטן, דאס געריכט, סטאראסטווע און די הויכע אמטן, וועלכע האבן רעפרעזענטירט די מאכט און די געוואלט אין אונדזער שטאט. געצויגן האט זיך די דאזיקע גאס, וואס האט איר נאמען גענומען פון א געשמדטן ייד, ווייט, ווייט אין א פארשטאט, וואס האט געהייסן „הוטא". דארט איז יארנלאנג

געשטאנען דאס עסטרייכישע מיליטער. דאס איז געווען דער קאסטעל פון דער שטאט און דארט בין איך דערצויגן געווארן, ווייל דארט האבן צוערשט געוווינט מיינע עלטערן. איך דער־מאן מיך אין דעם גרויסן „קריג," וואס איז געפירט געווארן אין אונדזער שטאט ווענן דעם. צי די סטאציע פון דער באן זאל אריבערגיין פון דער שטאט גופא צו דער פארשטאט. די פארשטאט האט געזיגט און דורך דעם דאזיקן אריסטאקראטישן וועג, דער „אלעא הענריקא" זיינען פרייטאק נאכמיטאג גע־לאפן הונדערטער יידן און יידישע מאמעס פונעם צוג, כדי ניט צו פארשפעטיקן דעם שבת. עס איז געווען אן אומפארגעסלעך בילד, וואס האט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. פאר דעם עלטערן דור איז, אבער דער דאזיקער וועג אין שבת געווען א פארבאטענער. ער האט געפירט צו וועלדער, צו בא־האלטענע שטעלן ביים שטיינברוך, און בפרט צו א קליין וועלדל, וואס אין זיין מיט איז געווען א וויטער גרוב, ווו מען האט אויסגעגראבן זאמד. דארט האט זיך משמח געווען אין שבתים און ימים טובים דער יונגער דור. מאמעס און טאטעס זיינען געווען פארביטערט, ווען זייערע זין און טעכטער האבן זיך ארויס־געריסן צו גאטס שיינער נאטור. אבער די מיידלעך און ייננ־לעך האבן געהאט מער רעספעקט פאר דעם קול פון זייער בלוט ווי פאר דעם קול פון זייערע עלטערן.

אן אנדערע גאס האט זיך געצויגן פונעם רינעק אין דער ריכטונג פון די מקומות יאווארנא און שערשא מיט די גרויסע קוילן־גרובען און צו דעם דארף לושאוויצע. דארט איז געווען קאנצענטרירט ברוב דער טעקסטיל־האנדל משטיינס געזאגט. ווי שטראלן פון א זון אזוי זיינען פונעם רינג־פלאץ ארויס גאנ־צע זעקס גאסן אויף פארשידענע ריכטונגען פון דער וועלט. און די וועלט איז געווען ארום און ארום גרויס, זעער גרויס פאר אונדז. אט אין איין זייט דאס באַרימטע ארט טשעביניא. אויפן וועג צו אים איז געווען א בארג פון עטלעכע מעטער הויך, אבער פאר אונדז אין אונדזער קינדערישער פאנטאזיע איז דער דאזיקער בארג געווען גאר גרויס, און בפרט איז ער גרויס

געווען און הויך, ווען מען האט אונדז דערציילט, אז משיח איז שוין געווען אויף דעם דאזיקן בארג און האט געזאלט אויסלייזן די וועלט, אבער פון דעם שפיץ בארג האט ער פלוצלינג דערזען אין שבת, אז יידן זיינען מחלל שבת, האט ער זיך אומגעקערט, און אפשר האבן מיר זיך דאן שפעטער אזוי שטארק געמוטשעט אין דער שטאט צוליב די דאזיקע זינדען. א פאר צענדליקער קילאמעטער הינטער טשעביניא איז געווען קראקע. א שטאט, וואס איז אין אונדזער פאנטאזיע געווען ווי דער צענטער פון דער וועלט. קינדער האבן יארנלאנג געבעטן עלטערן מען זאל זיי מיטנעמען כאטש איינמאל קיין קראקע. איך קען מיך דערמאנען ווי גרויס מיין שמחה איז געווען ווען איך בין, א יינגל פון עטלעכע יאר אין גאַס רעגן א גאנצן טאג אויף א וואגן מיט מיינע עלטערן געפארן קיין קראקע איבער דעם בארימטן לופט־ קוראָרט אלווערניא און דאן ווייטער איבער דעם ארט קאשאוו, וואס האט זיך אויך בארימט געמאכט מיט אלערליי פוילישע ראביאטן. איך האב די דאזיקע נסיעה עד היום ניט פארגעסן. עס שטראלן נאך אין מיין האַרץ די אויגן פון מיין מאמען, ווען זי האט געקוקט אויף מיר ביים פאטאגראף.

אבער דא האט זיך די גרויסע וועלט ניט אויסגעלאזט. פון דער אנדערער זייט האט זיך די באן געצויגן צו א צווייטער שטאט ווי כזשאנאוו אשוויענטשים. אונגעפער 18 קילאָמעטער ווייט פון כזשאנאוו. א יינגער בחור בין איך מיט קאלעגן געלאפן דעם גאנצן וועג צו פוס, כדי צו זען ווער עס וועט פריער אנקומען. דאס איז דאס זעלבע אשוויענטשים אין וועלכן דאס רוצחישע פאלק, די נאצי־דייטשן האבן פארפייניקט מיליאנען פון מענטשן, ברוב יידן. היינט איז דארט געבליבן א מוזעאום. דארט האט היטלער פרייליך געמאכט דעם חנוכת הבית פון דעם גהינום פאר יידן מיט קאפעלעס פון דייטשע מוזיק, בעת משוגענע הונט זיינען געטריבן געווארן צו צערייסן די גופים פון קליינטשיקע קינדערלעך. אבער אין דעם אלטן כזשאנאוו האט קיינער פון אונדז ניט געטראכט וועגן דעם, אז

אט די דאזיקע ברודער־שאפט וועט ווערן א סימבאל פון אונדזער מארטיראלאגיע אויף אייביק. אשפיצינער — אזוי האבן געהייסן די יידן פון אשוויענטשים — האבן זיך ניט איבריק ליב געהאט מיט כזשאנאווער. איך וויל דא ליבער ניט דערמאנען די סיבות פון דער דאזיקער שנאה. מאנכע פון די דאזיקע סיבות זיינען אפילו געווען סימפאטיש, דאס איז געווען דער געיעג פון פרומקייט. די אשפיצינער האבן א ביסל געקוקט אויף כזשאנאווער ווי אויף פרומע פון א נידריגערער מדרגה און די כזשאנאווער האבן דאס זעלבע געטאן בנוגע די אשפיצינער. דאס איז געווען די שטאט, וואס האט פון דער מערב זייט געפירט כזשאנאוו צו דער גרויסער וייטער וועלט. דער וועג קיין ווין, ווו דער קייזער האט רעגירט, צו יענער גרויסער שטאט אין וועלכער דער ייד פון גאליציע האט געזוכט גערעכטיקייט ניט זעלטן, ווייל דארט איז געווען דער אויבערשטער געריכטס־האף פאר גאנץ עסטרייך. און אויך געזונדהייט, ווייל דארטן זיינען געווען די גרעסטע פראפעסארן. א בליץ־צוג איז געפארן פון קראקע קיין ווין. ער איז געפארן נאר זעקס שעה, בעת דער שנעל־צוג איז געפארן כמעט 10 שעה און דער געוויינלעכער פערזאנען־צוג 14 שעה. און איך דערמאן זיך אין דער „שלאכט," וועלכע די כזשאנאווער יידן האבן געמוזט פירן אין ווין, כדי דער בליץ־צוג זאל האלטן אויף דער קליינער סטאציע. איך האב דאס געפיל, אז פאר א קורצער צייט האבן זיי מנצח געווען. זיי האבן זיך געאיילט, די יידישע גבירים פון כזשאנאוו. דער שנעל־צוג איז געווען צו לאנגזאם פאר זיי, אבער בעצם איז עס געווען די קנאה שנאה מיט־משעביניא, ווייל דארט האט דער בליץ־צוג געהאלטן. אה, ווי אומפארגעסלעך זיינען געבליבן די לאנגע מחלוקות, די הייסע דיסקוסיעס אויפן רינגפלאץ, אין דעם פאליש פון דער שול איבער דעם דאזיקן וועלט־דערשיטערנדיקן פראבלעם צי דער בליץ־צוג זאל האלטן אין כזשאנאוו צי ניט, און ווי טיף און ערנסט איז געווען די אמביציע פון די גדולי־העיר, אז כזשאנאוו זאל זיין א גלייכבארעכטיקטער צענטער

אין דער אייראפעאישער קאמוניקאציע. ווי הארציק און סימ־פאטיש זיינען געווען די דאזיקע הערצאישע קאמפן ....

און כזשאנאוו איז באמת געווען ניט אבי א שטעטל. דאס לעבן האָט געקאכט. ווער עס האט ניט געזען דאס קאכעדיקע טעמפא פון א יריד דאנערשטיק אויפן רינגפלאץ דער האט ניט קיין אנונג פון אן עקאנאמישן אויפשוווּנג. אבער ניט נאר דאס. כזשאנאוו איז געשטאנען אין פארבינדונג מיט א־רומיקע שטעט און שטעטלעך. ווייט אריבער קיין דייטשלאנד ביז קאטאָוויץ און מיסלאָוויץ! און צייטווייז אפילו ביז צו ברעסלאו, געהאט באמת שטארקע פארבינדונגען .... אבער וועגן דעם וועט איר געפינען אין דעם דאזיקן בוך א סך מער. בקיצור עס איז געווען אן האנדלס־שטאט, וואס לאזט זיך זען.

אבער די בעסטע סחורה אין כזשאנאוו איז געווען די תורה. דאס איז געווען דער באליבטעסטער און שטארקסטער אביעקט פון אומזאץ: א פעסטונג פון פרומקייט, אמתדיקער פרומקייט. אזוי שטארק איז געווען די פרומקייט, אז אפילו ניט־פרומע האבן זיך געמוזט רעכענען מיט אט דער דאזיקער שטימונג פון דער שטאט. פון דעם איז ארויסגעוואקסן א היבש ביסל־צביעות! דער טיפסטער טאן פון דעם לעבן אין דער שטאט איז געווען פרומקייט, טיפער גלויבן, א טיפע פאר־בונדענקייט מיט אמונה, וואס האט באלויכטן דאס לעבן פון דער שטאט. די דאזיקע פרומקייט איז געווען די אמתדיקע סיבה פון קאמף פאר און קעגן ציוניזם, קעגן ציוויליזאציע. עס איז ניט געווען סתם אן אפגעשטאנענע רעאקציע מיט א פינסטע־רער פרומאישקייט, נאר עס איז געווען א פחד, אז די בארי־רונג פון דער יוגנט מיט גרויסע גויאישע געדאנקען, מיט א „פארגויאישטן", מיט גויאישער קולטור, ווי מען האט „זייער" קולטור גערופן, וועט דער יידישער בוים פאמעלעך ווערן אויסגעדארט און פארפוילן. עס איז געווען אן אמתדיקע ליבע צו יידישקייט אויף וועגן, וועלכע זיינען ניט געווען אונדזערע, אונדזערע דאס מיינט מען דעם יינגן ציוניסטישן דור, וואס האט

זיך געריסן צו נייע האריזאנטן, אן אמתדיקער פרייהייט, צו אן אויפלעבונג פון אונדזער פאלק. דער עלטערער דור האט אונדז גוט פארשטאנען. עס איז א פעלער צו זאגן, אז ער האט אונדז ניט פארשטאנען. אבער ווייל ער האט אונדז פאר־שטאנען, פארשטאנען מיט דער שארפער אינטעליגענץ פון דעם יידישן מוח, האט ער געקעמפט מיט א באוווּנדערנס ווירדיקער עקשנות׳דיקייט פאר דער פעסטונג פון דער פארגאנגענהייט. איך וואלט גיכער געזאגט, אז מיר ייִנגע האבן דעם עלטערן דור ניט פארשטאנען. מיט א פלאכקייט האבן מיר געזאגט, אז דער עלטערער דור איז הינטערשטעליק, פארשטייט אונדז ניט און צוימט אונדז איין אין א תפיסה פון ניט־טאלעראנץ. און אין דער אמתן איז דאס געווען מצד דעם אלטן דור די גרויסע ליבע צום יידישן פאלק, זיין גלויבן אין גאט און אין משיח און אין גאולה. אונדזערע וועגן זיינען זיך פונאנדער־געגאנגען, אבער דערזעלבער עמוד פון ליבע צום פאלק האט גע־פירט ביידע דורות. און היינט איז געבליבן גאר ניט פון די הונדערטער שטעט און שטעטלעך און פון מיין שטעטל כזשא־נאוו בתוכם. ווי א פערל איז ער געווען אין א קראנץ פון פערל. דער קראנץ איז ניט דא, די פערל זיינען אויך ניט דא.

אין אן אייגנארטיקער פאעזיע איז געווען איינגעהילט דאס לעבן פון אונדזערע שטעטלעך אין פוילן און צו זיי האט גע־הערט כזשאנאוו. די דאזיקע פאעזיע לאזט זיך ניט באשרייבן אין ווערטער. אפשר וואלט עס א צווייטער י. ל. פרץ גע־קענט טאן, אבער ניט מיין ארעמע פעדער. ווער קען אין ווערטער אויסדריקן די פאעזיע פון ברונעם אין מיטן פון רינג־פלאץ, ארום וועלכן יידישע מאמעס מיט קליינוואַרג שטייען און וואשן דאס יידישע געפעס, ווען עס איז געגאנגען צו פסח. ווער קען באשרייבן די שטראלנדיקע כמעט מיסטישע פייער־לעכקייט מיט וועלכער דאס איז געשען, אזוי ווי מען וואלט זיך געגרייט צו עפעס אן אומבאשרייבלעכן גליק.

איך וועל קיינמאל ניט פארגעסן די ווינטערנעכט, ווען איך

בין געגאנגען, א קינד כמעט, אין חדר צו מיין ערשטן רבין דעם אומפארגעסלעכן רויטן לאמען. אה איז דאס געווען א גוטער, הייליקער ייד! און יארן שפעטער דורך דעם גליטשיקן רינגפלאץ און עפעס דורך א הויף, א לאנגן און גרויסן, מיט קליינטשיקע שריט אין א טונקעלער נאכט צו דעם רבין פון א העכערער מדרגה צו וואלוואלע שאר, אה, איז דאס געווען א למדן, פיקח, און בייזער ייד! זאל ער מיר מוחל זיין! איך פיל נאך היינט דעם טעם פון די קניפ וואס ער האט מיר געגעבן. אבער איך וויל דא ביידע געדענקען מיט א טיפן יראת הכבוד. די פאעזיע פון דעם דאזיקן שפאציר אין חדר אריין ליגט מיר נאך היינט אין הארצן און ווען איך שרייב די דאזיקע שורות האלט איך ווידער אין דער האנט דאס קליינטשיקע לאמטערנדל מיט א ביסל אויל און א קנויט, וואס האט געקאפטשעט אויף מיין וועג און פאריאגט די פינסטערניש, כדי איך זאל קענען געפינען מיין וועג צום חדר. איך זע דיך איצט פאר מיינע אויגן מיין ליב שטעטל כושאנאוו ...

ניט איינמאל האב איך וועגן דיר געחלומט אין די שרעקלעכע טעג פון דעם לעצטן קריג. אין די סכנת׳דיקע שעה׳ן פון דעם באמבארדירטן לאנדאן האב איך געטראכט וועגן דיר, וועגן דער יוגנט אין דיינע מויערן. און ווען עס זיינען געקומען מינוטן, ווען עס האט זיך געדאכט, אז דאס זיינען די לעצטע, האב איך פלוצלינג דערזען ווייט, ווייט דעם בית־עולם הינטער דער שטאט ביי דעם ארעמען טייכל העכלא, וואס האט אונדז קינדער אויסגעוויזן צו זיין דער גרעסטער טייך און וואס זיינע טיפענישן האבן דערוועקט אין אונדז א גרויסן רעספעקט. אט דעם דאזיקן בית־עולם האב איך געזען פאר מיר ניט איינמאל, מיט די קברים פון אונדזערע רבנים, מיט די קוויטלעך, וואס זיינען געלעגן ארום זיי אין די הונדערטער. און מיטן אין דעם וואלד פון מצבות האב איך געזען פלוצלינג די צוויי שווארצע מארמארענע מצבות פון מיינע עלטערן, מיין קלוגע, גוטע מאמע און מיין הארציקן, אימפולסיוון טאטן מיט דעם קריסטאל ריינעם כאראקטער.. איך זע אייך איצט ווידער...

און היינט א סוף דער גאנצער פאעזיע! גאר ניט מער געׅ
בליבן. בעת דעם קריג האָב איך ניט איינמאל געשיקט פון לאנדאן בריוו צו מיין געבורטס־שטאט דורך באזונדערע שליחים. דורך פאראשוטיסטן, אבער נים קיין איינציק מאל האב איך באקומען אן ענטפער. און ווען דער קריג האט זיך פארענדיקט איז מיין ערשטער געדאנק און מיין ערשטער בריוו געווען גע־ ריכטעט צו דער שטאט פון מיין געבורט כזשאנאוו. און צו דער שטאט פון מיין שפעטערדיקן לעבן, קראקע. איך האב באקומע דאסמאל איין ענטפער, פון מאנדלבוים אין טשעביניא, און א פאטאגראפיע פון דעם קבר פון מיין טאטן, געשיקט פון א בן עיר. ארום דעם קבר צוויי יידן, איינער פון זיי זאגנדיק דעם אל מלא רחמים און צוויי ליכט אויף דער מצבה! א דאנק דיר ליבער ברידער, פאר דער דאזיקער מתנה...

און אט שרייב איך איצט די דאזיקע שורות טויזנטער מאל ווייט פון דיר, מיין שטעטל כזשאנאָוו! אין דעם גרעסטן יידישן קיבוץ אין דער גארער וועלט, אין דער שטאט, אין וועלכער עס לעבן מער ווי צוויי דריטל פון דער צאל פון יידן ווי אין גאנץ פוילן פאר דעם קריג. אין דער שטאט, ווו עס לעבט דער פינפטער טייל פון אונדזער גאנץ פאלק, אין דער שטאט, ווו עס שפינט זיך א זאפטיק, הערלעך, ברויזעדיק יידיש לעבן. אין דער שטאט פון וועלכער עס קוואלט ווידער ארויס א המשך, א שטראם פון אומצערשטערבארער אייביקייט פון אונדזער פאלק. דארט, ווייט פון דא, אין אייראפע, זיינען מיליאנען פון אונדז געשטארבן, אויסגעקוילעט דורך א מערדער פאלק און זיינע מיטהעלפער, דורך חיות, וואס האבן געפרע־ דיקט און פרעדיקן פאר דער גאנצער וועלט, אז זיי רעפרע־ זענטירן די העכערע מאראל. און דא איז געוואקסן א ניי יידיש לעבן. און אזוי איז עס געווען טויזנטער יארן. אונטערגאנג, און אויפגאנג און דאן ווידער אונטערגאנג און ווידער אויפגאנג און געבליבן איז־אייביקייט.

מיין שטעטל כזשאנאוו, דו ביסט אוועק, דו וועסט דיך קיינ־ מאל ניט מער אומקערן צום יידישן לעבן. מיר ווען

דיך אבער ניט פארגעסן! דו לייכסט אין אונדזער נשמה ווי ליבע...

און אט וועט די דאזיקע מצבה בלייבן אן אנדענק פאר דיר. דיין קרבן איז ניט געווען אומזיסט! דו ביסט א טייל פון דעם אומבאשרייבלעכן מאסן־קרבן פון פיין און אומגליק, וועלכן אונדזער פאלק האט געבראכט אויפן מזבח פון דער מענטשהייט, אין קאמף קעגן די כוחות פון פינסטערניש, כדי מעגלעך צו מאכן דעם זונען־אויפגאנג פון א נייער פרייד אין אונדזער הערלעכער, אומבאשרייבלעך גרויסער געשיכטע פון טויזנטער יארן־דער־באנייטער געבורט פון מדינת ישראל.

אט דא אין דער גרויסער יידישער שטאט ניו־יארק שטרעק איך אויס מיין האנט צו דיר, צו דעם אויסגעלעשטן ליכט פון מיין געבורטס שטאט.

זאל זיין געבענטשט דיין אנדענק.

און איר רעשטלעך פון מיינע בני עיר, צערזייט און צעש־פרייט איבער דער גאנצער וועלט, דא אין ניו־יארק, און אין כמעט אלע לענדער פון אמעריקע און פון דער וועלט און דארט אין אונדזער מדינת ישראל, ווו איך האב אייך קוים מיט א פאר וואכן צוריק געזען. איר אלע וועט די דאזיקע מצבה באערן מיט אייער ליבע.

נאך א תקופה פון שרעקלעכן אומגליק מארשירן מיר ווייטער צו א זוניקער צוקונפט.

שרעקלעך, שרעקלעך, אומבאשרייבלעך שרעקלעך איז גע־ווען דער קרבן פון אונדזער פאלק, אבער מיר גייען דעם וועג צו א בעסערער צוקונפט. און דאס איז דער איינציקער טרייסט, דער גרויסער טרייסט, ווען איך געדענק וועגן דעם אומקום פון מיין געבורטס־שטאט און וועגן דעם אומקום פון הונדערטער און טויזנטער שוועסטער־שטעט און שטעטלעך, וואס זיינען אומגעקומען צוזאמען מיט דיר, מיין אומפארגעסלעכע גע־בורטס־שטאט.

יידישע קינדער, נעמט אריין אין אייער האנט די ביכער פון איבער דריי טויזנט יאר פון שאפן פון אונדזער פאלק! טרינקט

פון זייער מקור און זאפּט זיך אן מיט ליבע צו אונדזער פאָלק, מיט כּוח צו ליידן, טיפן גלויבן און אויסדויער. זאָלן זיי אייך, דעם דור, וואָס קומט אַרומנעמען מיט ליבע דאָס גאַנצע יידישע פאָלק גליקלעך מאַכן אין דער מדינת ישׂראל! — דאַן וועט דער חורבן פון אונדזער קאַטאַסטראָפע בלייבן ניט מער ווי אַ גרויסער עפּיזאָד אויף דעם שליאַך פון דער אייביקייט פון אונדזער פאָלק.

# אנשטאט אן הקדמה

דאס דאזיקע בוך דארף ניט פארשטאנען און אויפגענומען ווערן ווי אן אויסשליסלעך געשיכטע־בוך. איך האב ניט געהאט בדעה און בין אויך ניט געווען ביכולת זיך צו גריבלען אין טריקענער געשיכטע. אפילו, ווען איך זאל עס װעלן טון, האבן מיר דערצו אויסגעפעלט די נויטיקע גרונטלאגן, ווי שטאטישע און פריוואטע ארכיוו־מאטעריאלן פנקסים פון קהילה, חברה קדישא א. א. וו.

איך האב זיך באשרענקט צו שילדערן אין אלגעמיינע שטריכן א געוועזענע ריין־יידישע שטאט אין פאר מלחמה׳דיקן פוילן, אונטערשטרייכנדיק די ספעציפישע געשיכטלעכע מאמענטן און אייגנארטיקייט מיט וועלכע כזשאנאוו האט זיך אויסגעצייכנט פון אנדערע יידישע שטעטלעך.

איך גיב זיך אפ א קלארן דין־וחשבון, אז דאס בוך וועט אפשר ניט שטיין אויפן געהעריקן ליטעראריש ניווא. איך גלויב, אז עס איז זיכער דא פיל צו קריטיקירן. זאלן מיר, אבער מיינע ליבע בני עיר מוחל זיין די דאזיקע דרייסטקייט. איך האב אויף זיך גע־נומען די דאזיקע שווערע אויפגאבע, נאכגייענדיק דעם געדאנק פון אונדזערע חז״ל, וועלכע האבן געזאגט:

במקום שאין אנשים השתדל להיות איש...

צו די דאזיקע אויפגאבע האט זיך מיר איינגעגעבן — דאס וועלן אונדזערע לעבנגעבליבענע שרידי כזשאנאוו פון עלטערן און יונגערן דור, אליין דארפן באאורטיילן.

איך האב געהאט די בעסטע כונות, אוועקגעבן דער דאזיקער ארבעט מיינע בעסטע כוחות. און זאלן די מיט ליבע און פיעטעט אנגעשריבענע בלעטער פונעם בוך, דינען פאר אן אייביקן קדיש פאר דער חרוב געווארענער שטאט און פאר די אריבער 10.000 פארשניטענע יידישע לעבנס.

מ. ב.

# אלגעמיינער איבערבליק

די געגנויע צייט, ווען כזשאנאוו איז אנטשטאנען, איז אונדז לײדער ניט באקאנט. לויט אלע וואַרשײנלעכקייטן איז אנצונע־מען, אז די שטאָט איז אנשטאנען און זיך אנגעהויבן צו אנט־וויקלען ערשט אנפאַנג פון 18־טן יארהונדערט.

אין די ערשטע יארן פון איר אנטשטייאונג האט כזשאנאוו אדמיניסטראטיוו געהערט צו דער קרייזשטאט עלקיש, פון קאנ־גרעס פוילן, אן ערך 25 קילמ. פון כזשאנאוו. אין אן אלטן יידישן ספר פון יענער צייט געפינט זיך אן אנדייטונג, רעדנדיק וועגן דער שטאט „כזשאנאוו הסמוך לקושצעליץ". פון דעם דרינגט ארויס, אז דאס באקאנטע נאענטע דאָרף, דאָס זיץ־ארט פון דער פוילישער אריסטאקראטישער גראפן־פאַמיליע וואדזשיצקי — האט א גרעסערע ראָל געשפילט דעמאלט, ווי די שפעטערע באדייט דע קרייז־שטאט.

א באמערקנסווערטע שטעלונג אלס יידישע שטאט האט כזשאנאוו ערשט באקומען נאכן אויפנעמען איר ערשטן רב ר״שלמה׳לע ז״ל.

געאגראפיש ליגט כזשאנאוו אין דעם־דרום מערב ווינקל פון פוילן ניט ווייט פון לינקן ברעג פונעם קליינעם טייכל „העכלא", וואס פאלט אריין אין דער ווייסל.

פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה האט זיך שטארק גע־לאזט פילן די נאענטקייט פון דעם אזוי־גערופענעם „דרייקייזערעק" ד. ה. די גרענעץ צווישן אמאליקן רוסלאנד, דייטשלאנד, און עסטרייך, אויף דער עקאנאמישער סטרוקטור פון די כזשא־נאווער יידן.

די שטאט איז געלעגן אויף דעם הויפטשלאך, וואס פארבינדט

דעם מזרח און מערב פון אייראפע. דא איז אדורכגעלאפן די באן־ליניע טשערנאוויץ — לעמבערג — ווין און האט פארבונדן גאליציע מיט דייטשלאנד און פעטערבורג מיט רוים. פארשטייט זיך, אז די השפעות פון די מזרחדיקע און מערבדיקע קולטורן, האבן אין אַ געוויסער מאס באאיינפלוסט די כזשאנאווער יידן הן אין גייסטיקן און הן אין עקאנאמישן זין.

כזשאנאוו וואלט צוליב איר גינסטיקער געאגראפישער לאגע זיך געקענט פיל ברייטער עקאנאמיש אויסבויען, ווען ניט דער בטלנות׳דיקער צוגאנג פון אירע שטאט־פארזארגער אין די פריערדיקע דורות.

דער אייזנבאן־קניפ אין דעם נאענטן טשעבין, האט לויט דעם פלאן געדארפט אויסגעבויט ווערן אין כזשאנאוו און אויך אין צענטער פון שטאט. האבן אבער די דעמאלטדיקע דעה־זאָגערס פראטעסטירט דאקעגן, באשר, די לאקאמאטיוון מיט זייער געפייפעריי וועלן שטערן אין דער נאכט זייער שלאָף... אויף אזא מין אופן האבן זיי אפגעווארפן דעם פראיעקט פון א שטענדיקן עסטרייכישן מיליטער־גארניזאן, מיט דער פראקטישער טענה, אז עס וועט זיין שווער צוליב די זעלנער, צו האלטן א גויאיש משרת אין שטוב...

אין די 70־קער יארן פון פאריקן יארהונדערט האט אין כזשאנאוו געבושעוועט א שרפה. דאס איז געווען אין דער זעלבער צייט, ווען דער עסטרייכישער קרוינפרינץ רודאלף האט געווײַלט אין קראקע. די שרפה האט אנגעמאכט געוואלדיקע היזקות. פיל יידישע פאמיליעס זיינען צוליב פאטריאטישע סיבות געפארן קיין קראקע, בכדי מיט די „אייגענע" אויגן צו זען דעם זון פונעם קייסער, פארשליסנדיק די הייזער און מיטנעמענדיק די שליסלען צו זיך. די דאזיקע „גרויסע שרפה" איז אריין אין דער כזשאנאווער יידישער געשיכטע אלס א געוויסע טערמינאָלאגיע, וואס האט געדינט — אנשטאט א לוח, ווי למשל, פלוני בן פלוני האט חתונה געהאט איין יאר פאר דער שרפה, אדער דער אנדערער, איז געבוירן געווארן צוויי יאר נאך דער שרפה א. א. וו.

ביז דעם יאר 1918 האט כזשאנאוו געהערט, אזוי ווי דאס איבריקע גאליציע צו דער עסטרייכישער מלוכה. די יידן האבן דארט גענאסן פון דער פולשטענדיקער בירגערלעכער גלייכבא־רעכטיקונג צוזאמען מיט אלע פעלקער פון דער געוועזענער מאנארכיע.

אין די אלע יארן, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, האבן כזשאנאווער יידן געלעבט בשלום ובשלוה און געהאט פרנסה. פלייס, ארבעטזאמקייט, אונטערנעמונגס־גייסט און סוחרישע פע־איקייטן, האבן זיי פארזיכערט פעסטע און סאלידע עקאנאמישע פאזיציעס אין שטאט.

די באציאונגען צווישן יידן און פאלאקן זיינען אין משך פון די יארן געווען דערטרעגלעכע. די כזשאנאווער קראניק האט ניט געהאט צו פארצייכנען קיין ספעציעלע אנטי־סעמיטישע צווישנפאלן. ערשט אין יאר 1910 האט דער פוילישער אנטיסע־מיטיזם אנגעפאנגען שטעלן די ערשטע טריט אין שטאט, מיטן אנקומען פון דעם אינטעליגענטן גלח און שונא־ישראל דר. קא־מינסקי, וועלכער האט דער ערשטער אין כזשאנאוו געפרעדיקט אפן דעם עקאנאמישן קאמף קעגן יידן.

א באדייטנדער טייל פון דער כזשאנאווער טעריטאריע, האט געהערט צו אמאליקע יידן און שפעטערע משומדים, צווישן אנדערע צו דער פאמיליע לעווענפעלד. עס איז כדאי, ביי דער דאזיקער פאמיליע זיך אפצושטעלן, ווייל זיי האבן אויך געהאט א געוויסן חלק אין דער אנטוויקלונג פון דער שטאט און צולעצט, אויך ניט ווייניק בייגעשטייערט ביים הויבן דעם קולטורעלן ניווא פון דער יידישער יוגנט.

פון דעם שטאמפאטער פון די לעווענפעלדס, איז אין אל־געמיין ווייניק וואס באקאנט. מען האט נאר געוווסט, אז זייענ־דיק א ייד, פלעגט ער זיך האלטן ביי דער מצוה — פון קויפן אן אתרוג אויף סוכות און בענטשן איבער אים...

די משפחה לעווענפעלד האט געוווינט אין אן אפגעגרעניצטן מיט א גארטן שלאס, אין סאמע צענטער פון שטאט. נאך פאר זייער שמד האבן זיי זיך געהאלטן אפגעגרענצט פון יידן און

דאס איז אויך די סיבה פארוואס כזשאנאווער יידן, האבן אזוי ווייניק געוווסט וועגן דעם לעבן אין הויף און די סיבה פון זייער שמד.

נאכדעם ווי די לעווענפעלדס זיינען איבערגעגאנגען צום קריסטלעכן גלויבן (מיטן אויסנאם פון עלטסטן זון דר. ווילהעלם לעווענפעלד, וועלכער איז שוין געווען א דערוואקסענער. ער האט געוווינט אין בערלין און זוכה געווען צו גיין אלס ייד אין די היטלעריסטישע קרעמאטאריעס) האבן זיי זיך געפירט ווי טרייע און פרומע קאטאליקן און מען האט צומאל ביי די קינדער לעווענפעלד (אדאלף, בראניע און הענריק) ניט באמערקט די ספעציפישע שנאת ישראל, וואס עס פלעגן געוויינטלעך ארויסווייזן משומדים. נאך א גרעסער ווונדער איז געווען, וואס זייער מוטער, וועלכע דאט די גאנצע משפחה צוגעפירט צום שמד, האט זיך אלס א קאטוילישע ארויסגעוויזן פאר א גיפטיקע שונאת ישראל.

פאר אונדזער יידישער געשיכטע זיינען נאר וויכטיק געווען די צוויי ברידער, אדאלף און הענריק. אדאלף א באקאנטער טיפ אין שטאט, איז געווען א מענטש פון א הויכער אינטעליגענץ. פון בארוף איז ער געווען א מיטל־שול פראפעסאר פאר דייטשער שפראך און ליטעראטור. ער האט איבערזעצט דעם ספר איוב אויף פויליש און זיך בכלל פאראינטערעסירט מיט ריין יידישע פראבלעמען, פארשטייט זיך אין אקאדעמישן זין. לויט אונדזער השערה, קען מען אננעמען, אז ער האט דאס אינספירירט זיין ברודער הענריק צו א ברייטער אונטערשטיצונג פאר יידישע קולטור אינסטיטוציעס.

הענריק, אדער ווי יידן האבן אים אין אלגעמיין גערופן הייניץ האט איבערגענומען דעם גרעסטן טייל ירושה פון זיינע עלטערן, געוווינט אין פאריז אלס באהעמע אין טעאטער־קרייזן און זיין אמביציע איז געווען צו זען כזשאנאוו, וואס שענער און בעסער. צו דעם צוועק האט ער אפגעגעבן פאר דער שטאט די פלאנטן, וועלכע האבן זיך טאקע גערופן אויף זיין נאמען „אלעא הענריקא" און וואס האט געדינט פאר דער שטאט ווי

א שיין שפאציר ארט און דערהאלונג.

הייניץ האט זיך אויך ארומגעטראגן מיט א פראיעקט אויפ־צושטעלן אין כזשאנאוו א בית־עם, א פאלקס־הויז פאר אלע יידישע פארטייען פון רעכטס ביז לינקס. מיר האבן לײדער ניט די מעגלעכקייט פעסטצושטעלן, וועמענס שולד דאס איז געווען, וואס די דאזיקע שיינע אידעע איז ניט צושטאנד געקומען. גע־הייסן האט עס דעמאלט, אז די יידישע פארטייען צווישן זיך, האבן ניט געקענט, אדער ניט געוואלט זיך אייניקן אויף דעם פראיעקט צוליב ענג־פארטייאישע און אמביציעזע חלוקי דעות.

דערפאר איז אין א קורצער צייט שפעטער רעאליזירט גע־ווארן פון דעם זעלבן הייניץ, דאס שאפן פון אן איבערפארטייאי־שער פאלקס־ביבליאטעק מיט א רייכן אינווענטאר פון העברע־אישע, יידישע, פוילישע און דייטשע ביכער. די פאלקס־ביבליא־טעק איז אנטשטאנען א דאנק דער גרויסער געלט־סומע פון 5.000 קראנען, (אין דער דעמאלטדיקער צייט א געוואלדיקער בייטראג) וואס הייניץ האט געשענקט אין רשות פאר די נאציאנאלע יידישע פארטייען. די דערמאנטע אינסטיטוציע האט אין משך פון 4 צענדלינג יארן געדינט אלס קוואל פון קולטור און וויסן ביי דער כזשאנאווער יידישער יוגנט.

די ערשטע וועלט־מלחמה 1914 — 1918 הגם אין פארגלייך צו דער לעצטער, איז געווען א קינדער־שפיל, האט דאך איבערגעלאזט קענטיקע שפורן אויף די כזשאנאווער יידן. א טייל איז געפאלן אויף די פראנטן, א טייל איז געבליבן קאלי־קעס אויפן גאנצן לעבן. פיל האבן אין שיכות מיט דער מלחמה פארלוירן זייער גאנץ פארמעגן און ווידער אנדערע זיינען גע־ווארן גבירים. עס איז אויך אין א געוויסער מאס איינגעטרעטן א שנוי ערכין אין גייסטיקן זין, לויזער געווארן די בלינדע פרומ־קייט מיט וועלכער כזשאנאוו פלעגט זיך פריער אויסצייכנען. די קאנסערוואטיווע איינשטעלונג צו דער וועלט אין מענטשן האט אפ־געטרעטן פאר מער ליבעראלע און פרייערע באגריפן. דאס איז געווען א דאנק דעם, וואס בשעת די רוסן האבן זיך ענדע 1914 דערנענטערט צו דער שטאט, האט א גרויסער טייל פון דער

יידישער באפעלקערונג פארלאזט די שטאט און זיך געלאזט אין די גרעסערע שטעט פון דער מאנארכיע ווי ווין, פראג, ברין א. א. וו

די בארירונג כאטש אויף א קורצער צייט מיט די דער־מאלטדיקע ציוויליזאציע צענטערן, האט אויף זיי געווירקט אין פיל הינזיכטן. צוריקומענדיק, האט מען זיך שוין מער געפילט מיט דער וועלט פארבונדן. די קורצע מאדערנע מלבושים האבן ביי פיל יונגעלייט פארדרענקט די טראדיציאנעלע הלבשה ווי שטריימל, קאלפאק און זיידענע יופיצע א זאך, וואס מען האט זיך דאס פריער ניט געקענט פארשטעלן אין חסידישע היימען. אויך אין דער דערציאונג פון דער יוגנט איז איינגעטרעטן א געוויסע ענדערונג, מען האט זיך גענומען צו פראקטישע און נוצלעכע פאך־אויסבילדונג, אנשטאט קרעמעריי און ירידים פארן, וואס האבן זיך אין די קריגס־יארן ארויסגעוויזן פאר ניט זיכערע פרנסות.

מיטן צעפאל פון עסטרייך און אנטשטיין פון דער פוילי־שער מלוכה האט זיך פאר דעם יידישן כזשאנאוו אויך אנגע־הויבן די „טרויעריקע געשיכטע" ניט בלויז דערפאר, ווייל עס איז געווען אין כזשאנאוו סתם א פאגראם, נאר מיט דעם, וואס כזשאנאוו האט „זוכה" געווען צום ערשטן פאגראם אין באפרייטן פוילן בכלל.

סוף אקטאבער 1918 יאר האבן כזשאנאווער יידן מאחורי הפרגוד זיך דערוווסט, אז עס גרייט זיך אן אקציע און אזוי ווי די יידישע נאציאנאלע יוגנט אין קראקע האט פארמירט פון צווישן אירע רייען א זעלבסט־שוץ, האט מען זי אלארמירט צו שיקן א טייל פון זייער אפטיילונג קיין כזשאנאוו צו פארטיידיקן יידיש לעבן און פארמעגן. קראקע האט פאקטיש געשיקט א דרוזשינע פון 10 מאן מיט געווער, — וואס די כזשאנאווער יוגנט האט ליידער ניט פארמאגט — און תיכף אבער, נאך זייער אנ־קומען אין כזשאנאוו זיינען זיי פון דער נייער פוילישער מאכט מיט זלזולים אנטוואפנט געווארן.

דער דאזיקער פאגראם, אדער ווי די פאלאקן האבן דאס גערופן „ראבונעק" איז פון דער פוילישער מאכט צוגעגרייט גע־ווארן מיט אלע פיטשעווקעס ווי פון אלטע געניטע בעלי מלאכות.

עס האבן זיך אין דעם פאגראם באטייליקט כמעט אלע שיכטן פון דער פוילישער באפעלקערונג, פון דעם העכסטן ריכטער (פרעזעס פון געריכט וויערזשביצקי) ביז דעם נידריקסטן פאלי־ציאנט. די פוילישע אינטעליגענץ צוזאמען מיט דער אונטערוועלט. דאס טרויעריקסטע דערביי איז געווען, וואס דעם 5 נאָוועמבער 1918 האבן זיך די ארבעטער ארגאניזירט אין דער פוילישער סאציאליסטישער פארטיי (פ.פ.ס.) אפיציעל באטייליקט אין דער דאזיקער געמיינער וואקכאנאליע און אירע פירער מיטן שפע־טערדיקן סיים דעפוטאט זשולאווסקי האבן אין דעם ענין גע־שפילט א שענדלעכע און פארעטערישע ראָל.

דער פאגראם האט אנגעהאלטן פון מיטוואך דעם 5־טן נאוועמבער ביז איינשליסלעך דאנערשטיק דעם 6־טן נאוועמבער. פון די ארומיקע דערפער זיינען אנגעקומען המונים מיט פורן און ווער עס האט אזעלכעס ניט געהאט — מיט לערע זעק אין הענט. מען האט אויפגעבראכן אלע געוועלבער און די סחורות ארויסגעשלעפט אין גאס. די פאליציי האט אכטונג געגעבן, אז יידן זאלן זיך ניט געפונען אין גאס און ניט טארן ארויסקוקן דורך די פענסטער. דער סך הכל איז געווען א טרויעריקער. 2 הרוגים (הערשל ווינער און א יינג יינגל גרובנער) און עטלעכע פארוואונדעטע, וועלכע זיינען געבליבן בעלי מומים אויף זייער גאנץ לעבן (ווי פרוי ראזענוואסער און ר׳ חיים שלמה ראזענ־פעלד ה. י. ד. אלע געוועלבער זיינען טאטאל אויסגערויבט גע־ווארן. איבער נאכט זיינען 70 פראצ. פון כזשאנאווע יידן גע־בליבן ארעמע לייט. דער עקאנאמישער חורבן האט ניט אזוי פיל וויטאק פארשאפט, ווי די מאראלישע יסורים פון די ביז איצטיקע פרייע בירגער, וועלכע זיינען געווארן איבער נאַכט רעכטלאז...

למען האמת זאל נאך דא פעסט־געשטעלט ווערן, אז א טייל כזשאנאווער יידן און בפרט די יוגנט, האט מיט כבוד זיך פארטיידיקט קעגן די באנדעס. אויך פון צווייטן „צד״ האבן זיך געפונען 2 הרוגים און עטלעכע שווער פארוואונדעטע.

די ערשטע צייט נאכן פאגראם האבן זיך די כזשאנאווער

יידן געפונען אונטער א שטארקער מאראלישער דעפרעסיע. מען האט פשוט ניט מער געגלויבט אין א בעסערן מארגן און מיט רעכט, זייער אינסטינקט האט זיי ניט אפגענארט. מיט א צייט שפעטער האט זיך ווידער אנגערוקט אן אנדערע צרה אין גע־שטאלט פון די „האלערטשיקעס", די פוילישע „באפרייאונגס־ארמיי", וועלכע דער שונא ישראל גענעראל האלער י"ש האט אין אויסלאנד צוזאמען געשטיקעוועט פון מענטשן — אפפאל. זייער ערשטער קאמף אנקומענדיק אין לאנד און אויך דער זיגרייכסטער — איז געווען אויפן שלאכט־פעלד קעגן יידישע בערד. זיי האבן ביי די ווערלאזע יידן געשניטן און געריסן די בערד צוזאמען מיט דער הויט; באגעגנדיק דאקעגן יידן אן א בארד, האבן זיי אים געשלאגן מכת רצח — פארוואס ער טראגט ניט קיין בארד ?...

דער פינאל פונעם דאזיקן פערמאנענטן „קאלטן" פאגראם פון די „האלערטשיקעס" איז בלי ספק געווען זייער איינברוך אין כזשאנאווער גרויסן בית המדרש, צערשלאגנדיק אלטע יידן און יונגע בחרים, וועלכע זיינען געזעסן איבער זייערע גמרות און געלערנט. נאכער זיי ארויסגעיאגט פון בית המדרשאון מיט גע־לעכטער און חוזק אריינגעפירט פערד אין אלטן מקום קדוש. עטלעכע וואכן האט דער חלול הקודש אנגעהאלטן אין בית המדרש, דינענדיק אלס א בהמות־שטאל אין באפרייטן פוילן.

מיט 15 יאר שפעטער אין יאר 1934 האבן פוילישע פא־שיסטישע כוליגאנעס נאך דעם טויט פון פילסודסקי ווידעראמאל דעביוטירט מיט א פאגראם, אבער דאס מאל ניט קעגן לעבע־דיקע. לכבוד דעם ערשטן מאי האבן זיי דעם כזשאנאווער בית עולם געשענדעט, ארויסרייסנדיק א גרעסערע צאל מצבות. דע־מאלט איז עס געווען נאך א זעלטענע דערשיינונג.

# באשעפטיגונג פון כושאנאווער יידן

די באשעפטיגונג פון כושאנאווער יידן לאזט זיך אנטיילן אין צוויי פעריאדן. דער ערשטער פעריאד דויערט ביזן ערשטן וועלט־קריג, ווען כושאנאוו האט נאך אנגעהערט צו עסטרייך און ממילא געהאט אן עקאנאמישע פארבונדנהייט מיטן מערב און דער צווייטער פעריאד הייבט זיך אן מיטן אנטשטיין פון דער פוילישער מלוכה. אין דער צייט האט זיך די ווירטשאפט געווענדעט מיטן פנים צום מזרח. דער ערשטער פעריאד איז שוין פאר אונדז אינטערעסאנטער, ווייל ער איז געווען מער א ריין יידישער. די עסטרייכישע רעגירונג האט די יידן ביים מסחר און אינדוסטרי ניט געלייגט קיין קלעצער צווישן די פיס, אזוי, אז די יידן האבן זיך געקענט פריי עקאנאמיש אנטוויקלן און דערגרייכן א געוויסן וווילשטאנד. א דאנק די רעזולטאטן, וואס כושאנאווער יידן האבן מיט זייער טיכטיקייט דערגרייכט אין דער צייט ביז דעם ערשטן וועלט־קריג, האבן זיי געקענט דערהאלטן זייערע פאזיציעס אין זעלבסטשטענדיקן פוילן, קענענדיק אויסשטיין א שטארקן דרוק מצד דער פוילישער רעגירונג און געזעלשאפט. ווי אין א סך יידישע שטעט און שטעטלעך אזוי אויך אין כושאנאוו זיינען די יידישע פרנסה־קוואלן געווען גאנץ באגרענעצטע. מיר האבן ניט בדעה און זיינען אויך ניט ביכולת אין די ראמען פון בוך צו געבן א באריכט וועגן אלע צווייגן פון דער יידישער ווירטשאפט באזונדער. מיר ווילן מער אנווייזן אויף דעם ספעציפישן כאראקטער פון אונדזער שטאט און צו דעם זאלן דינען די ווייטערדיקע קאפיטלען.

# פרייסישע סוחרים

דאס, וואס כזשאנאוו איז געווען אין א געוויסער מאס בעסער סיטואירט מיט פרנסה און האט אויך געהאט א געוויסן מאטעריעלן פארצוג לגבי אנדערע גאליצישע שטעטלעך, איז געווען אין א גרויסער מאס צו פארדאנקען די „פרייסישע סוחרים".

ביז דעם יאר 1914 אין א שטארקערער מאס און שפעטער ביי פוילן אין א שוואכערער פלעגט אַ גרויסער טייל פון כזשאנאווער יידן, וואס האט ניט געהאט אין שטאט קיין אייגענע געשעפטן, אדער ניט באזיצט קיין פאך־אויסבילדונג פון וואס זיך און די פאמיליע מפרנס צו זיין, — אריבערפארן קיין אויבערשלעזיען, אין דעם דעמאלטדיקן פרייסישן געביט, זוכן פרנסה.

די יידן זיינען ארויסגעפארן זונטיק און צוריקגעקומען פרייטיק. דער רוב פון זיי זיינען געווען אויבסט־הענדלער. מיט דער צייט האבן זיי זיך אין דעם אויבסט־געשעפט אזוי איינגעלעבט, אז זיי זיינען געווארן אין דער דאזיקער בראנזשע די דעצידירנדיקע פאקטארן אין גאנצן אויבערשלעזישן געביט און אפילו ווייטער ביז ברעסלוי. א צווייטער טייל האט זיך ווידער פארנומען מיט הויזירן ד. ה. מיט פעדלעריי, פארקויפנדיק די ארבעטער און אנגעשטעלטע פארשידענע מאנופאקטור־סחורות און פערטיקע מלבושים אויף אויסצאלן אין ראטעס.

די דאזיקע יידן פלעגן מיט דער דייטשער באפעלקערונג לעבן אין די בעסטע באציאונגען. מיט זייער ערלעכקייט און פלייס האבן זיי זיך דערוואָרבן דעם צוטרוי פון דער דייטשער און אויך פון דער פוילישער באפעלקערונג. טראצדעם, וואס עס האט נאך געווירקט דאס געזעץ אין פרייסן פון ביס־

מארק׳ס צייטן, לויט וועלכן גאליצישע בירגער געמיינט יידן, טארן ניט אן א דערלויבניש פון דער מאכט איבערנעכטיקן אויף א פרייסישן געביט, האבן זיי זיך מיט שוחד ביי דער פאליציי, אדער מיט א גוט ווארט אן עצה געגעבן. יעדנפאל, האט זיך די מאכט גערעכנט מיט דעם פאקט, אז די יידן זיינען ביי דער באפעלקערונג באליבט און פון עקאנאמישן שטאנדפונקט נוצלעך. די מאכט האט ניט געקענט עפענטלעך איינרייסן מיט די יידן. אן עלטערער כזשאנאווער ייד ר״ ליפא הירשבערג דערציילט:

„אין מיינע צייטן, ד. ה. אין די יארן ביז 1914 זיינען כזשאנאווער יידן געפארן האנדלען קיין פרייסן. מען האט זיי בדרך כלל גערופן „פרוסאקעס״. זיי זיינען ארויסגעפארן זונטיק פארנאכט און זיך צוריקגעקערט פרייטיק פאר ליכט צינדן. ריכ־טיק האט מען ניט געטאר ט נעכטיקן אין פרייסן, נור מע; האט עס געמאכט בגנבה. האט מען געפאקט דעם פארברעכער, האט ער לפנים באצאלט 2 מא־ק שט־אף. הויפט־סוחרים זיינען גע־ווען די משפחות „שמעקערס״, „פראלאכס״, „סאלטים״ און אנ־דערע. געוויינטלעך זי־נען זיי געקומען פרייטיק פארנאכט. זיי האבן אפגעדינגען ביי דער באן א ספעציעלן צוג, וואס מען האט גערופן דער שבת־צוג, פון קאטאוויץ ביז כזשאנאוו. דעם צוג האבן יידן געדינגען פאר זומער און ווינטער. דער צוג איז תמיד אנגעקומען א שעה פאר ליכט־בענטשן. איך געדענק, ווען דער צוג פלעגט אנקומען קיין כזשאנאוו איז געווען ששון ושמחה ליהודים. די געשרייען „דער פרייסישער צוג איז שוין דא״ האט פארהילכט די גאנצע שטאט און יעדער האט זיך געפרייט.

אנקוקנדיק אט די יידן אין די אויבערשלעזישע שטעט ווי קאטאוויץ, מיסלאוויץ, בויטן און הינדענבורג אין זייער טאג־טעגלעכן הילוך, האט דאס הארץ געשניטן פאר ווייטאק, צוזעהענדיק זייער הארט און מי־פול לעבן אין קאמף פאר פרנסה. זיי האבן געוווינט אין טונקעלע קעלער־שטובלעך און אין ענגע בוידעם קאמערן. דער זעלבער ייד, וועלכער האט אויף די גאסן פון פרייסן אויסגעקוקט ווי אן ארעמער ציגיינער האט

אין כזשאַנאוו אין שבת און אין יום־טוב אויסגעזען ווי אן אריסטאק־אטישער רב, אויסגעפוצט אין די זויבערע מלבושים. האבנדיק פרנסה ברוח האבן זיך די פרייסישע סוחרים אין כזשאנאוו געפירט יידישלעך־נגידיש, געגעבן צדקה מיט א ברייטער האנט, זיך געלאזט קאסטן פאר יידישע אינסטיטוציעס, געשטיצט תלמידי חכמים א. א. וו.

בכלל האט כזשאנאוו א דאנק דער שפע פון האנדלן מיט פרייסן געשפילט א ראָל אלס פארמעגלעכע שטאט און עס איז אויך פארשטענדלעך די צוציאונגס־קראפט, וואס כזשאנאוו האט פארמאגט פאר פרעמדע יידן. כזשאנאוו האט צו דער דאזיקער צייט געהאט א שם אויף דער ווייטער פראווינץ אלס „קליין אמעריקע".



דער פּרייסישער סותר ר׳ שאול לאנדא ז״ל אין שבת׳דיקער הלבשה

# שניידער

די שניידער אינדוסטרי, האט זיך אין כזשאנאוו אנגעהויבן אנטוויקלען אין סאמע אנהויב פון 20־טן יארהונדערט. מיר מיי־נען, ניט די יידישע שניידער, וועלכע האבן געארבעט ביי א חלב׳ן ליכטל און געזאגט בשעת דער ארבעט גאנצע קאפיטלעך תהלים, אדער בעת מעשה געזונגען די ימים נוראים׳דיקע תפי־לות ווי א שטייגער ר׳ מרדכי „דוידעלע“, אדער ר׳ יצחק אַהרן. די דאזיקע יידישע שניידער, האבן זיך געפונען לרוב אויך אין אנדערע גאליצישע און פוילישע שטעטלעך בכל תפוצות ישראל. מיר מיינען דא דאס שניידער פאך אין די באדינגונגען פון דער מאדערנער אינדוסטרי. אין כזשאנאוו האבן זיך אורשפרינגלעך אנ־געהויבן צו אנטוויקלען די אזוי גערופענע „וויכארעס“. זיי האבן כמעט אלע געוווינט אין א באזונדער געסל, וואס מען האט עס גערופן וויכארסקע גאס. דאס זיינען געווען יידן, וואס פלעגן צופארן אין די גרויסע שטעט ווי ווין, פראג וכדומה און צוזא־מענקויפן פארשידענע אפגעלייגטע מלבושים, עס א היים גע־בראכט, געוואשן, געפארבט און איבערגעניצעוועט. מיט דער צייט, איינזעענדיק, אז דער עסק לוינט זיך האבן זיי אנגעפאנ־גען אויסארבעטן מלבושים פון שטיק.

אויסער פאר דער ארטיקער באפעלקערונג האט מען איינציקווייז אנגעהויבן עקספארטירן פארטיקע מלבושים און בי־ליקע וועש אין אינדוסטרי געביט פון סעריש־אויסטרוי און קארווין.

עס האבן זיך געגרינדעט ווארשטאטן, וועלכע ניט באזיצנ־דיק קיין אייגן קאפיטאל האבן זיי זיך באשרענקט צו ארבעטן פאר אונטערנעמער, וועלכע פלעגן די פארטיקע סחורות פאר־

קויפן אין דעם אויבן דערמאנטן אינדוסטרי געביט.

די שניידער, די מייסטערס אַזוי ווי די געזעלן זיינען ניט געווען ווי געהעריק פּראָפעסיאָנעל אָרגאַניזירט. דאס האבן אויסגענוצט די סוחרים און עקספּאָרטערן. די שלעכטע מאטעריעלע לאגע פון די שניידער האט פאראורזאכט די אויסוואנדערונג פון א טייל שניידער, וועלכע האבן געזוכט בעסערע באדינגונגען פאר זייער וויטערדיקן קיום.

דער ערשטער וועג פאר די אויסגעוואנדערטע שניידער איז געווען קיין בערלין.

די ערשטע פיאנערן, אנקומענדיק קיין בערלין האבן זיך מיט זייער פלייסיקייט, פאך־קענטניש און 12 שעה'דיקן אר־בעטס טאג באלד דערשלאגן צו א בעסערן מעמד און האבן אפן געמאכט דעם וועג פאר וויטערע כזשאנאווער שניידער אהין צו קומען.

מיט זייער אנקומען אין בערלין האבן די כזשאנאווער שניידער געשאפן א באזע פאר דער דייטשער באקליידונגס־אינדוסטרי, וועלכע האט א דאנק די כזשאנאווער שניידער אנ־געהויבן אנשפארן מיט איר עקספּאָרט אויך קיין ענגלאנד, אַינדיען און דרום אמעריקאנישע שטאטן. עס איז כדאי צו באמערקן, אז אין בערלינער פאליציי־פרעזידיום האט מען שוין געוווסט, אז א א טיכטיקער שניידער שטאמט זיכער פון כזשאנאוו. די כזשא־נאווער שניידער אין בערלין האבן ניט זייער היימשטאט פאר־געסן. זיי האבן נאך מיט 30 יאר צוריק געשאפן אין בערלין א כזשאנאווער פאראיין, וואס האט פיל אויפגעטון פאר כזשאנא־ווער יידן, וועלכע פלעגן אהין אנקומען און אויך געזאמלט געלטער פאר די אין כזשאנאוו עקזיסטירנדיקע פילאנטראפישע אינסטיטוציעס.

כזשאנאווער שניידער האבן אויך אנגעשפארט אין דער גרויסער וועלט ווי פאריז, ניו־יארק מאנטעווידעא א. א. וו.

ווי מיר האבן שוין דערמאנט, האט דאס שניידער־פאך אין כזשאנאוו געהאט א פארנעם, שווונג און אמביציע. פאר דעם ערשטן וועלט־קריג האט כזשאנאוו געוואלט דעריאגן דאס אין פריערדיקן עסטרייך באקאנטע פראסניץ, א שטעטל אין

טשעכיען מיט אן אַנטוויקעלטער אינדוסטרי פון מענער מלבושים און דאמען קאנפעקציע און די קאנקורענץ פון כזשאנאווער שניי־דער האט זיך טאקע געשפירט ביי די דארטיקע טשעכישע דייטשן.

נאכן אנטשטיין פון דער פוילישער מלוכה, האט זיך פאר די כזשאנאווער שניידער אויפגעעפנט א פעלד ווו זיי האבן ערשט רעכט ארויסגעוויזן זייער פאכקענטניש און פעאיקייט צו גרעסערע אונטערנעמונגען אין ברייטערן מאסשטאב. זיי האבן מיט זייער כּליים און אויסדויער דערפירט, אז כזשאנאוו האט זיך אין משך פון א קורצער צייט געקענט מאכן אומאפהענגיק פון די גרעסערע באקליידונגס־צענטערן ווי בזשעזשין און טאר־נאוו. און ביז צום אויסברוך פון דער היטלער מלחמה א״ז כזשאנאוו געווען איינע פון די וויכטיקסטע קונים ביי די שטאף פאבריקאנטן פון לאדזש, ביאליסטאק, טאמאשאוו א. א. וו.

# חלפנים (חלופער)

א באזונדערע צווייג פון פרנסה, האבן אין כזשאנאוו גע־בילדעט די חלופער (געלד־טוישער). אלס שטאט, וואס איז גע־לעגן ביי דער דייטשער און פריער רוסישער גרענעץ האט זיך פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה א געוויסער טייל פון כזשא־נאווער יידן באשעפטיקט מיט דעם, וואס זיי פלעגן אַרויספארן אזוי ווי די פרייסישע סוחרים אין אנפאנג פון דער וואך צו די גרענעץ געביטן מיסלאוויץ — קאטאוויץ — גראניצא — שטשא־קאווא. יעדער מיט א לעדערנער טארבע אנגעהאנגען אויף זיך און אין וועלכער עס האט זיך געפונען וואלוטע צו טוישן כמעט פון דער גאנצער וועלט. יעדער פון די חלופער איז געווען א מין וועקסל קאנטאר פאר זיך. הגם אויף די באנהויפן זיינען געווען קאנטארן פון גרויסע באנקהייזער האבן יידן טראצדעם געמאכט דעם הויפט־מסחר מיט טוישן געלטער פון די פארשי־דענע לענדער. דאס ווייזט אין א געוויסער מאס, אז דוקא יידן האבן געהאסן פון א גרויסן צוטרוי אין ענינים פון געלט־אויס־טויש. דער הויפט־סעזאן איז געווען, פארשטייט זיך אין זומער, ווען די אינטערנאציאנאלע באוועגונג אין די דייטשע און עסטריי־כישע בעדער איז געווען שטארק און די חלופער פלעגן מיט־פארן מיט די פאסאזשירן אין די באנען מיט זייערע טארבעס געלט און עס טוישן לויט די טעגלעכע בערזן־קורסן.

אויף די באנהויפן גופא פלעגט אין אנפאנג און ענדע זומער אין די דאזיקע גרענעץ־געביטן הערשן א גוואלדיקער פארקער, באזונדערס פון די דורכפארענדיקע פוילישע לאנד־

ווירטשאפטלעכע סעזאן ארבעטער, ווען די דייטשע פעאדאלן האבן ארויסגערופן פון די פאראערמטע פוילישע פראווינצן אויף פעלד ארבעט קיין דייטשלאנד. און דעמאלט האבן די חלופער געהאט פולע הענט מיט ארבעט.

אזוי ווי ביי סוחרים זיינען אויך ביי די חלופער געווען קאטעגאריעס, דער רוב פון זיי האט אויסגעקוקט אויף קונים, וואס דער רבונו של עולם שיקט צו, ד. ה. סתם דורכרייזנדיקע פאסאזשירן, וועלכע האבן געדארפט טוישן זייערע געלטער. פון דעם האבן יידן פארדינט אויף חיונה. געווען אויך אזעלכע, וועלכע האָבן שוין געהאט זייער איינגעפירטע „קונדשאפט", רייכע פריצים, שררות און סתם אינטערנאציאנאלע הולטייעס, וועלכע האבן זייער לייכט אויסגעגעבן געלט. און אט די חלופער, וואס האבן געהאט די „בעסערע קונים" זיינען טאקע פון דעם מסחר נתעשר געווארן.

מען האט פארשידענע קוריאזן נאָכדערציילט פון דעם, אין די פריערע יארן באקאנטן חלופער ר׳ מאנעס שני׳דער. צווישן די קליענטן זיינע האט זיך אויך געפינען דער אין יענער צייט פאפולערער קעניג מיקיטא פון מאנטענעגרא, דער שווער פון איטאלענישן קעניג וויקטאר עמאַנועל און פון דעם באקאנטן צורר היהודים דעם רוסישן גרויספירשט ניקאליי ניקאלייעוויטש, וועלכער האט געשפילט א באדייטנדע ראל, אלס אייראפעאישער פאליטיקער און אינטריגאנט אין די פארשידענע קעניגלעכע הויפן. דער דאזיקער קעניג, וועלכער איז אפט געפארן צווישן רוים־ווין און פעטערסבורג האט זיין געלט געוואלט טוישן נור ביי ר׳ מאנעס׳ן. אנקומענדיק אויף דער גרענעץ, האט דער קע־ניג געלאזט רופן צו זיך ר׳ מאנעסן אין זיין קעניגלעכן סאלאן וואגן, צוערשט מיט אים אפגעוויקלט דעם געלט מסחר און נאכער זיך מיט אים שואל עצה געווען וועגן וועלט פאליטיק... דער דאזיקער ר׳ מאנעס שניידער איז שפעטער פון ניט אנט־דעקטע באנדיטן בארויבט און דערמארדעט געווארן אין גראניצא.

מיטן צערפאל פון עסטרייך איז אויך דער געלט חלוף אלס מסחר כמעט ווי פארשוואונדן און א סך פון די געוועזענע

חלופער האבן זיך גענומען צו דער ניט שיינער פרנסה פון פראצענטניקעס, אדער ווי מען האט עס אין כושאנאוו גערופן „חאשדעס”, וואס איז געווען כמעט ווי א זידל־ווארט.



די פאפולערע משפחה פון כזשאנאווער הילופער, די ברידער, ר׳ משה וואלף און ר׳ יצחק אלתר קארנגאלד, גייענדיק, חול המועד סוכות פונעם דאווענען מיט די אתרוגים און לולבים אין די הענט איבערן כזשאנאווער מארק.

# מלמדים

עס קלינגט אפשר ווי א קוריאז, אבער דאך א פאקט אי־בער וועלכן מען קען ניט אריבערגיין גלייכגילטיק. צוליב איר געאגראפישער לאגע, אלס א גרענעץ־שטאט צווישן צארישן רוסלאנד און פרייען עסטרייך — האט כזשאנאוו געהאט א גרויסע צאל מלמדים.

אין די 80־ער יארן, אין דער צייט פון די רוסישע רדיפות אויף יידן, ווי אויך אין די יארן 1905 — 1906 זיינען מאסן יידן אנטלאפן פון די פאגראמען און אנגעקומען קיין כזשאנאוו. די, וועלכע האבן געהאט אויף הוצאות־הדרך, אדער קרובים אין אמעריקע, זיינען ווייטער געפארן. געבליבן זיינען אין כזשאנאוו די סאמע עלענדסטע און אומבאהאלפנסטע, וועלכע האבן ניט באזיצט קיין שום מאטעריעלע מיטלן. זייענדיק אבער יודעי־ספר און לומדים, האבן זיי זיך באזעצט אין כזשאנאוו און גע־ווארן מלמדים. די דאזיקע יידן האבן אריינגעבראכט א געוויסע אויפלעבונג און געהאט השפעה אויף עטלעכע דורות פון תלמידים.

מיט 40 — 50 יאר צוריק האט מען זיך גארניט געקענט פארשטעלן א גמרא בחור, וועלכער זאל ניט האבן געלערנט כאטש עטלעכע זמנים ביי ר׳ יוסל ליפא, אדער ר׳ שלמה קאצ־קער, ביי ר׳ הערש מלמד, אדער ביי ר׳ נוטע דיין און אנדערע „פוילישע" מלמדים. מיר מיינען ניט דערמיט צו זאגן, אז עס זיינען נור געווען מלמדים פון יענער זייט גרענעץ. מיר ווילן נ:ר אנווייזן, אז דער רוב פון זיי זיינען גראד ניט געווען קיין כזשאנאווער און דאס האט אין א געוויסן זין געווירקט „קאס־מאפאליטיש" אויף דער כזשאנאווער יוגנט.

ווען מיר האלטן ביים קאפיטל מלמדים, דארף באזונדערס דערמאָנט ווערן דער אלעמען אזוי גוט באקאנטער מלמד און אין פולן זין פונעם ווארט פעדאגאג ר׳ וואלף שאר. ניט עפעס א ייד א בטלן, נור א מלמד מיט כאראקטער און שטארק אנט־וויקלט געפיל פון פאראנטווארטלעכקייט. געבוירן און דערצויגן אין כזשאנאוו. ער איז געווען א טיפער קענער פון דער דייטשער קלאסישער ליטעראטור און גלייכצייטיק א למדן אין חכמת היהדות. מיר דערמאָנען דעם דאָזיקן ייד דערפאר, ווייל ער האט אין קעגנזאץ צו אנדערע מלמדים דעם שווער־פונקט אין לער־נען געלייגט אויפן למוד פון ת״נ״ך. אויפן דאזיקן געביט האט ער ממש ווונדער באוויזן. זיינע תלמידים זיינען דאס רוב בא־שטאנען פון קינדער פון פראסטע יידן און בעלי מלאכות, ווייל די חסידים פלעגן אים רודף׳ן, ארויסלאזנדיק א קלאנג, אז ר׳ וואלף לערנט ת״נ״ך מיטן ביאור פון משה מענדעלזאן. עס איז אבער געווען אן אומבאשטרייטבארער פאקט, אז די תלמידים זיינע, זיי האבן געמעגט האבן קעפ מיט „טראטשינעס“, אז עס איז געקומען שבת, האבן זיי געקענט די פרשה חומש און די הפטורה אלס צולאג מיטן קנאק. דאס קענען עדות זאגן זיינע תלמידים, וועלכע לעבן נאך היינט צו טאג.

עס וואלט אונדז צו ווייט דערפירט אויסצורעכנען די אלע בא־שעפטיקונגען פון די כזשאנאווער יידן אין באזונדערע קאפיטלען. מיר ווילן נור אנווייזן, אז די כזשאַנאווער יידן זיינען ניט געווען קיין לופט־מענטשן. די מנחם מענדל׳עשע טיפן זיינען אין כזשא־נאוו כמעט ניט געווען בנמצא. עס איז ניט געווען קיין איין צווייג אין דערווירטשאפט אין וועלכער יידן האבן זיך ניט זייער שטארק באטייליקט. כזשאנאווער יידן האבן זייער חותם ארויפגעלייגט אויף האנדל, אינדוסטרי און מלאכה. זיי האבן מיט זייער פלייס אנטוויקלט די שטאט כזשאנאוו צו א באדייטנדיקן און בליענדיקן האנדלס און אינדוסטרי צענטר, וואס האט געהאט א שם אין דער סוחרישער וועלט.

מיר ווילן דרך אגב באמערקן, אז אפגעזען פון זייער

טיכטיקייט און דערפאלג זיינען זיי תמיד געבליבן טריי זייער יידישקייט און תורה, טראדיציע און הלבשה.

אין קעגנזאץ צו אנדערע פויליש־יידישע שטעטלעך, האט זיך כזשאַנאָוו אויסגעצייכנט דערמיט, וואס אירע תלמידי חכמים די יראים ושלמים זיינען ניט דוקא געווען אויסגעשפּראָכענע „שיינע יידן" און פייערדיקע חסידים, נור אויך פראסטע סוחרים און קרעמער, שניידער און שוסטער, בעלי עגלות און פערדס־הענדלער א. א. וו. עס זיינען געווען אייניקע ביישפּילן. א שום־טער'ס א זון און אליין א צוקערבעקער איז געווען דער באַ־קאנטער תלמיד חכם און כזשאנאווער שטאט מגיד ר' משה האכבוים. א צווייטער שוסטער האט געהאט א זון, וועלכער איז געווען רב אין דערבייאיקן שטעטל קאלוואריע, ר' אברהם נייהויף. פּאפּולער איז אויך געווען אין שטאט ר' עלי שוסטער. איבערן טאג א לאטוטניק און אין דער פרי און אויף דער נאכט געלערנט א שיעור מיט עלטערע בעלי בתים פון שטאט. א שניידער, א באדייטנדער תלמיד חכם און בעל מידות האט גלייכצייטיק פארנומען דעם אמט אלס מגיד פון חברה תהילים און ערשטער גבאי אין חברה קדישה (ר' איטשעלע ווייצענבלום). דער שמש פון שטאטישן בית המדרש האט געקענט בעל פה (אויסנווייניק) גאנץ משניות (ר' זיסמעל שמש). א שענקער האט דערצויגן זיין זון, וועלכער איז געווארן א שטאלץ פון פוילישן יידנטום (דר. יצחק שווארצבארט). א פערד סוחר, א ייד מיט אריסטאקראטישע מאניערן און בעל צדקה איז א סך יארן גע־ווען פרעזעס פון דער יידישער קהילה (ר' יוקל באכנער). א פייערדיקער בעלזער חסיד און בן תורה איז געווען אן אפטייי־קער (ר' אברהם הירש רייפער). די אייניקע עפּיזאדן ווארפן א שיין אויפן מהות פון די כזשאנאווער יידן.

נאך דער פטירה פונם ערשטן כזשאנאווער רב ר' שלמה'לע ז"ל איז דער כסא הרבנות געווען וואקאנט א סך יארן ביז מען האט זיך אנטשלאסן אויפצונעמען אלס רב דעם זון פון „דברי חיים" ר' דודל האלבערשטאם ז"ל. אויף דעם ערשטן שבת פון איבערנעמען דאס רבנות האט ר' דודלען באגלייט

קיין כזשאנאוו זיין פאטער דער סאנזער רב און גאון ר׳ חיים ז״ל. אין יענער צייט איז נאך די אייזנבאן אין כזשאנאוו ניט געווען, האט די קהילה באשטעלט לכבוד די געסט א דראזשקע מיט צוויי כזשאנאווער בעלי עגלות צו ברענגען זיי פון דער נאענטסטער באן־סטאציע אין טשעבין. די צוויי בעלי עגלות זיצנדיק אויף דער קעלניע האבן זיך בשעת דער נסיעה געאמפערט איבער א תוספות אין סנדריון. צוהערנ־דיק זיך דעם ויכוח רופט זיך אן ר׳ חיים צו זיין זון. „דו הערסט דודל? דו מוזט זיך גוט אונטערגארטלן, אויב די בעלי עגלות זיינען אזעלכע לומדים, הייגט זשע קענסטו זיך פאר־שטעלן וואס פארא גאונים די בעלי בתים גופא זיינען"...

ווען דר. נתן בירנבוים ז״ל (מתתיהו אחר) איז געווען אין יאר 1913 אין כזשאנאוו האט ער אויף אן עפנטלעכן אויפטריט דערציילט פאלגנדיקן עפיזאד פון זיין פערזענלעכן לעבן, וואס האט אים פארבונדן מיט דעם יידישן כזשאנאוו.

ווי באקאנט איז דר. בירנבוים אין די גאר יונגע יארן געווען ווייט פון יידישקייט און יידישער קולטור בכלל. וווינענ־דיק אין ווין, האט ער מיט די מזרח יידן גאר א קנאפע שיכות געהאט. נאך מער אין הארצן האט ער, ווי ער האט זיך דע־מאלט אויסגעדריקט געפילט א געוויסע פאראכטונג צו דעם אומפראדוקטיוון „אסט־יודע". איינמאל, אבער דורפארנדיק אין שבת דאס שטעטל כזשאנאוו האט ער פון וואגאן־פענסטער געזען אן ארגינעלע דערשיינונג, וואס האט ראדיקאל געענדערט זיין איינשטעלונג און באציאונג צום מזרח ייד. ער האט נעמ־לעך געזען ווי א כזשאנאווער בעל עגלה, אנגעטון אין שבת׳דיקע בגדים, אין א זיידענער יופיצע, אנגעגורט די לענדן מיט א ברייטן זיידענעם גארטל און א שטריימל אויפן קאפ פירט זיין פערד צום שטעטלדיקן טייך, כדי עס אנצופויען. דאס דאזיקע בילד האט דערקלערט מתתיהו אחר האט פאר אים געדינט ווי א שטויסקראפט זיך נענטער צו פאראינטערעסירן מיט דעם יידישן פראבלעם אין מזרח אייראפע.

אינטערעסאנט ביז גאר איז דער פאקט פון אפהיטן דעם

שבת דורך די כזשאנאווער יידן. טראצדעם, ווי מיר האבן שוין דערמאנט, אז יידן האבן די ווירטשאפט כמעט אין גאנצן באַהערשט, האט זיך ניט געטראפן, אז א ייד זאל אפן האבן אין שבת זיין געשעפט, אדער ווארשטאט בפרסיה. אויב אין אנדערע שטעט איז געווען שבת, איז דא אין כזשאנאוו געווען שבת שבתן. אפילו די גויים אבן געמוזט רוען אין יידישן שבת. די די שולן און בתי מדרשים זיינען געווען געפאקט מיט מתפללים. א נשמה יתירה־דיקע שטימונג האט באהערשט די גאס און שטוב און מיט רעכט האט געקענט דר. חיים זשיטלאווסקי זיך אויסדרוקן בשעת זיין באזוך אין כזשאנאוו פאר דעם ערשטן וועלט־קריג: „יידן זייט שטאלץ מיט אייער שטאט. זי איז א „ירושלים ד'גאליציע".

# טיפן פון אמאליקע יידן



ר׳ ימה׳לע הירשבערג, א באקאנטער סוחר אין שטאט, דער בעל תפילה פון „נעילה" אין גרויסן בית המדרש במשך 50 יאר.



ר׳ מאנעלע מאנדלבוים, לאנגיעריקער מיטגליד פון כזשאנאווער שטאטראט מיט זיין איידעם, דעם ציוניסטישן עסקן אהרון גראיאווער און פאמיליע.



ר׳ זעליג קורץ (אין דער מיט) מיט אנדערע חסידישע יידן אויף דאטשע.



ר׳ הירש מלך שענבערג, דאס בילד רעפּרעזענטירט די כושאנאווער
טאג־טעגלעכע הסידישע חלבשה פון פארן חורבן.



ר׳לייביש ערענסט מיט זיין פרוי, א באקאנטער תלמיד חכם, פלעגט לערנען שעורים אין כזשאנאווער מחזיקי לימוד.

# כזשאנאווער רבנים

## דער ערשטער כזשאנאווער רב ר׳ שלמה׳לע באכנער ז״ל

דער גלאנץ פון כזשאנאווער רבנות איז בלי ספק, איר ערשטער רב און אויך דער באדייטנסטער ר׳ שלמה׳לע ז״ל. איינגנטלעך קען מען זאגן, אז כזשאנאוו האט אנגעהויבן שפילן א ראָל אלס יידישע שטאט ערשט נאכן אויפנעמען איר ערשטן רב, וועלכער איז אויך דער אנפאַנג פון איר געשיכטע. דאס, וואס אין כזשאנאוו איז תורה מיט מלאכה געגאנגען האנט ביי ביי האנט איז אין א גרויסער מאס צו פארדאנקען איר אומ־פארגעסלעכן און באליבטן רב. דאס וויגעלע פון ערשטן כזשא־נאווער רב איז געשטאנען אין עלקיש ביי זיין פאטער ר׳ משה חריף, איינער פון די כמעט לעצטע מיטגלידער פון ועד ארבע הארצות. שוין דער נאמען אליין ניט זייענדיק קיין רב זאגט עדות אויף זיין גרויסקייט אין תורה. אלס מיטגליד פון ועד ארבע־הארצות, וואס פלעגט זיך צונויפקומען ווי באוווסט אויף די גרויסע ירידים אין באַשטימטע צייטן, האט ער געשפילט א גרויסע ראָל ביים רעגלען דאס רעליגיעזע און געזעלשאפטלעכע לעבן פון די יידן אין פוילן, ליטע א. א. וו.

פון זיין טעטיקייט און ווירקן איז ווייניק וואס באקאנט, ווייל ער איז געווען כל ימיו א נחבא אל הכלים. ער האט ניט געזוכט קיין פרסום ביים לעבן און ניט איבערגעלאזט קיין כת־בים ,וועלכע זאלן ווארפן א ברייטער ליכט אויף זיין לעבן און שאפן. זיין כאראקטעריסטישער הויפט־שטריך איז געווען עניוות

און פשטות. ער האט ניט געוואלט מאכן פון דער תורה קיין קוואל פון פרנסה. די דאזיקע אייגנשאפטן האט פון אים גע־ירשנט זיין זון דער שפעטערער רב.

זייענדיק נאך א יונגל פון 8 — 9 יאר, האט זיך ר׳ שלמה־לע אויסגעצייכנט מיט התמדה און גראדליניקייט אין לערנען. פיינט האבנדיק פלפול האט ער תמיד געזוכט דעם גראדן וועג אין פשט, ניט זוכנדיק קיין פארקרימטע און אומזיכערע דרכים אין לערנען, וועלכע האבן אין דער דעמאלטדיקער צייט אזוי פארדרייט די מוחות פון די בני הישיבות און בית המדרש.

עס ווערט דערציילט, אז דער פאטער זיינער, דער אויבנ־דערמאנטער ר׳ משה חריף, זייענדיק אויף א צוזאמענפאר פון ועד ארבע הארצות ערגיץ ווו אין א גרויסער שטאט אין פוילן, האט זיך זעער לאנג פארזוימט אויף אן אסיפה ביים יריד. די סיבה איז געווען, וואס די גאונים און גדולי התורה האבן זיך דארט ארייננגעלאזט אין א ויכוח איבער א געוויסער שטעלע אין תלמוד. ניט קענענדיק אויסגעפונען דעם אמתן פשט, האט זיך צו זיי אנגערופן ר׳ משה חריף: „ווייסט איר וואס רבותי, איך האב אין דער היים אין עלקיש, א יונגל פון 9 יאר, און מיט זיין שארפן עילוישן קאפ וועט ער אונדז ארויספירן פון דעם פלאנטער". זיי האבן באשלאסן תיכף איינצושפאנען די בעסטע פערד, בכדי ר׳ משה זאל א היים פארן קיין עלקיש צו פרעגן דעם ריכטיקן פשט ביי דעם יינגל און די אלע גאונים האבן דערווייל געווארט אויפן יריד אויף דער תשובה. אהיים קומענדיק קיין עלקיש אין מיטן דער נאכט, האט ר׳ משה תיכף אויפגעוועקט זיין שלמה׳לען, וועלכער איז געשמאק געשלאפן אויפן „פיעקעליק" פון אויוון. נאכן וואשן די הענט און אויסרייבנדיק זיך די פארשלאפענע אויגן, האט ער אים אויפגע־מישט די גמרא און דעם יינגל געהייסן זאגן א פשט אויף דער באטרעפנדער שטעל, וואס איז דעם ועד אזוי פארפלאנטערט קשה געווען. דאס יונגל איז מיט די אויגן „אדורכגעלאפן" דעם גאנצן בלאט גמרא און מיט פארוואונדערטע אויגן, ווי געפרעגט דעם פאטער זיינעם, „וואס איז דא אייגנטלעך אזוי שווער צו

באגרייפן?״ דערויף האט אים דער פאטער מכבד געווען מיט א פייערדיקן פאטש און בייזערנדיק זיך, געזאגט צום זון: „עס זיצן אזעלכע גדולי התורה אויפן יריד און מאטערן זיך די מו־חות איבער אזא שווערן ענין און ביי דיר איז גאר ניט קשה?״ אויף דעם האט אים דאס 9 יעריקע יונגל געענטפערט, „זעסטו טאטע, עס וואלט טאקע געווען א הארבער ענין, נור דארף מען אבער געדענקען, וואס די גמרא האט געזאגט מיט א 2 דפים פריער און ווען איר וועט פארגלייכן דאס לעצטע מיטן פריערדיקן, וועט איר זען, אז דער פשט איז פראסט און גלאט און פלפולן זיך איז איבריק״. דער פאטער, א פארשעמטער האט דאס קינד געקישט אין שטערן און געבענטשט, ירבו כמותו בישראל.

פון זיינע יונגע יארן איז אונדז נור דאס באקאנט, אז ער האט געלערנט ביים רבין ר׳ שמעלקע אין ניקאלשבורג און אז דער „חוזה״ פון לובלין איז געווען זיין אינטימסטער חבר. ער איז געווען אן אייגנארטיקע פערזענלעכקייט, וועלכע האט זיך אויסגעצייכנט מיט א ניט דורכשניטלעכער באשיידנקייט. מיט הונדערט און פופציק יאר צוריק זייענדיק א באקאנטער גאון אין פוילן האט ער זיך ניט געריסן איבערצונעמען ערגעץ אן אצטלה דרבנן, נור זיך פשוט גענומען לערנען א מלאכה פון וועלכער ער זאל זיך קענען מפרנס זיין, בכדי ניט צו זיין אפ־ן הענגיק פון קהל און זיינע בעלי הטאקסע. ער איז פאקטיש אי־די יונגע יארן געווען א גאלדשמיד און פון דער דאזיקער מלאכה האט ער פאר זיין ווייב און קינדער געצויגן חיונה.

האבנדיק פאר זיך אזא תלמיד חכם, זיינען די שטאטישע בעלי בתים צו אים צוגעשטאנען ער זאל ווערן רב אין שטאט. ר׳ שלמה׳לע ז״ל האט זיך אבער קאטעגאריש דערפון אפגעזאגט דערקלערנדיק, אז ער וויל ניט מאכן די תורה פאר א קרדום לחפור בה.

זעענדיק, אז זיי וועלן ביי ר׳ שלמה׳לען גארניט פועלן, זיינען די בעלי בתים צוגעשטאנען צו זיין ווייב, די שפעטערע רביצין העסע, אז זי זאל משפיע זיין איר מאן אנצונעמען דעם

כסא הרבנות. ווי יעדע פרוי, וואס וויל האבן א רב פאר א מאן, האט זי אים שטארק געפייניקט צוליב זיין עקשנות און אפילו געדראט מיט צעשטערן דעם שלום־בית. ר׳ שלמה׳לע האט איר אמאל געזאגט דאס באקאנטע ווארט־שפיל בדרך הלצה, „אהב את המלאכה ושנא את הרבנית״ (די זאלסט ליב האבן די ארבעט, אפילו ס׳וועט דיר אויסקומען פיינט צו האבן די רביצין)...

ערשט נאך אן אינטערווענץ פון כזשאנאווער בעלי־בתיםביים רבין ר׳ שמעלקע, וועלכער האט זיין תלמיד אויפגעפאדערט בפקודת הרב, אנצונעמען דאס כזשאנאווער רבנות, האט זיך ערשט ר׳ שלמה׳לע אנטשלאסן צו ווערן רב אין שטאט.

דאס גרויסקייט פון ר שלמה׳לען איז באשטאנען אין זיין פשטות. ער האט ניט פרעטענדירט צו פירן א רבישן הויף און אויך דאס רבנות האט ער ניט באטראכט ווי א הויכן אמט צו וועלכן דאס פאלק קען ניט אנקומען. להפך צו זיינע חברים האבן גע־הערט :ווי דער שוין דערמאנטער חוזה פון לובלין ר׳ קלמיש, דער בעל „מאור ושמש״ פון קראקע און ר׳ בעריש אושפיצינער. ער האט געפירט אן ארעם און באשיידן לעבן, גייענדיק אויפן אורשפרינגלעכן וועג פונעם שעפער פון חסידות ר׳ ישראל בעל שם טוב. און אזוי ווי דער בע״שט האט ער זיך אפגעגעבן מיטן פראסטן פאלק, מיט עמך. עס איז באקאנט, אז ער האט אפילו צוגעהאלפן שאפן אין כזשאנאוו א קלויז פון הוילע עמי־הארצים, בכדי זיי זאלן זיך ניט דארפן פילן נידריקער פון די תלמידי חכמים אין דעמאלטדיקן בית המדרש...

געוווינט האט ר׳ שלמה׳לע מיט זיין משפחה אין שפעטער־דיקן חדר שני פונעם גרויסן בית המדרש, ווו ער איז געזעסן יומם ולילה על התורה און געפירט א פארצווייגטע קאָרעספאנ־דענץ פין שאלות ותשובות מיט גדולי התורה פון יענעם דור און בפרט מיטן שוין דערמאנטן „מאור ושמש״ אין קראקע. ווי גרויס זיין איינפלוס אויף כזשאנאווער יידן און זייער אומדער־שיטערלעכן גלויבן אין אים איז געווען, קען דינען די פאלגנ־דיקע לעגענדע, וואס איז נאכדערציילט געווארן.

ר׳ שלמה׳לע איז אמאל אין א פרייטאק פארטאגס גע־שטאנען אויף דער שוועל פון בית־המדרש מיט א בריוול אין האנט אדרעסירט צום „מאור ושמש" אין קראקע (אין ערך 45 קלמ. פון כזשאנאוו). א יונגער בחור איז גראד אנגעקומען מיטן תפילין בייטעלע אונטערן ארעם, בכדי צו דאווגען מיטן ערשטן מנין (דער דאזיקער בחור איז געווען דער זיידע פון מאריץ פעלמשער). זאגט צו אים ר׳ שלמה׳לע, זיי אזוי גוט בחור און גיי צו ר׳ קלמישן קיין קראקע און וועסט אים איבערגעבן דאס בריוול. ער ר׳ קלמיש ווידער, זאל דיר אנשרייבן די תשובה אויף דער צווייטער זייט. איך וועל דיר דערוויל צוהאלטן דאס תפילין בייטעלע ביז דו וועסט צוריק קומען. דער בחור האט ניט געפרעגט קיין שאלות, וואס, ווי און ווען, נור פארקאטשעט די פאלעס און געגאנגען קיין קראקע. צוריק קומענדיק מיט דער תשובה, האט דער שליח נאך געטראפן ר׳ שלמה׳לען שטיין אויפן זעלבן ארט און דער בחור האט נאך באוויזן צו דאווגען בציבור...

טראץ זיין התמדה אין לערנען האט ר שלמה׳לע ז"ל, זעער פיל צייט און מי אפגעגעבן פאר כלל ארבעט און ספע־ציעל פאר צדקה. ער פלעגט זעער אפט ארומגיין צו די בעלי בתים צונויפזאמלען געלט, בכדי עס נאכער צו פארטיילן צווישן אזעלכע, וואס האבן זיך געשעמט אויסצושטרעקן א האנט.

געאכטעט און געשעצט פון די תלמידי חכמים אין יענער צייט און באליבט פון דעם פראסטן פאלק, האט אויך ר׳ של־מה׳לע געהאט א גרויסע השפעה אויף די ארומיקע פריצים אז פויערן פון כזשאנאוו. ווי פארשידענע לעגענדעס גיבן איבער האבן די ארומיקע גויים גרויס דרך ארץ געהאט פאר דעם היי־ליקן ראבין און זיין ווארט, האט ביי זיי געגאלטן ווי א געזעץ.

זיין עניוות און ערלעכקייט איז ממש געווען לעגענדאר׳ש. זיין מאטא איז געווען, ניט צו מאכן די תורה פאר אן עטרה להשתמש בה. ביי ר׳ שלמה׳לען איז תורה לשמה געווען די העכסטע מדרגה אין לעבן. זיינע כתבים און חדושי התורה, האט ער ניט פארעפנטלעכט, נור פארטיילט צווישן אייגענע

קינדער. ווי ווייט ר׳ שלמה׳לע האט פאראורטיילט דאס רבנות אלס מקור פון פרנסה, איז צו זען פון זיין צוואה, וואס ער האט איבערגעלאזט זיינע קינדער עד סוף כל הדורות: ניט צו זיין קיין רבנים. הגם צווישן זיינע זין און אייניקלעך האבן זיך גע־פונען באדייטנדיקע תלמידי חכמים, האבן זיי די צוואה פון זייער גרויסן פאטער און זיידן טריי געהאלטן, ביז זייער אומקום בימי היטלער ימ״ש.

ר׳ שלמה׳לע איז נפטר געווארן אין כזשאנאוו אין תק״פ אין ל״ג בעומר. אויף זיין יארצייט, פלעגן זיך צונויפקומען פיל טויזנטער כזשאנאווער יידן ווי אויך יידן פון דער נאענטער און ווייטער פראווינץ אויסגיסן זייער ביטער הארץ אויף זיין קבר, אויסוויינען זיך פון זייערע צרות און שעפן בטחון, אז אין זכות פון ר׳ שלמה׳לע ז״ל, זאלן זיי געהאלפן ווערן מיט כל מיני ישועות.

# ר׳ דוד׳ל האלבערשטאם ז״ל

נאך דער פטירה פונעם רב שלמה׳לע האט זיך כזשאנאוו ניט אזוי לייכט געקענט צוקלויבן א רב פאר דער שטאט. כזשא־נאוו האט זיך נאך געפונען אונטער דעם רושם פון איר גרויסן רב און אזוי ווי קיינער פון זיינע זין האט ניט געוואלט אנ־נעמען דאס רבנות אין איינקלאנג מיט דער דערמאנטער צוואה, איז כזשאנאוו אן ערך פון 2 צענדליג יאר געבליבן אן א רב. די פונקציעס פון א מרא־דאתרא האט אויסגעפירט דער ערש־טער דיין ר׳ נחמי׳ פאזנער ז״ל.

אין דער דאזיקער צייט האט זיך די השפעה פון סאנז אויך אויסגעשפרייט אויף כזשאנאוו. און עס איז קלאר, אז דא האבן שוין ניט מער דאָמינירט פערזענלעכע קוואליפיקאציעס, נאר דערצידירט האט דער סאנזער „הויף". און אזוי איז דאס פרייע כזשאנאווער רבנות אריבער צו דער „דינאסטיע" האלבער־שטאם און איר ערשטן רב ר׳ דודל ז״ל.

דאס רבנות פון ר׳ דוד׳ל ז״ל איז אין קעגנזאץ צו דער קא־דענץ פון ר׳ שלמה׳לע געווען, קען מען זאגן, אן אומגליקלעכע, טראץ דעם וואס ר׳ דוד׳ל איז געווען א גרויסע אויטאריטעט אין דער רבנישער וועלט. אלס זון פון „דברי חיים", דעם בארימטן סאנזער רב ר׳ חיים האלבערשטאם, האט ער אבער ניט פאר־מאגט דעם אייפער און די אמונה אין זיך אליין ווי זיין גרויסער פאטער. ער האט געוואלט קאפירן סאנז און ארויס־געקומען איז טאקע ניט מער ווי א בלויזע קאפיע — אָון דווקא אין א שלעכטער אויפלאגע...

אין דער צייט, ווען ר׳ דוד׳ל איז געזעסן אויף דעם כסא הרבנות אין כזשאנאוו האט זיך צעפלאקערט אן העפטיקע מח־

לוקה, צווישן סאנזער חסידים פון איין זייט און ראדאמסקער חסידים פון דער אנדערער זייט, בעסער געזאגט, צווישן ראַ־דאמסקער חסידים מיט ר׳ דוד׳לען. די דאזיקע מחלוקה האט אויסגעזען צו זיין א לאקאלער ענין, ווייל עס איז אלעמען באַ־קאנט געווען, אז דער סאנזער רב האט אנגעשריבן אן הקדמה צום ספר תפארת־שלמה, וועלכער איז געווען דער באגרינדער פון ראדאָמסקער חסידות און אז דער זון פון ערשטן ראדאמס־קער רבין, דער „חסד לאברהם" איז געווען א שטארקער אנ־הענגער פונעם סאנזער רב און אויך אפט געהאלטן שבתים אין סאנז. דעם קולמינאציאנס־פונקט האט די דערמאנטע מחלוקה דערגרייכט בשעת דער מעשה מיט ר׳ העשע גראס. דער דער־מאנטער ייד איז געווען איינער פון די אנגעזעענסטע כזשא־נאווער בעלי בתים, א ייד א תלמיד חכם, אייגנטימער פון דע־מאלטדיקן טאבאק־מאנאפאל, (הויפט־טראפיק) און אנגעזעענער ראדאמסקער חסיד. וועגן דער געשיכטע ר׳ העשע גראס, דער־ציילט דער באקאנטער שריפטשטעלער גרשם באדער אין זיינע זכרונות אין ניו־יארקער „מארגן זשורנאל" פון יאר 1938 פאל־גענדעס. איך ציטיר פון זכרון.

געבוירן בין איך אין אושפיצין. אלט זייענדיק 5 יאר, זאגט צו מיר מיין פאטער: איך וועל דיך קינד מיינס מיטנעמען קיין כזשאנאוו, ווו אהין איך קלויב זיך פארן און דארטן וועסטו זען אזעלכעס, וואס מען זעט עס איינמאל אין א יובל. און אזוי ווי איך וויים ניט, אויב דיר, וועט אמאל אין לעבן באשערט זיין, צו זען אזא מין סצענע, ווייל איך דו זאלסט עס זען אָלס קינד.

אין כזשאנאוו איז געווען א ייד מיטן נאמען גראס. דער דאזיקער ייד האט זיך דעמאלט בשעת עס איז אנגעגאנגען דער שארפער קאמף צווישן סאנז מיט סאדיגורא, אויסגעדריקט סימ־פאטיע פאר די סאדיגורער און ארויסגעבאפט זיך מיט אן אומ־פאסיק ווארט קעגן סאנז. דאס האט געפירט דערצו, אז דער רב ר׳ דוד׳ל האט געלייגט דעם ייד אין חרם אריין. דער דאזי־קער ייד האט אונטער דעם חרם זעער פיל געליטן, ווייל לויטן

דין האבן יידן ניט געטארט קומען אין זיינע ד. אמות. אפילו זיין אייגענע פרוי און קינדער האבן זיך געמוזט פון אים דער־ווייטערן. בכדי אויפצובינדן א חרם, מוז מען מקבל נזיפה זיין, ד. ה. דער אין חרם געלייגטער, מוז זיך אונטערווארפן געוויסע עפּענטלעכע בזיונות און אזוי ארום ווערט פון אים דער חטא, אדער די סיבה פון חרם אראפּגענומען. אין דעם דאזיקן טאג, אין וועלכן מיין פאטער האט מיך מיטגענומען קיין כזשאנאוו האט גראם געדארפן מקבל נזיפה זיין. די גאסן זיינען געווען שווארץ פון מענטשן. יעדער האט געוואלט זיין דער ערשטער, בכדי בעסער צו זען דעם מוחרם. מיין פאטער האט מיך אויפ־געהויבן אויף די הענט איך זאל בעסער זען. דאס בילד איז באמת געווען שוידערלעך. פון א הויז איז ארויסגעקומען א חסי־דישער ייד, בלייך און דערשראקן מיט א פנים פיל צער. אן א קאפּעלוש אין בלויזער יארמולקע, אן שיך, בלויז אין זאקן ווי אין תשעה באב. אזוי איז דער ייד געגאנגען פון זיין הויז ביז דער גרויסער שול. אויפן גאנצן וועג האבן אים יינגלעך נאכגע־ווארפן שטיינער און די גרויסע האבן זיך אפגערוקט אין א זייט, כדי ניט חלילה צו קומען אין זיינע ד. אמות. גראד האב איך געזען, ווי א שטיין האט אים געטראפן אין פנים אריין, פון וואס ער איז געווארן אינגאנצן באגאסן מיט בלוט. און דער ייד ניט ווי מען וואלט אים געמיינט, האט ווייטער געשפּרייזט ביז דער שול. וואס עס איז אין דער שול פארגעקומען, ווייס איך ניט, ווייל אהין האט שוין מיין פאטער מיט מיר ניט געקענט אריינקומען".

עד כאן די שילדערונג פון גרשם באדער.

די דאזיקע פּאסירונג האט צעפלאקערט א ברענענדיקע שנאה פון די ראדאמסקער חסידים צו ר׳ דוד׳לען און איבער־געגאנגען בירושה צו זיין זון, וועלכער האט איבערגענומען פון אים דאס רבנות.

די מעשה ר׳ העשע גראס, האט זיך געצויגן ווי א רויטער פאדעם אויף ווייטערדיקע מחלוקת׳ן, ווי מיר וועלן עס זען שפּעטער.



א פראגמענט פון כזשאנאווער בית עלמין, אין הינטערגרונט, די מצבה פונעם כזשאנאווזער רב ר׳ דוד׳ל ז״ל אין דעם, אין הורבן צייט צערשטערטן אוהל.

ר׳ דוד׳ל ז״ל האט געהאט נאכער אויסצושטיין גרויסע צרות און עגמת נפש׳ן פון די פארשידענע מסירות, וואס זיינען איינגעפלאסן צו דער נאטשאלסטווא אויף אים מכוח דעם דער־מאגטן חרם. ער האט זיך געמוזט א צייט אויסבאהאלטן, ווייל מען איז געווויר געווארן, אז מען קלויבט זיך איינצוזעצן אים אין תפיסה. ווי מען האט דערציילט האט מען שוין אפילו אנ־געגרייט א ספעציעלע תפיסה־קאמער, אויסגערייניקט און אויס־געקאלעכט פאר דעם רב, נור איינפלוסרייכע יידן און א מטמון; מיט געלט האבן אפגעראטעוועט ר׳ דוד׳ען פון דעם בזיון.

עטלעכע יארן פאר זיין פטירה איז ר׳ דוד׳לען געווען בא־שערט אן עגמת־נפש פון אן אנדער מין. אזוי ווי אין דעם דער־בייאיקן שטעטל יאווארזשנא איז פריי געווארן א רבנות פאסטן, האט זיך ר׳ דוד׳ל געלאזט באאיינפלוסן פון זיין זון (ר׳ משה דעם רב׳ס, אגב א שוואגער פון אחד העם) ארויפצוזעצן זיין אייניקל ד. ה. ר׳ משה׳ס זון אויף דעם דארטיקן וואקאנטן פאסטן, גיט קוקנדיק, וואס דארט אין יאווארזשנא האט קאנ־דידירט אזא באקאנטער תלמיד חכם ווי ר׳ וואוועַ ראזנבלום ז״ל. ווילנדיק ארויפזעצן זיין אייניקל ר׳ יוסף אלימלך מיט כוח אויפן רבנות שטיל, איז ר׳ דוד׳ל מיטגעפארן קיין יאווארזשנא, בכדי מיט זיין אויטאריטעט צו באאיינפלוסן דעם גאנג פון דעם ענין. אבער דא, האט זיך ר׳ דוד׳ל איבערציינגט, אז ער האט געמאכט דעם חשבון שלא מדעת הקהל. יאווארזשנא האט זיך ניט גע־לאזט שפייען אין קאשע און אויסגעוויילט מיט א גרויסער מער־הייט דעם רב ר׳ וואווען...

אין יענעם שבת, ווען ר׳ דוד׳ל איז געווען אין יאווארזשנא, האבן ר׳ דודל׳ס אנהענגער, ארויסגעגנבעט די ספרי תורות פון דארטיקן בית המדרש, בכדי דער צד שכנגד זאל ניט קענען ליי־ענען די סדרה פון דער וואך. נאך גרעסער איז געווען דער חלול השם, ווען מ׳האט שפעטער די ספרי תורות געפונען בא־האלטן אין א בעט...

# צוויי רבנים גלייכצייטיק
# ר׳ נפתלי און ר׳ יוסף אלימלך ז״ל

ר׳ דוד׳ל ז״ל איז נפטר געווארן אין תר״נה. פון זיינע זין איז נור ר׳ נפתלי ז״ל געקומען אין באטראכט צו פארנע־מען דעם כסא הרבנות אין כזשאנאוו, ווייל צווישן זיינע איברי־קע ברידער איז ער געווען דער, וועלכער איז געווען מער ראוי דערצו. אויך זיין פאטער ר׳ דוד׳ל האט זיך נאך ביים לעבן ארויסגעזאגט פאר אים. אבער דא איז געשען אפאל, וואס האט דער שטאט געקאסט זעער פיל בייז בלוט. עס איז אויסגעבראכן א מחלוקה, וואס האט דער יידישער שטאט כזשאנאוו ניט גע־בראכט קיין איבריקן כבוד...

דער אויבנדערמאנטער ר׳ יוסף אלימלך, איז נאך ביי ר׳ דודל׳ס לעבן געווען דער ליבלינג פון זיין זיידן. א זעלטענע שיינע דערשיינונג, שכמו גבוה ומעלה מכל העם. א שיינעם חתוך הדבור, א גוטער רעדנער, א זעלטענער בעל תפילה און און ועל כלם אַ גרויסער גביר. מיט איין ווארט, תורה וגדולה במקום אחד. ר׳ יוסף אלימלך, וועמען ר׳ דוד׳ל האט נאך ביים לעבן מסמיך געווען אלס רב אין יאוואריזשנא און זיך דעמאלט זיך געלאזט אויפרופן „מורה מורנו״, האט נאך דער פטורה פון ר׳ דוד׳לען פרעטענדירט אויפן כזשאנאווער רבנות. ר׳ יוסף אלימלך האט א דאנק זיינע פערזענלעכע מעלות באלד בא־קומען א צד אין שטאט, ובתוכם אויך די ראדאמסקער חסידים, אין וועמען עס האט נאך געטליעט די שנאה צו ר׳ דוד׳לען און ממילא אויך צו זיין זון ר׳ נפתלי.

די מחלוקה וועגן כזשאנאווער רבנות, צווישן ר׳ נפתלי

פון איין זייט און ר׳ יוסף אלימלך פון דער אנדערער זייט האט אנגענומען זעער דראסטישע פארמען, נאך מער דערמיט, וואס אין דעם ענין האט זיך ארייננעמישט דער אין יענער צייט בארימטער שיניאווער רב דער „דברי יחזקאל“, א ברודער פון ר׳ דודל ז״ל.

דער שיניאווער רב איז געשטאנען אויפן צד פון ר׳ נפתלי ז״ל. פארשטייט זיך, אז דאס וואגיקעווארט פון שיניאווער רב האט געהאט א געוואלדיקע ווירקונג און אין תחילת האט עס אויסגעזען, אז ר׳ נפתלי וועט ארויס אלס זיגער. אבער דער צד פון ר׳ יוסף אלימלך איז ניט געזעסן מיט פארלייגטע הענט, נור ארויס מיט דעם מעכטיקסטן כלי־זין, וואס האט דעמאלט געפועלט, נעמלעך, מיט געלט, וואס ר׳ יוסף אלימלך האט ניט געזשאלעוועט, טיילנדיק אויף רעכטס און לינקס.

לויט די געזעצן פון דעמאלטדיקן עסטרייך, האט א רב ניט געקענט געוויילט ווערן, אויב ער האט ניט געהאט לכל הפחות א בילדונגס־צענזוס פון א פאלקס־שול. אין אנדערע שטעט האט דאס מלכות ביי וואלן פון רבנים געקוקט דורך די פינגער אין דעם פרט. אבער דא אין כזשאנאוו, ביי דער דאזיקער רבנים מחלוקה האט ליידער דעצידירט די פאלקס־שול־בילדונג אין ניט דאס לומדות פון דעם, אדער יענעם רב און דאס אדאנק די אויפ־קלערונגען פון א געוויסן צד ביי נאטשאלסטווא...

לויט דעם אויסגאנג פון דער וואל. און אונטערשמירן מיט שוחד ווען מ׳האט באדארפט, איז געוויילט געווארן לפנים אלס רב פון שטאט ר׳ יוסף אלימלך. און הגם די וואל איז געווען רעכטקרעפטיק האט זיך די מחלוקה ניט אפגעשטעלט נור להפך, זיך נאך מער פארשארפט. אין וואס די מחלוקה האט זיך אויסגעדריקט, קען דינען די פאלגנדיקע שילדערונג פון אונדזער בן עיר ליפא הירשבערג.

„בשעת דער מחלוקת הרבנים, אדער ווי מ׳האט עס גערופן „די גרויסע מחלוקה“, בין איך אלט געווען דעמאלט קוים 9 יאר. איך בין מיט מיין טאטן ע״ה, וועלכער איז געווען פון ר׳ יוסף אלימלך׳ס צד, געזעסן אין שלוש סעודות אין גרויסן בית המדרש

מיט אן עולם יידן, זינגענדיק זמירות אין דער פינסטער. מיט איינמאל האבן אנגעהויבן פליען שטיינער דורך די פענסטער און א עולם פון צווייטן צד האט זיך אריינגעריסן מיט ווילדע קולות אין בית המדרש. עס איז אנטשטאנען א געשלעג ווי להבדיל אין א קרעטשמע. מ׳האט דעמאלט פיל קעפ אויפגע־האקט, בערד אויסגעריסן צעטרעטן שטריימלעך און צעשניטן זיידענע יופיצעס. עס איז געווארן א מהומה, וואס איך קען עד היום ניט פארשטיין, ווי אזוי איז דאס ביי יידן מעגלעך געווען...״

אזוי ווי קיינער פון די צדדים האט ניט געוואלט אפטרעטן, האט קהל באשלאסן מפני שלום ביידע רבנים צו צאלן פענסיע. פאר דער וועלט איז ר׳ יוסף אלימלך געווען דער אפיציעלער כזשאנאווער רב, אבער פאר דער שטאט גופא, האט מען אי ר׳ נפתלי און אי ר׳ יוסף אלימלך געהאלטן פאר גלייכבארעכטיק־טע רבנים.

דאס לעבן האט מיט זיך געבראכט, אז די ביידע רבנים האבן זיך ווי עס איז איינגעטיילט, מיט דעם רבנות ד. ה. יע־דער האט זיך געהאט זיין איינפלוס־ספערע מיט זיינע געשוווי־רענע אנהענגער.

דער דאזיקער רבנות־דואליזם האט אנגעהאלטן אן ערך פון 10 יאר, ביז דער פריצייטיקער פטורה פון ר׳ יוסף אלי־מלך׳ס ז״ל.

ר׳ יוסף אלימלך, וועלכער איז געווען פון דער נאטור בא־שאנקן מיט פערזענלעכע מעלות און פיזישער שיינקייט, זייענ־דיק געבענטשט מיט עשירות אלס צולאג, האט באלד דעראבערט די הערצער פון דער כזשאנאווער עדה. ניט נור זיינע אייגענע אנהענגער, נור אויך זיינע פארביטערטע מתנגדים, האבן אים ליב באקומען און פאר אים דרך ארץ געקראגן. ווען ר׳ יוסף אלימלך ז״ל איז אין יאר תר״סח אלס גאר א יונגער מענטש נפטר געווארן ביי זעער טראגישע אומשטענדן, האבן אים אלע אן אויסנאם כזשאנאווער יידן ערלעך און אויפריכטיק באוויינט און געטרויערט נאך אים.

צום שבת פון די כזשאנאווער יידן מוז געזאגט ווערן, אז זיי האבן פון דער דערמאנטער מחלוקת הרבנים פיל געלערנט. זיי האבן דערפון אויך געצויגן די געהעריקע קאנסעקווענצן, ווייל תיכף נאך דער פטורה פון ר׳ יוסף אלימלך׳ן, איז פון דער נאענטער משפחה געווארפן געווארן די לאזונג, אויסצווויילן זיין יונגסטן זון לייבעלע אויפן פאטער׳ס ארט. עס זיינען אבער געווען אין זכרון די אלטע ווונדן און די שטאט האט ניט געוואלט הערן דערפון.

ר׳ נפתלי ז״ל איז אזוי ארום געבליבן דער איינציקער אנ־ערקענטער רב פאר כזשאנאוו, הגם ער איז ניט אויסגעוויילט געווארן אלס אפיציעלער רב כלפי חוץ.

ר׳ נפתלי ז״ל איז נפטר געווארן אין תר״פה. אלס זיין ממלא מקום איז נאך ביים פאטער׳ס לעבן באשטימט געווארן זיין זון.

# ר' מענדל הי"ד

## דער לעצטער כזשאנאווער רב

דער רב ר' מענדל הי"ד, וועלכער האט שוין געהאט הינ־טער זיך די דערפארונג פון זיין זיידן און פאטער, אין ענינים פון מחלוקת, האט אזוי צו זאגן, דאס כזשאנאווער־רבנות קאנ־סאלידירט. א קלוגער און ענערגישער האט ער פארשטאנען דאס רבנות צו פירן מיט פארשטענדניש פאר אלע צדדים. אין זיין צייט האט זיך די אלטע שנאה צווישן ראדאמסקער און סאנזער חסידים אין א גרויסער מאס אפגעקילט.

דעם לעצטן און טראגישסטן רב איז באשערט געווען צו גיין מיט זיין גאנצער עדה פון כזשאנאוו צו דער גרויזאמער עקידה קיין אוישוויץ בימי היטלער ימ"ש אין יאר תש"ג יג' אדר ראשון הי"ד.

# טובי העיר

## (ר׳ יוסל ליביאנזער)

אין דער געשיכטע פון כזשאנאווער יידן האט ר׳ יוסל ליבי־אנזער געשפילט א באדייטענדיקע ראל און אפשר אויך די באַדייטענדסטע הן אין גייסטיקן און הן אין עקאנאמישן זין. ניט זייענדיג אליין א למדן, איז ער אבער געווען, א מוקיר רבנן, גע־שטיצט תלמידי־חכמים. ר׳ יוסל האט געשפענדעט זעער פיל אויף פארשידענע פילאנטראפישע און רעליגיעזע מוסדות אין שטאט. וווינענדיק נאך אין ליביאנז לערך. 6 קלמ. פון כזשאנאוו, איז ער דארט געווען א מין יידישער שררה און זיין הויז א בית ועד לחכמים. אינטערעסאנט איז די געשיכטע, ווי אזוי ר׳ יוסל האט זיך באקענט מיטן ערשטן כזשאנאווער רב ר׳ שלמה׳לע ז״ל.

דעם רב ר׳ שלמה״לע פלעגט אפט קומען באזוכן זיין חבר און תלמיד ר׳ בעריש אושפיצינער ז״ל. — ניט קענענדיק זיך שיידן פון אים האט ער אים באגלייט א שטיק וועג צו פוס און אזוי שמועסענדיק וועגן תורה, איז ער מיט ר׳ בערישן אונגעקומען ביז אושפיצין. און ווען ר׳ שלמה׳לע האט ווידער געוואלט צוריקגיין קיין כזשא־נאוו, האט אים ר׳ בעריש ניט אפגעלאזט און אים באגלייט אויף צוריק. פארטיפט אין דברי תורה און אין הויכע ענינים זיינען זיי ביידע צוריקגעקומען קיין כזשאנאוו. די דאזיקע שפא־צירן האבן זיך אזוי געצויגן אן א עק אויסמאטערנדיק ביידע ביז גאר, ווען ר׳ יוסל ליביאנזער האט דאס באמערקט, האט ער ביידע רבנים אפגעוואו״ט אין ליביאנז אויפן הויפטוועג, זיי ארויפגענומען אין קאטש און אפגעפירט יעדן צו זיך א היים.

זייט דעמאלט האט זיך פארבונדן א נאענטע פריינדשאפט

צווישן כזשאנאווער רב מיט ר׳ יוסל ליביאנזער. שפעטער האט זיך דער רב מיט אים משדך געווען נעמענדיק זיין זון ר׳ יאנ־קעלע פאר אן איידעם. פון דעם דאזיקן שדוך איז ארויסגעקומען די משפחה פון די „קאמיעניצא", וואס האט געהאט א גרויסע באדייטונג אין דער אנטוויקלונג פון כזשאנאווער האלץ־מסחר און וואס האט אויך געשפילט א ראל אין תורה וגדולה במקום אחד.

# ר׳ יאקעלע שענבערג
# און
# די „קאמיענִיצא“ משפחה

ר׳ יאקעלע שענבערג ז״ל דער זון פון שוין דערמאנטן ר יוסל ליביאנזער און איידעם פון ערשטן כזשאנאווער רב, איז געווען א למדן מופלג און א סוחר מיט אַ ברייטן קוק אויפן פראקטישן לעבן. ער האט אזוי צו זאגן געגרינדעט די דינאס־טיע פון דער „קאמיעניצא". ר׳ יאקעלע האט דער ערשטער אין כזשאנאוו אויפגעשטעלט א צוויי שטאקיג געמויערט הויז אין מארק פאר זיך און זיין משפחה. דעם דאזיקן בנין, ווייל דאס איז משמעות געווען די ערשטע געמויערטע געביידע אין שטאט מיט א פא־נעם, האט מען גערופן די "קאמיעניצא", אזוי עד היום הזה. די משפחה פון ר׳ יאקעלע, אדער „די קאמיעניצא לייט" ווי מען האט זיי אין אלגעמיין גערופן, זיינען כמעט אלע געווען עשירים און בני תורה חסידים און אנשי מעשה. זייער הויפט מסחר איז געווען וואלד און האלץ. די „קאמיעניצא" משפחה איז געווארן דער „אדעל" פון דער שטאָט, די אריסטאקראטיע וועמענס איינפלוס אויף דער שטאט האט זיך אין די פריערע יארן שטארק געלאזט פילן. ביי אסיפות, ביי רבנים־וואלן און ביי כמעט אלע שטאטישע ענינים איז זייער מיינונג געווען מאס־געבענד און וואגיק, זייער אויפפירן זיך, הן אין געזעלשאפטלעכן און הן אין צדקה ענינים איז געווען א מוסטער פאר אלעמען.

די „קאמיעניצא משפחה" איז אויך געווען די פעסטונג פונעם כאנזער חסידות ביי וועמען תורה איז געווען דער עיקר העיק־רים פון לעבן און מען מוז מודה זיין, אז די „קאמיעניצא"־לייט האבן, א דאנק די טראדיציעס, וועלכע זיי האבן געירשנט פון זייערע זיידעס, דעם רב ר׳ שלמה׳לע און ר׳ יוסל ליביאנזער, ינט ווייניק כבוד פארשאפט דעם יידישן כזשאנאוו.

# ר' שלמה לייביש ז"ל

כידועה, האט דער כאנזער גאון און רב ר' חיים האלבר־שטאם ז"ל גיט ארויסגעזאגט די נעמען פון שטעט בכלל מורא האבנדיק צו אט דער נאמען איז ניט עפעס פון אן „הייליקן", וואס איז מטמא בפה און ווילענדיק אנרופן כזשאנאוו, האט ער געפלעגט זאגן די שבאט ווו עס וווינט ר' שלמה לייביש שענ־בערג. דאס איז געווען צו וויסן, אז מען מיינט כזשאנאוו.

ר' שלמה לייביש איז געווען א שם דבר, אן אייניקל פון פריער דערמאנטן ר' יאקעלע שענבערג. פון אים האט ער אי־בערגענומען בירושה די פירונג איבער דער משפחה פון דער „קאמיעניצא" און אויב „קאמיעניצא" האט זיך געהאלטן אין די ראמען, וואס איר גרינדער האט איר אנגעוויזן, איז עס אין א גרויסער מאס צו פארדאנקן איר אנגעזעענסטן און וויכטיקסטן פארטרעטער ר' שלמה לייביש.

דער דאזיקער ייד, איז געווען א פראכט־עקזעמפלאר פון דעם אלטן יידישן פאטריארכאלן טיפ, א למדן אין ברייטן זין פונעם ווארט מיט די שענסטע און ערהאבענסטע אייגנשאפטן, וואס זיינען מיט דעם פארבונדן.

א וואלד סוחר אין גרויסן פארנעם, באַרימטער פאכמאן אין דער האלץ בראנזשע, וואס אויף זיין מבינות האט מען גע־שטעלט טויזנטער גולדענס. די גאנצע יארן זיינע האט ער פארבראכט ביי דער גמרא. זייענדיק גלייכצייטיק געבענטשט מיט תורה, עשירות און אנזען האט ער זיך געהאלטן פאר אן עניו. שווער געווען ביי אים אויסצוכאפן דעם „גוט מאָרגן", אדער „גוט שבת". ער איז געווען תמיד א מקדים בשלום חברו, צוגעלאזן

צו יעדן, ניט געבלאזן פון זיך. און מיט די מעלות האט ער זיך דערוואָרבן די אכטונג פון אלע און אויסנאם כזשאנאווער יידן. ר' שלמה לייביש זייענדיק נאך א יונגערמאנטשיק האט שוין פארנומען א גאר חשובן פלאץ צווישן די מקורבים פונעם סאנזער רב און ער האט אין זיך פארקערפערט דאס עכט סאנ־זער חסידות און מידות טובות פון ר' חיים'ן ז"ל.

לומדים האבן געוווסט אים צו שעצן אלס למדן, פשוטע יידן פאר זיינע גוטע מידות און פשטות און עמך מענטשן פאר זיין עניוות.

און אזוי איז ר' שלמה לייביש 7 צענדלינג יארן געווען דער סינאנים פונעם „שענסטן ייד" אין שטאט און ערלעכע פרומע ווייבער האבן זיך געוווּנטשן צו האבן קינדער, וועלכע זאלן געראטן אין ר' שלמה לייבישן.

# ר' בעריש לעווי ז"ל

דער דאזיקער ייד האט ווירקלעך פארדינט דערמאנט צו ווערן צווישן די טובי־העיר כזשאנאוו.

ער איז געווען א גרויסער גביר און אַויך אנגעזען ביי די ארומיקע שררות, טראץ דעם וואס ר' בעריש לעווי איז ניט גע־ווען קיין גראמאטנער (אחוץ יידיש, בוכשטבלעך ניט געקענט לעזן און שרייבן) איז ער א לאנגע צייט געווען בירגערמייסטער פון כזשאנאוו. ניט האבנדיק קיין קינדער האט ער זיין גאנץ פאר־מעגן פארטיילט אויף צדקה. זיין הויפט־אויפגאבע האט ער געזען אין חתונה מאכן ארעמע מיידלעך און יתומות, פיל פון וועלכע ער האט אויפגעצויגן ביי זיך אין הויז און דערנאך התונה געמאכט כדרך הגבירים. מען האט דערציילט, אז ער האט ביי זיין לעבן 50 אזעלכע יתומות געפירט אונטער דער חופה, שאצענדיק לויט דער צאל שטריימלעך, וואָס ער האט געקויפט פאר זייערע חתנים.

עס האט אויך געטראפן, ווען א ייד האט צוגעזאגט געבן נדן קודם החופה און ער האט ניט געהאט מסלק צו זיין — איז די איינציקע עצה אין אזא פאל געווען, צו גיין צו ר' בעריש לעווי. אפטמאל האט מען אים אויפגעוועקט אין מיטן דער נאכט און ער ר' בעריש האט געסילוקט דעם נדן.

אין צדקה איז ער געווען א פזרן. איינמאל אין א פורים ווערט דערציילט, ווען ער האט געזען, אז עס גייען ווייניק ארעמעלייט נאך געלט, האט ער ארויסגעשטעלט א מודעה אין דער ע"ל, מען זאל למען השם קומען אפנעמען דאס געלט, וואס ער האט אויף דעם דאזיקן יום־טוב אנגעגרייט און ער

האט זיך ממש געבעטן מען זאל אים ניט דעם לוסטיקן יום־טוב פארשטערן...

אויסער די מצוות פון צדקה און הכנסת כלה, האט ער אויך שטארק געהאלטן פון בקור חולים. ר׳ בעריש פלעגט גאנ־צע נעכט אויף זיין ביי קראנקע פון שטאט, מיטברענגענדיק פון כל טוב פאר די ארעמע פון זיי.

ר׳ בעריש לעווי ניט זייענדיק קיין תלמיד חכם. איז שטארק באליבט געווען ביי זיין לעבן ביי די כזשאנאווער יידן און ער האט זיך נאך זיין טויט פארזיכערט א גוטן נאמען אין דער שטאט.

# גיטל נחמן׳ס

לייענדיק ייִנגלוויִיז די פארשידענע, הערלעכע לעגענדעס פון די נשים צדקניות און באזונדערס וועגן דער ווונדערבארער געשטאַלט פון שרה בת טובים, האט זיך מיר די לעצטע פאר־געשטעלט אין מיין דמיון, אַז זי האט געמוזט אקוראט אויסזען ווי גיטל נחמן׳ס.

גיטל נחמן׳ס איז אין כזשאנאוו געווען א פארקערפערונג פון די איינגנשאפטן, וואס א יידישע פרוי האט גע־ארפן בא־זיצן ביי יידן אין די פריערדיקע דורות, גאטספארכטיקייט, מענטשן־ליבע און צדקהי

א טאכטער פון אַ פראסטן און ערלעכן ייד. ניט קיין למדן און ניט קיין חסיד. דערפאר אבער א בעל צדקה מיט אווארעם יידיש הארץ, האט גיטל נחמן׳ס (דער פאטער האט געהייסן ר׳ נחמן ווישניצער ז״ל.) זיך געשטעלט אין דינסט פון ארעמע און באדריקטע, פאר זקנים און קראנקע, פאר אלמנות און יתומים.

עס איז ניט געווען קיין איין צדקה־חברה, אדער פי־לאנטראפישע אינסטיטוציע אין וועלכער גיטל נחמן׳ס זאל זיך ניט האבן באטייליקט. די דאזיקע איידעלע און רחמנות־פולע פרוי האט אויך געהאט אן אייזערנעם ווילן דורכצוזעצן אירע ווונטשן און א דאנק דעם איז זי געווארן נאך ביים לעבן א לע־גענדארישע פיגור.

זי האט זיך געהאלטן און מיט רעכט אלס מאמע פון שטאט און איר ראל אלס אזעלכע האט זי אויסגעפירט בשלמות. אן אויסערגעוויינלעכע ענערגיע און מוט האט זי ארויסגעוויזן בעת די אקציעס מציל צו זיין יידישע נפשות פון גויישע הענט. אין

באברעק אַן ערך 10 קלמ. פון כזשאנאוו האָט געוווינט א גרע־פין, וועלכע האָט געהאַלטן פאַר א מצוה אויסצוהאַלטן אין א דערנעבנדיקן קלויסטער׳ אַן אינטערנאַט פאַר אינטערגעוואָרפע־נע קינדער. און יעדעס מאָל, ווען גיטל נחמן׳ס האָט זיך דערוווסט פון די קלויסטער אנגעשטעלטע, אַז עס איז אַהין אנגעקומען א יידיש קינד איז זי תיכף געלאָפן צו דער גרעפין און מיט כל המיני תחבולות געפועלט ביי איר דאָס יידישע קינד איר ארויסצוגעבן. די דאָזיקע אינטערוועגצן האָבן געפאָדערט ענערגיע און מסירת־נפש. ווייל די אנטיסעמיטישע גרעפין פלעגט אַנרייצן אירע משרתים מיט די הינט אויף גיטל נחמן׳ס, וויסנ־דיק, אַז אויב גיטל נחמן׳ס וועט נור אריינקומען וועט זי שוין מוזן איר אַלץ נאָכגעבן...

דער מושב זקנים אין כזשאנאוו איז א דאַנק איר איניציא־טיוו און נאָך מער איר געלט געבויט געוואָרן, אומגעהויער פיל מי און ארבעט האָט גיטל נחמן׳ס אריינגעלייגט אין דער דאָ־זיקער אינסטיטוציע, וואָס איז אבער ליידער נאָך איר אפּפאָר אפּגעלאָזט און פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן.

אפילו די שטעטלדיקע משוגעים האָבן געגאַסן פון איר וואָכזאַם אויג און איידל הארץ. זי פלעגט דעם אַלעמען באַ־קאַנטן שטאָט משוגענעם מנחם משה, וועלכער איז תמיד שטאַרק פאַרוואָרלאָזט געווען, פון צייט צו צייט לאָזן אפּגאָלן דורך אירע באַצאָלטע מענטשן און מיט כח פירן אין מרחץ אריין אפּוואַשן און אים פאַרשאַפן פרישע וועש מיט מלבושים צום איבערבייטן. פיל האָט מען זיך נאָכדערציילט פון איר איינפלוס און ווירקונג אויף אפּענע און באַהאַלטענע בעלי עברה׳ניקעס, זיי מחזיר למוטב צו זיין און צוריקפירן צו דער אנשטענדיקער און יידישער געזעלשאַפט. צווישן אַנדערע האָט מען דערציילט, אַז דער דע־מאָלטדיקער בירגערמייסטער פון כזשאנאוו, דער פאַרברענטער אסימילאַטאָר און א יידישער שונא ישראל, דר. קעפּלער, וועל־כער האָט ממש ניט געקענט קוקן אויף אַן אייגענעם יידישן ברודער, איז פון גיטל נחמן׳ס פערזענלעכקייט און איידלקייט אַזוי באַאיינפלוסט געוואָרן, אַז ער האָט צוליב איר זיך אנגע־

טאן אן ארבע כנפות און איר פארשפראכן צו לייגן יעדן טאג תפילין...

גיטל נתמן'ס האט איר גאנץ לעבן געשטרעבט צו קומען אין לאנד פון די אבות און ווען דער מאן אירער איז גע־שטארבן, זייענדיק נאך א פרוי אין די מיטעלע יארן און קינ־דערלאז, האט זי זיך אריבערגעקליבן קיין ארץ ישראל און דארט אין דעם אויסגעבענקטן לאנד ביים כותל המערבי און קבר רחל האט זי מיט תפילות ותחנונים פארגעזעצט איר הערלעכע אר־בעט פאר דעם יידישן כזשאנאוו.

# ר׳ אברהם יוסף איגרא ז״ל

## (זשעלינער רבי)

יארן־לאנג האט אין כזשאנאוו געוווינט דער זשעלינער רבי, וועלכער האט אין זיין צייט געשפילט א באדייטענדע ראל.

דער דאזיקער ייד האט זיך ניט דוקא אויסגעצייכנט מיט לומדות, אדער שארפזין און אפילו ניט מיט זיין רבישן „הויף״. אויב מיר דערמאנען אים צווישן די טובי העיר, איז עס קודם־כל דערפאר, ווייל זיין צדקות האט געהאט א שם ניט נור אין שטאט גופא, נור אויך אויסער אירע גרענעצן.

א יידל א קליינס און מאגערס, ניט באזונדער אנזעעוודיק. דערפאר אבער א קאטעגארישער און א שטרענגער. ער האט געהאט א געוואלדיקע השפעה אויף זיינע חסידים, וועלכע זיי־נען דאס רוב באשטאנען פון לויטער עמך יידן, פראסטאקעס און ובפרט אויף די דייטשע יידן, וועלכע האבן געוווינט אויף יענער זייט גרענעץ.

זיין התנהגות איז געווען אנדערש ווי די פון פיל רביים אין זיין צייט. אן אסקעט אין פולן זין פונעםווארט האט ער גאנ־צע טעג פארבראכט אין תפילות און תענתים, זייענדיק אין גאנ־צן אויסגעטאן פון די הבלי עולם הזה. פארביטערטע הערצער האבן געשטראמט פון ווייט און ברייט זוכנדיק א תקון צו זיי־ערערע ווייטאגן און מיט פארלייכטערטע געמיטער פון אים א־וועק, באקומענדיק א ברכה, אדער א צוזאג פון דעם באמת הייליקן מאן.

די גייסטיקע השפעה פונעם זשעלינער רבין אויף די כזשא־נאווער יידן גופא איז ניט געווען איבריק גרויס. דאס לאזט זיך

דערקלערן מיט דעם, וואס כזשאנאווער יידן האבן געצויגן צו אזעלכע רבישע „הויפן“, וואס זיינען אויך געווען תורה צענטערן ווי למשל, סאנז, שיניאווא, ראדאמסק און שפעטער באבאוו. ניט קוקנדיק דערויף האט זיך אָבער זיין מאראלישער איינפלוס שטארק געלאזט שפירן אין דער יידישער באפעלקערונג. און דאס איז קודם־כל א דאנק זיין אויסערגעוויינלעכער ליבע צו צדקה. דער זשעלינער רבי האט געוויזן א ביישפיל ווי אזוי מען טיילט צדקה. דאס גאנצע געלט, וואס ער האט באקומען אין האנט פון זיינע צאלרייכע פארמעגלעכע חסידים האט ער באלד פאר־טיילט צווישן אָרעמע, ניט איבערלאזנדיק פאר זיך אויף פרנסה. מען האט דערציילט, אז די רביצין פלעגט אפטמאל אנקומען צום גבאי אויף א גמילת חסד. אימפאזאנט איז געווען זיין פאר־זארגן אָרעמע אבער בכבוד׳יקע בעלי בתים מיט פראדוקטן אויף פסח. דער רבי האט געלאזט באַקן אויף זיינע הוצאות מצות, איינגעקויפט קארטאפל און געלאזט ברענגען גוטע ארץ ישראל און אונגארישע וויינען אויף ארבע כוסות און דאס אלץ האט ער דורך זיינע פארטרויונגס־מענטשן פארטיילט און אהיים געשיקט צו די נצרכים אין שטוב אריין, פארשפארנדיק די דאזיקע יידן איברי־קע שפיכת דמים...

ווען דער קאזשעניצער רבי איז אין יאר 1910 צוריקגעפארן פון די ווינער דאקטוירים א קראנקער און צעבראכענער איז ער געווען אין כזשאנאוו ביים זשעלינער רבין. ביי אים אין שטוב איז ער אויך נפטר געווארן. פאר זיין פטורה האט ער אהיים געשריבן צו זיין בני בית, „איך בין דאָ ביי א ייד, וואס קען בעטן פאר א ייד“...

# ר׳ זיסמעלע שמש ז״ל

אן אייגנארטיקער טיפ ייד איז ער געווען, א פאראדאקס אפילו אין די פריערדיקע יארן. און עס איז כדאי זיך נעענטער צו באקענען מיט דעם דאזיקן באמת ערלעכן ייד און מענטש, וואס כזשאנאוו האט אמאל פארמאגט.

ר׳ זיסמעלע שמש (ציזנער) האט געהאט א שיינע שניט־קראם אין מיטן מארק. געווען א סוחר אין די פעדערן און גע־האנדלט מיט גרויסע פירמען אין קראקע. פרנסה האט אים ניט געפעלט. אנגעזען צווישן סוחרים, א למדן מיט וועמענס מיי־נונג תלמידי חכמים האבן זיך גערעכנט. געהאט א פענאמענאלן זכרון, געקענט גאנץ משניות בעל פה. א מוסטער פון א בעל צדקה און דאך — א פשוטער שמש פון גרויסן בית המדרש אין משך פון 5 צענדליגער יארן. ווי אזוי דאס איז געשען? גאנץ פשוט. געווען א צייט ווען, דאס בית המדרש איז געשטאנען אן א שמש, ס׳איז ניט געווען ווער ס׳זאל א ליכטל אנצינדן און אנדערע וואכעדיקע זאכן טון, האט זיך ר׳ זיסמעלע געשטעלט פרייוויליק אן א שום שכר אלס שמש, ווייזנדיק מיט זיין האנד־לונג, אז עס איז ניט קיין בושה, נור א כבוד צו באדינען גאטס הויז. פון דעמאלט אן האט ער פארנאכלעסיקט זיין געשעפט און זיך אינגאנצן געווידמעט דעם שמשות.

זיינע הכנסות פון די פריוואטע בעלי בתים ווי אויך דאס שכירות, וואס קהל האט אים שפעטער אויסגעצאלט, האט ער פארווענדעט אויף צדקה און דאס טאקע אין דער שענסטער פארם, וואס מען קען זיך נור פארשטעלן. זיין צדקה טיילן האט געהאט א סדר און איז ניט באשטאנען אין געבן גראשנס צו ארעמע לייט, וועלכע שטרעקן אויס די האנט נאך א נדבה און

ביי וועמען דאס „בעמען" איז געווען א פראפעסיע. ר׳ זיסמעלע האט זיך כמעט ווי ספעציאליזירט אויסצוגעפונען חשובע בעלי בתים, בעלי מלכות, וועלכע ליידן מיט זייער הויז־געזונד הונגער — ניט ווילנדיק ארויסווייזן זייער נויט פאר פרעמדע. אט פאר אזעלכע נצרכים האט זיך ר׳ זיסמעלע געזארגט, און פאר זיי שפייז פארשאפט.

דער שרייבער פון די שורות האט אלס יונגל אפט באַמערקט ווי דער דאזיקער ייד האט זיך בגנבה צוגעטשעפעט צו בכבודע מענטשן בעת זייער דאווענען שמונה עשרה און אריין געשטיפט אין זייערע קעשענעס עטלעכע גילדן. אפט האבן די מקבלים אליין ניט געוווסט ווער עס האט זיי געהאלפן און אפשר געראטעוועט פון הונגער. עס איז איבריק צו באמערקן, אז די שטאט האט געוווסט ווי צו אכטן און שעצן דעם דאזיקן ייד און געקענט זיך אויף זיין תמימות און צדקות.

# ר' הירש לייב באקאָן ז"ל
## (בית־המדרש חזן)

הגם ר' הירש לייב איז ניט געווען קיין כזשאנאווער מלידה, האט ער אבער דאס יידישע כזשאנאוו אויף דער וועלט באַרימט געמאכט און אויב כזשאנאוו איז מיט דער צייט געווארן א מעטראפאליע פון יידישער און חסידישער נגינה איז אין א גרויסער מאס צו פארדאנקען ר' הירש לייבן.

א ייד א תלמיד חכם, מוזיקאלישער גאון, א הארציקער העלדנטענאר און פרוכטבארער קאמפאזיטאר צוגלייך. זיינע צאלרייכע קאמפאזיציעס — האט מען איבערגעגעבן — האבן דערגרייכט אין די הונדערטער און זיינען פארשפרייט אַויף דער גאנצער וועלט און מען ווייסט אפילו ניט, ווער זייער מחבר איז געווען. ר' הירש לייב האט פארפאסט קאמפאזיציעס אויף אלע יידישע תפילות ניט אויסמיידנדיק אפילו א קאמפאזיציע אויף קדוש החמה און אויף דער ודוי. (פיל קאמפאזיטארן אַון מוזיקער האבן זיך ארויסגעזאגט, אז די ודוי קאמפאזיציע איבערשטייגט אין איר נאטורקראפט שאפענס בארימטן טרויער־מארש) אין זיינע נגונים און ספעציפיש חסידישער נוסח־התפילה איז געלעגן יידישע הארציקייט און חזניש קענען. ר' הירש לייב האט אין כזשאנאוו מיט זיין אייגנארטיקן נוסח געגרינדעט א שול, ניט קיין נייע, אדער פרעמדע מאטיוון האט ער אין איר אריינגעבראכט. ער האט ווי א פאכמענישער קונסט־זאמלער קאנסערווירט און ווי א מומחה אין זיין פאך סארטירט די אלע פון דורות לאנגע איבערגענומענע נוסחאות, געשאפן פון דעם איין הארמאנישע, גאנצע, דעם יידישן אויער אזוי טייער און הארציק

קלינגענדיקע מעלאדיע. פיל פון זיינע מוזיקאלישע שאפונגען זיינען געשפילט געווארן פון מאדערנע מוזיקער און אפילו פון ניט יידישע.

געדאווענט האט ר׳ הירש לייב אין גרויסן שטאטישן בית המדרש, וואס איז תמיד בעת זיין דאוונען געווען איבערפילט איבער די ברעגעס.

מיט כזשאנאוו איז ר׳ הירש לייב געווען שטארק פאר־בונדן. ער האט זיין כזשאנאווער אוידיטאריע ניט געוואלט אויסטוישן פאר קיין שום אנדערע. מען האט אים אין בערלין, ווו ער איז געווען צייטווייליק אין די יארן 1917 — 1918 שטארק געוואלט האבן אין דער דארטיקער ארטאדאקסישער שול אויף דער גרענאדירשטראסע אויף פיל בעסערע באדינגונגען ווי אין כזשאנאוו. אויך אין לאנדאן האט מען אים אין דער גלייכער צייט פארגעשלאגן א חזנות־פאסטן, אבער ר׳ הירש לייב האט עס אפגעווארפן. ער האט נור געוואלט דאוונען פאר אזעלכע יידן — ווי ער האט זיך טרעפלעך אויסגעדריקט — וועלכע דאוונען מיט אים מיט און פארשטיין דאס, וואס ער זאגט אדער זינגט...

און פארשטאנען האבן אים אפילו אזעלכע, וועלכע האבן קיין פּירוש המילות ניט געקענט. א חוץ זיינע חזנישע קאמפּא־זיציעס איז ער געווען אן ערשטקלאסיקער קינסטלער אין חזנישן „זאגן", אין אינטערפּרעטירן די תפילות, וואס האבן דערגרייכט צום הארץ און געוויסן. ווי גרויס זיין טאלאנט האט געווירקט אויף זיינע צוהערער, קען דינען פאלגנדער עפּיזאד.

פארענדיק אין באן מיט יאהן צוריק פון ברעסלוי קיין בערלין, האט זיך צום שרייבער פון די דאזיקע שורות צוגע־טשעפּעט א דייטשמיט א שמאלצינקן קארק אין מיט א פּנים פאר־לאפן פנים. דער דייטש האט זיך פארגעשטעלט אלס ייד און דערציילט, אז ווען ער איז איינמאל אין ראש השנה געווען אין כזשאנאוו, האט זיך אים פארגליסט צו הערן דעם בארימטן חזן (געזאגט האט ער קאנטאר). קומענדיק אין גרויסן בית המדרש, האט ער זיך פשוט דערשראקן פאר די געסטיקולאציעס און

שאָקלען זיך פון די חסידישע מתפללים און אוממענטשלעכע קו־
לות זייערע ביים דאַוונען. אבער, ווען ער האָט דערהערט ר׳ הירש
לייבן „זאָגן“ דעם הנני העני ממעש, האָט זיך אין אים מאָ־
מענטאַל דערוועקט אַ הרהור תשובה און ביי זיך באַשלאָסן
מהיום והלאה צו לעבן נור פאַר יידן און אויב נויטיק אויך מוסר
נפש זיך צו זיין פאַרן יידנטום...

דרך אגב איז כדאי צו באַמערקן, אַז עס לעבן נאָך היינט־
צוטאָג אויף דעם כדור הארץ עטלעכע פון ר׳ הירש לייב׳ס תל־
מידים, וועלכע געדענקען נאָך זיינע ווּנדערבאַרע קאָמפּאָזיציעס
פון זכרון און עס וואָלט געווען מער ווי רעכט, זיי זאָלן אָט די
אוצרות פון יידישער נגינה זאַמלען און פאַרשרייבן. אויב זיי
וועלן עס טון, וועלן זיי פאַרדינען דעם דאַנק פון די צוקונפטיקע
דורות ותבוא עליהם ברכה.

# ר' לייביש מייזעלעס ז"ל
## (שול חזן)

ניט ווייניקער כבוד האט פארשאפט דעם יידישן כזשא־נאוו דער חזן פון דער שטאטישער שול ר' לייביש מייזעלעס ז"ל. די כזשאנאווער יידן, וועלכע האבן אים געקענט, וועלן זיך זיכער פרייען אים צו זען צווישן דער גאלעריע פון אונדזערע טובי העיר. ר' לייביש האט זיך עס ערלעך און כשר פארדינט ניט בלויז מיט זיין 40 יעריקער טעטיקייט אלס חזן־מוזיקער, נאר אויך מיט זיינע מדות טובות אלס מענטש און ייד פון נאטור אן אריסטאקראט און פיין דערצויגענער מענטש מיט א העכערע מוזיקאלישע אויסבילדונג. א בן תורה און ערלעך פרומער, אפגעהיטענער ייד. א שארפער חסיד און מקורב אי סאדיגורער און הושאטינער רבישע „ה'יפן". מיט די מעלות האט זיך ר' לייביש דערווארבן גרויס יראת הכבוד און אנזען ביי כזשאנאווער יידן.

אויב ר' הירש לייב איז געווען א ווערדי אין חסידישער נגינה, איז ר' לייביש דאקעגן געווען דער — להבדיל — וואג־נער פון דורכגעטראכטער קאמפאזיציע אין זיינע חזניש־מוזיקא־לישע שאפונגען. ער איז געווען א מייסטער פון כאראלן גע־זאנג, וואנדערבארער דיריגענט און ועל כולם א לירישער טענאר פון גאטס חסד. זיין חנוכה ליכט־צינדן אין פריערע יארן ביי דער באגלייטונג פון א פארשטארקטן כאר און שיין קאמבינירטן שטרייך און בלאז־ארקעסטער איז תמיד געווען א געשעעניש פון א גרויסן פארנעם און צוגעצויגן המונים פון מנגנים. צווישן זיי־נע צוהערער און פאר'ערער האט זיך אויך געפונען דער

פריער דערמאנטער ר׳ הירש לייב.

אי זיין כאר האבן געזונגען און זיך אויסגעבילדעט שפע־טערע באקאנטע חזנים. צווישן אנדערע דער אויבער־קאנטאר אין ווינער פאזמאניטן טעמפל יוסף גיבליכמאן. צווישן זיינע משוררים אין כאר איז געווען, דער אין זיין צייט בארימטער ערשטער העלדן־טענאר פון דער דעמאלט קעניגלעכער אפערע אין בערלין יוסף מאן.

א דאנק די צוויי בארימטע חזנים ר׳ הירש לייב און ר׳ לייביש מייזעלעס האבן כזשאנאווער יידן באקומען א באגריף פון גוטער מוזיק בכלל און יידישער נגינה בפרט. עס איז אין שטאט געווען א באַדייטנדע פלעיאדע פון מנגנים, וועלכע, טראָץ דעם, וואס זיי האבן ניט געקענט קיין נאטן, זיינען געווען ברייט באקאנט מיט זייערע ניט דורכשניטלעכע טאלענטן. דער עמוד אין כזשאנאוו איז ניט בלויז געווען דער טויער צום כסא הכבוד נור אויך אן ארט פון נגינה, און ווער עס איז צו אט דעם ארט צוגעגאנגען — האט אויך געמוזט קענען.

# ר׳ ישראל לייזער ווײַנטרויב ז״ל

באַקאַנט אין פוילן און אויך אין אויסלאַנד איז געווען דער „כזשאַנאָווער בדחן״ ווײַנטרויב. א שם דבר אויף רבישע און גבירישע חתונות.

ניט סתם אן אויבערפלעכלעכער גראַמענזאָגער ווי דאָס רוב בדחנים, נור א טיפּישער כזשאַנאָווער בדחן. א תלמיד חכם אין דער טיף.

אויסערדעם, וואָס ער איז געווען אן ערשטקלאַסיקער דעקלאַמאַטאָר זײַנען זײַנע גראַמען געווען דורכגעפלאָכטן מיט טיפזיניקער חקירה און פערלדיקע מאמרי חז״ל, זײַנע הלצות און גלײַכווערטלעך האָבן געשפּרודלט מיט שאַרפזיניקן הייטערן וויץ.

אין זײַן פאַך איז ווײַנטרויב געווען ממש א גאון, א שוישפּילער פון ערשטן ראַנג. בעת זײַן „זאָגן״ ביים חתן קודם החופה און בײַ דער כלה בשעת „באַדעקנס״ האָבן אפילו באַיאָרטע יידן טײַכן טרערן פאַרגאָסן — און געקאַטשעט זיך פאַר געלעכטער, ווען ווײַנטרויב האָט נאָך דער חופה־וועטשערע משמח געווען דעם עולם מיט זײַנע וויצן און „שטיקלעך״.

עס איז געווען אנגענומען, אז בעת מען האָט עמיצן פאַרבעטן אויף א חתונה, האָט מען זיך פאַר אַלעמען פאַראינטערעסירט, אויב ווײַנטרויב וועט זײַן אויף דער שמחה. עס איז שוין געווען באַקאַנט, אז מען האָט געמוזט אנגרייטן מיט מער כבוד די מאכלים אויף אזא חתונה אויף וועלכער ישראל לייזער ווײַנטרויב האָט געדאַרפט זײַן דער בדחן.

זײַנע וויצן און אנשטעלן האָבן דאָס יידישע כזשאַנאָוו זעער

אפט אויפגעהייטערט פון מאמענטאלער עצבות. ביי א מרה־שחורה׳דיקע שטימונג איז געגוג געווען, אז וויינטרויב האט זיך נור באוויזן און שוין האט מען געלאכט און פארגעסן אן די צרות. אזא כוח האט געהאט דער דאזיקער מאדערנער הערשעלע אסטראפאלער.

# דר. אדאלף ריזער

מיר עלטערע ציוניסטן האבן אים תמיד גערופן דער „אל־טיטשקער". אין דער באצייכנונג האט זיך אויסגעדריקט אי ליבשאפט און אי יראת הכבוד פאר דעם אלעמען גוט באקאנטן דאקטאר.

מיר האבן אים ליב געהאט פאר זיין ווארעם מענטשלעך און יידיש הארץ, פאר זיין ריין געוויסן און ליבלעכע באציאונג. אלס דאקטאר האט ער זיך דערווארבן די ליבשאפט פון אלע אן אויסנאם כזשאנאווער יידן. מיר האבן אים, אבער אויך געאכטעט און געשעצט אלס ערלעכן און אן תנאים׳דיקן ציוניסט פון הערצלס חדר.

אין דער יוגנט האט ער צוזאמען מיט ד"ר שמואל ציפער ה. י. ד. אנגעפירט מיט דער ציוניסטישער באוועגונג אין כזשאנאוו, אין אלע ציוניסטישע אימפרעזעס האט ער זיך אקטיוו באטייליקט. ער האט א גרויסן טייל פון זיינע הכנסות אוועקגעגעבן פאר די ציוניסטישע קרנות. מיט זיין געלט איז אויפגעבויט געווארן אין יאר 1940 די שול „אנשי־חיל", וואס האט נאכער געדינט אזוי צוזאגן פאר א טריבונע פון ציוניסטישע מאניפעסטאציעס.

אונטער זיין איינפלוס האט זיין פרוי אומדערמידלעך געארבעט לטובת הכלל אין נאציאנאלן יידישן גייסט, דינענדיק מיט איר איבערגעגעבנהייט און אויפירונג אלס מוסטער פאר אונדזערע יידישע פרויען.

ווען די יידישע אינטעלעגענץ איז א ביסל מער אויסגעוואקסן אין דער ברייט, איז ד"ר אדאלף ריזער געווארן דער טאנגע־

בער פון דער יידישער נאציאנאלער געזעלשאפט בכלל און נא־
ציאנאלער אינטעליגענץ בפרט.

צו דער פרייד פון אלע לעבנגעבליבענע כזשאנאווער יידן איז
כדאי צו פארצייכנען, אז אונדזער אלטיטשקער האט על פי נס
אויסגעמיטן די רוצחישע דייטשע הענט און דערלעבט די פאר־
ווירקלעכונג פון זיין אלטן חלום: די פראקלאמירונג פון דער
יידישער מדינה אין ארץ ישראל.

# דר. שמואל ציפער ה״יד

א זון פון לייבל און פאַני ציפער, געבוירן אין א מאדער־נער יידיש־משכילישער שטוב. פון בארוף איז ער געווען אן אד־וואקאט. א לאנגע צייט געווען לייטער פון יידישן מעטריקע־אמט און ערשטער וויצע־בירגערמייסטער אין כזשאנאוו.

סאמועל ציפער, ווי מען האט אים אין אלגעמיין גערופן אין שטאט האט זיך כשר פארדינט מען זאל אים שטעלן א געהעריקע מצבה צווישן די טובי העיר פון שטאט. א מענטש מיט א סאציאלן חוש, א ייד מיט א ווארעם הארץ און א ציו־ניסט מיט א ברייטן האריזאנט, האט ער געקענט אין דער גרוי־סער יידישער וועלט דערגרייכן צו א הויכער מדרגה. אבער זיין כזשאנאווער לאקאל־פאטריאטיזם און זארג פאר די נויטן פון דער יידישער באפעלקערונג האבן אים צוגעשמידט צו דער שטאט. ניט קלענער איז אויך געווען זיין אמת׳ע און ריינע לי־בע צו זיין נאענטער משפחה וועמען ער האט זיין אייגענעם פאמיליענגליק געבראכט פאר א קרבן.

אויב מען וויל אפשאצן די 40 יעריקע טעטיקייט פון דר. שמואל ציפער, מוז מען צוערשט זיך באקענען מיט דער סביבה און אטמאספער אין וועלכער ער האט געלעבט.

פון איין זייט א חסידיש — קאנסערוואטיווע מאסע וועלכע האט ניט צוגעלאזט צו זיך קיין פריש ווינטל פון דער דרויסנ־דיקער וועלט און פון דער צווייטער זייט אן אונטערוואקסנדיקע יוגנט, וואס וואַרפט זיך פון איין עקסטרעמיטעט צו דער צווייטער מיט א קליינער צאל יידישע אינטעלעגענטן, וועלכע צאצ־קען זיך דוקא מיט דער פוילישער קולטור, ניט געפינענדיק פאר זיך קיין אנטשפרעכנדיקן פלאץ אין דער וועלט.

באלד ביים אנהויב פון זיין געזעלשאפטלעכע ארבעט אין נאציאנאל־ציוניסטישן גייסט האט שמואל ציפער ארויסגעוויזן זיין טאלאנט און שוווּנג, עקשנות און יידישע ווירדע, ניט קוקנ־דיק אויף די פארגליווערטע אנשויאונגען פון דער חסידישער מאסע און ניט רעכנדיק זיך מיט דעם למה יאמרו הגוים און די פארקריפעלטע אידעאלאגן פון דעם קליינעם הייפל אסימילאטארן.

בשעת די וואלן צו די עסטרייכישע פארלאמענטן, ווען די רבנים און רביים האבן מיט זייער פאליטישן בטלנות באהערשט די מאסע און תמיד געהייסן שטימען פאר דעם קאנדידאט, וועלכן דאס מלכות האט אויפגעשטעלט, האט ער געמעגט זיין דער גרעסטער שונא ישראל אבי דעם פריץ צופרידן צו שטעלן דעמאלט האט דר. ציפער געקעמפט ווי א לייב צו פארטיידיקן די יידישע נאציאנאלע פאסטולאטן און פאליטישע אספיראציעס.

אויב עס האט זיך געהאנדלט צו פארטיידיקן יידישע אינ־טערעס, איז שמואל ציפער אויך א גוטער אדוואקאט געווען מיט א טיפער ערודיציע. ער איז אבער גלייכצייטיק געווען א שארפער מאנער און קעמפער קעגן דיסקרימינאציעס. די שתד־לנות פאליטיק פון מאנכע כזשאנאווער „פני" האט ער שארף פאראורטיילט און באקעמפט, ניט רעכענדיק זיך מיט זייערע מאמענטאלע דערפאלגן. דער יידיש־נאציאנאלער כבוד איז ביי אים העכער געשטאנען פון די אלע קליינינקע טובות און חסדים, וואס די באקאנטע כזשאנאווער שתדלנים ר' פייטל האלמאן און ר' ווייסמאן קינרייך האבן ביי די פוילישע נאכשאלסטווע אויסגע־פועלט אויף א ניט ווירדיקן אופן.

דר. שמואל ציפער איז ביים אנקומען פון די דייטשן אנט־לאפן מיט זיינע שווע־טער פון כזשאנאוו טיפער אין לאנד, גלויבענדיק, אז ווו מען קען זיי ניט, וועט ער זיך ראטעווען פון די דייטשע הענט. ער איז צוזאמען מיט זיין שוועסטער אומגע־קומען פון דייטשע רוצחישע הענט ביי דער פארניכטונגס־אק־ציע אין יאר 1942 ה"יד.

# ר׳ יחיאל זאיאנץ ז״ל

דער אלטער דור איז טראגיש פארשוואונדן און עס אי־
ליידער ניטא מער קיין האפנונג אין דער צוקונפט נאך אמאל
צו באגעגנען אזעלכע שיינע און אינטערעסאנטע יידישע טיפן
ווי עס איז געווען ר׳ יחיאל זאיאנץ ז״ל. עס איז דעריבער
כדאי צו געבן כאטש אין קורצן א באשיידן בילד פון אט דעם
כאראקטערפולן ייד אין אונדזער גאלעריע פון די טובי העיר.

אליין א זון פונעם עלקישער רב האט ער אין דער
יוגנט זיך אונגעזאפט מיט תורה לשמה און דערביי אויך ניט
אויסגעמיטן זיך צו פארטיפן אין מוסר ספרים און אין ספרים
חיצונים, זיין נשמה איז אבער ניט אפגעזעגנט געווארן — ווי
מען האט זיך דעמאלט אויסגעדריקט. אין קעגנטייל, לייענ־
דיק פרעמדע ליטעראטורן איז ער ערשט געווארן אן הייסער
פאטריאט פון דער העברעער יידישער מאראל. זיין הויפט־אויפ־
גאבע האט ער געזען אין דער דערצאנג פונעם יונגן דור.
ניט די פעטש פון די טאטעס און דער קאנטשיק פון די מל־
מדים האט ר׳ יחיאל זאיאנץ געהאלטן פאר דערציאיונגסמיטלן,
נור גוטע רייד און איינדרוקספולער אפעל צום געוויסן פונעם
קינד איז געווען זיין מעטאדע. רירענדיק ביז גאר זיינען גע־
ווען די סצענעס, ווען ר׳ יחיאל האט גערעדעט צו די קינדער
אין בית המדרש, אדער אין תלמוד־תורה. מיט זיין געבוירענעם
טאלאנט אלס מורה־דרך האט ער געווירקט אויף זייער רע־
ליגיעז אן גייסטיק לעבן. ר׳ יחאל זאיאנץ האט אויך פיל מי
און צייט אפגעגעבן פאר עלטערע יידן בעלי־מלאכות און קרע־
מער לערנענדיק מיט זיי אין די שבתים און ימים טובים,
שעורים פון ספרי מוסר און סדרה פון דער וואך. ער האט זיך

אויך אויסגעצייכנט אלס גלענצענדער מטיף און מיט זיין כוח הסברה און וווּנדערבארע משלים האט ער צוגעצויגן מאסן צוהערער. זייענדיק אליין א דערפארענער סוחר, וועלכער האט גוט געקענט די וואכנדיקע וועלט, איז זיין איינפלוס אויף זיינע צוהערער געווען באדייטענד גרעסער ווי פון די פראפעסיא־נעלע מגידים און בטלנישע בעל דרשן׳ס.

פערזענלעכע גוטע מידות און א פריינדלעכע באצאנג צו אנדערע מענטשן האבן דערוועקט צו אים ליבע און דרך־ארץ מצד א גרויסן טייל כזשאנאווער יידן. יהי זכרו ברוך.

# ר׳ שמואל גראַיאַווער ז״ל

ניט קיין כלל־טוער אדער סתם קהלישער קאַבלעפּל, ניט קיין תקיף און אפילו ניט קיין שתדלן איז ר׳ שמואל גראַיאַווער געווען, הגם זיינע גייסטיקע פעיקייטן און מאַטריעלע מיטלען וואָלטן אים דערמעגלעכט צו פאַרנעמען אַ וויכטיקע געזעל־שאַפטלעכע פּאָזיציע. דאָך איז ר׳ שמואל גראַיאַווער גע־ווען איינער פון די ליכטיקסטע פּערזענלעכקייטן פון אונדזער שטאָט.

אַן אייניקל פונעם קראָקעווער דיין ר׳ יידל גראַיאַווער ז״ל און אייניקל פון דער באַקאַנטער קראָקעווער משפחה שאַמראַט, וואָס האָט געשמט מיט אירע שאַרפע און „ווילדע״ קעפּ, איז ר׳ שמואל געווען איינער פון די לעצטע מאָהיקאַ־נער פון די אַמאָליקע גאַליצישע משכילים. ער איז געווען אַ תלמיד מובהק פון די באַגרינדער פון חכמת ישראל ר׳ ש. י. ראַפּאַפּאָרט, ר׳ נחמן קראָכמאַל און ר׳ יוסף פּערל.

ר׳ שמואל האָט זיך אויסגעצייכנט פון די אַנדערע כזשאַ־נאָווער תלמידי חכמים, הגם זייער צאָל איז ניט געווען קליין — מיט זיין גרינדלעכן קענען. מיט זיין פענאָמענאַלן זכרון און לאָגישן אַנאַליז. ער איז געווען אַ טיפער ערודיט אין תלמוד און אין וועלטלעכן וויסן און האָט געהאַט אַ מאָדער־נעם און זאַכלעכן צוגאַנג צו אַלע פּראָבלעמען פון יודנטום בכלל און חכמת היהדות בפרט. ר׳ שמואל איז געווען דער סינטעז פון אַ שיינעם יידישן טיפּ, אַ טיף רעליגיעזן און מאָ־דערן דענקענדיקן מענטש צוגלייך.

אַ חוץ דעם איז ר׳ שמואל מיט זיינע ברידער ר׳ חיימל גראַיאַווער פון קוואַצשאַלאַ און ר׳ סענדער גראַיאַווער פון

יאוואַרזשנאַ געווען אין מערב גאַליציע באַקאַנט אַלס די בעסטע קענער פון ספר הספרים, פונעם ת"נ"ך.

אַלס גוטער העברעאישער סטיליסט און בעל דקדוק, האָט ער זיך זעער פיל אָפּגעגעבן מיט דער אַלטער יידישער ליטעראַטור. קאַטוילישע גייסטלעכע, וועלכע האָבן אים גוט געקענט האָבן אים זעער אָפּט און גערן באַזוכט, כדי אויסצוהערן זיין מיינונג איבער פאַרשידענע פילאָזאָפּישע און רעליגיעזע פראַגן, אויסמיידענדיק דערביי ניט אַנגענעמע רעליגיעזע דיספוטן.

אויך די פוילישע בעסערע אינטעליגענץ האָט זיך מיט גרויס יראת הכבוד באַצויגן צו אָט דעם ייד, וועלכער האָט דעם יידישן כזשאַנאָוו פאַרשאַפט פיל כבוד.

# ר׳ סיני קורץ ז״ל און זיין „הויף“

ר׳ סיני קורץ ז״ל מיט זיין „הויף“ איז געווען א מין יידישער פאטריצער. אליין א גרויסער נגיד איז ער געווען א מוסטער פון פארצייטישן יידישן פאטריארך, בעל צדקה אין ברייטן פארנעם און מיט טיפער פארשטענדניש פאר די נויטן פון אנדערע. מען האט דערציילט, אז עס האט אים אמאל באזוכט א פרעמדער ארעמאן. זעענדיק, אז דער ייד גייט אנשטענדיק געקליידעט האט ער דעם ייד געגעבן א נדבה א גאלדשטיקל, אננעמענדיק דעם דאזיקן ייד פאר א יורד. אויף דער נאכט אבער, האט ווער פון זיין בני־בית דערציילט, אז ער האט געטראפן דעמזעלבן ארעמאן אין רעסטאראן, אויסגעבנדיק דאס גאנצע גאלדשטיקל פאר געגנזענס מיט ווייַן. הערנדיק די געשיכטע, איז ר׳ סיני ארויס פון שטוב אויפגעזוכט דעם ארעמען ייד און צוגעגעבנדיק אים נאך א גאלדשטיקל האט ער זיך פאר אים אנטשולדיקט, אז ווען ער וואלט פריער געוווסט, אז א ייד איז געוווינט צו עסן גענזענס און פארטרינקן מיט ווייַן, וואלט ער אים באלד געגעבן אנשטאט איין, גלייך צוויי גאלדשטיקלעך.. דער דאזיקער עפיזאד איז בִכלל כאראקטעריסטיש פאר אַמאליקע יידישע נגידים, וועלכע האבן געטיילט צדקה ניט לשם פרסום, נור צוליב אן אויפריכטיק באדערפניש צו העלפן נויטבאדערפטיקע.

ר׳ סיני קורץ איז תמיד געווען אין גוטן הומאר, ווען עס האט געהאלטן ביי געבן געלט. ווי באקאנט האט ער געהאלטן בשותפות מיט ר׳ שלמה זעלינגער די פראפאנאציע, (אין די עסטרייכישע צייטן איז עס געווען די ארענדע אויפן ספירט־מאנאפאל) ער איז געווען אן הייסער אנהענגער פון רב ר׳

נפתלי און ווילענדיק אים מיט וואס עס איז מהנה זיין, האט ר׳ סיני ארויסגערופן קינסטלעכע סיכסוכים מיט זיין שותף, וועלכער האט אין ענין געלט־געבן א ביסל אינטערגעהינקט. פון די דאזיקע אפטע דין־תורות האט ר׳ נפתלי געהאט פרנסה ברוח.

זייענדיק אן עושר האט ר׳ קורץ געפירט א באשיידן הויז. ניט זייענדיק אליין קיין תלמיד חכם, איז ער אבער גע־ווען א מוקיר רבנן, געשטיצט תלמידי חכמים און תורה אינס־טיטוציעס. אליין ניט קיין חסיד, האבן דאך אלע אנגעפא־רענע רביים געפונען ביי אים אן אפענע טיר. אט אזא מין ייד איז געווען דער בעל הבית פונעם „הויף". און איצט א פאר ווערטער וועגן דעם „הויף" גופא.

אויב כזשאנאוו איז געווען אן אמתע יידישע שטאט איז ר׳ סיני קורץ׳ס „הויף" געווען דער סאמע יידישסטער. א חוץ ר׳ סיני מיט זיינע קינדער האבן דארט אויך געוווינט יידן פון אנדערע משפחות און צוזאמען האבן זיי געבילדעט איי גרויסע יידישע פאמיליע.

אין דעם דאזיקן „הויף" האט פולסירט א ריין יידיש לעבן. א יידישער לוח, אדער זייגער איז דארט געווען איבריק. אלע שכנים זיינען אין דער גלייכער צייט אויפגעשטאנען צו סליחות, ערב שבת ל׳כט געצ׳נדן אין איין און דערזעלבער מינוט. ווען עמיצער וואלט אפילו פארגעסן, אז עס איז שבת, וואלטן אים די שמעקעדיקע פיש און דער ריח פונעם טשא־לענט דערמאנט וועגן דעם. דאסזעלבע איז געווען בשעת אלע יידישע ימים טובים.

דער דאזיקר „הויף" איז אין זיין צייט באשריבן גע־ווארן אין די ווילנער „יווא" בלעטער אלס א ספעציפיש יידישע אייגנארטיקייט. עס זיינען אין שטאט געווען אויך אנדערע יידישע הויפן, אבער דארט אהין האבן אמאל גויים פארבלאנדזשעט. ר׳ סיני קורץ׳ס „הויף" דאקעגן האט געא־טעמט מיט ריין יידישער לופט.

ביי פארשידענע פאליטישע אקציעס ווי וואלן וכדומה,

האבן די פארטייען געשיקט ספעציעלע שליחים צו באאר־בעטן דעם „הויף. אין די פריערע יארן איז גענוג געווען צו באקומען די הסכמה פון ר׳ סיני׳ן, דער „הויף" זאל מיט אים מיטשטימען. און אזוי ווי ר׳ סיני האט געזאגט אזוי איז אויך פארבליבן.

# מרדכי שאר

אין דעם פאנטעאן פון אונדזערע טובי העיר דארף בלי ספק ניט פעלן דער רירעווודיקער, ענערגישער און טראַץ זיינ׳ע 56 יאר נאך יוגנטלעכער טעמפעראַמענטפולער און אקטיווער דעם כזשאנאַווער עולים פון פריער און אַויך פון היינט גוטבאקאַנטן מרדכי שאר. ער איז מיט גוף און נשמה צוזאמענגעפלאכטן מיט כזשאנאוו, הן אלס גרינדער און אנ־פירער פון דער כזשאנאַווער פועלי־ציון מיט 40 יאר צוריק און הן אלס עוסק בצרכי ציבור פאר די כזשאנאַווער איבער־געבליבענע יידן נאך דער היטלער מלחמה אין אמעריקע.

פון די, וועלכער זיינען געשטאנען ביים ווינקעלע פון דער כזשאנאַווער ציוניסטישער באוועגונג אין אנפאנג פון היינ־טיקן יארהונדערט, איז מרדכי שאר געווען איינער פון די אינטערעסאנטסטע טיפן. סיי מיט זיין ערנסטקייט אַלס פאר־פירער און סיי מיט זיין אייביקן הומאר, וואס האט אים בא־ליבט געמאכט ביי דער דעמאלטדיקער יוגנט פון אלע שא־טירונגען. ער איז געווען איבעראל זעער פאפולער און מען האט אים טאקע אין אַלגעמיין גערופן „חבר" שאר. דעם דא־זיקע טיטל האט ער זיך ערלעך פארדינט צוליב זיין פריינד־לעכע און ליבנסווירדיקע באצאנג ניט נור צו אייגענע חב־רים, נור אויך צו מענטשן פון קעגנערישן לאגער. אפילו די פאטענטירטע „פרומאקעס" האבן זיך בצויגן צו אים מיט מער סימפאטיע ווי צו אלע אנדערע פארטיי־פירער אין שטאט. און ווי עס שיינט איז מרדכי שאר געבליבן דער זעלביקער וואס אמאל, געענדערט האבן זיך נור די באַדינגונגען. גע־בליבן איז ער דערזעלבער „חבר" שאר און אפשר נאך מיט

אן עודף. ווייל באלד נאך דער לעצטער מלחמה, ווען ס׳ איז באוווסט געווארן דער גרויסער חורבן פון פוילישן ובפרט פון כזשאנאווער יידנטום, איז מרדכי שאר געווען דער ער־שטער, וועלכער איז ניט געזעסן מיט פארלייגטע הענט. ער איז געווען דער איינציקער כזשאנאווער ייד מחוץ אייראפע, וועלכער האט זיך אפגערופן אויף דעם גרויסן בראך. מיט מסירת־נפש און שפרודלנדיקע ענערגיע ארגאניזירט הילף פאר די כזשאנאווער יידן, הגם עס איז אים־שווער און ביטער אנגעקומען צו זאמלען גראשענדיקע סומעס ביי ארעמע (ווייל רייכע גיבן ניט) כזשאנאווער יידן, אבער עד לחשבון איז עס געווארן א סימע פון עטלעכע טויזנט דאלאר. ער אליין האט איינגעקויפט פראדוקטן, אליין פארפאקט און אפגעשיקט צו די איבערגעבליבענע כזשאנאווער יידן בכל מקום שהם. די כזשאנאווער יידן וועלן דאס אייביק געדענקן. זאלן די עטלעכע באשיידענע שורות דינען פאר אים אלס אנערקענונג פאר זיין געלייסטעטער ארבעט און א נחמה פאר אלע בי־טערנישן און עגמת־נפש׳ן, וואס ער האט ווארשיינלעך דורכ־געלעבט. וה׳ ישלם שכרו.

# ר' משה באכנער הי"ד

## (משה אברהם העשל'ס)

אקוראט ווי זיין זיידע, דער ערשטער כזשאנאווער רב, איז ער אויך געווען א נסתר, א נחבא אל הכלים. גיט גע־זוכט קיין פרסום, א יושב אוהל געווען. אפילו צווישן איי־גענע כזשאנאווער יידן ניט געווען באזונדער פאפולער, ווייל די גאס האט אים ווינציק וואס געקענט, ניט געוווסט פון זיין חריפות און לומדות אין ים התלמוד און אין דער רבנישער ליטעראטור. צו שעצן אים האט געוווסט נור די לומדישע וועלט אין כזשאנאוו און צום טייל אויך אין קראקע, ווו ער האט לאנגע יארן געוווינט.

נתגלה געווארן אין דער עפנטלעכקייט און באזונדערס אין דער לומדישער וועלט איז ער ערשט אין יאר 1926 אלס 60 יעריקער זקן א דאנק זיין „ספר מחשבות משה" אין וועלכן ער ווייזט ארויס א געוואלטיקע בקיאות און אן אויסער־געוויינלעכן שארפזין, וואס נור יחידי סגולה זיינען דערצו זוכה. אין כזשאנאוו איז ער געבליבן דער איינציקער תלמיד חכם, וועלכער האט ארויסגעגעבן אן אייגענעם חבור, וואס האט געהאט א גרויסע באדייטונג פאר דער איבריקער וועלט.

ר' משה האט אויך אין די לעצטע יארן געשריבן און פאר־ענדיקט א צווייטן ספר. א מין ילקוט פון חדושי התורה און קאמענטארן אויף פארשידענע ניט גענויע שטעלן אין תלמוד. דער מאנוסקריפט איז ליידער פארניכטעט געווארן דורך דייטשע רוצחישע הענט. צווישן די כזשאנאווער תלמידי חכמים, האט ר' משה פארנומען דעם „אויבנאן" טראץ זיין באשיידנ־

הייט און עניוות און און טראָץ זיין אנטלויפן פון כבוד. דווקא מיט זיין אויסערגעוויינלעכער פשטות, האָט ער געווירקט ווי א גוטער ביישפּיל אויף זיין סביבה, וואָס האָט געוווּסט צו שעצן זיינע מעלות פון אַן ריינעם כאַראַקטער. ער האָט געלעבט אין א חסידישער סביבה, און דאָך קיין חסיד ניט געווען, ווייניק וואָס געהאַטן פון רביים מיט זייערע „הויפן", אויב עס האָט פון זיי ניט אַרויסגעשטראַלט קיין עכטע, אומגעפעלשטע תורה מסני.

ר' משה האָט מיט דעם גאַנצן חומר הדין מיטגעמאַכט דעם חורבן פון זיין שטאָט. שוין אלס 79 יעריקער זקן און א סגי נהור דערצו, איז ער אין באַגלייטונג פון זיין יונגסטער טאָכטער טייבל, וועלכע האָט איר טאַטן ניט געוואָלט לאָזן אליין צווישן די רוצחים, הגם זי האָט זיך געקענט זעלבסט ראַטעווען — ביי דער ערשטער אויסזידלונג אין מאַי 1942 פאַרשלעפּט געוואָרן אין נאָענטן אוישוויץ, ווו ער האָט אויסגעהויכט זיין ריינע און ערלעכע נשמה צוזאַמען מיט נאָך פיל אַנדערע כזשאַנאָווער יידן.

ונקם ישיב לצריו וכפר אדמתו עמו.

# דר. יצחק שווארצבארט

ואחרון אחרון חביב דאס בעסטע און שענסטע, וואס די שטאט כזשאנאוו האט געגעבן דעם וועלט־יידנטום בכלל און דעם פוילישן יידנטום בפרט. דעם זון מיט וועלכן די כזשאנאווער יידן שטאלצירן און וועלכער איז אונדז על פי נס איבערגעבליבן פון דעם גרויסן קרייז יידישע פערזענלעכקייטן, וואס דאס פויילישע יידנטום האט אמאל פארמאגט.

אויב עטלעכע יידן וועלן זיך צוזאמענטרעפן און שמועסן וועגן דר. שווארצבארט, וועט איר גלייך אויסגעפונען, וועלכער פון די יידן איז א כזשאנאווער, אויב אזעלכער איז צווישן זיי בנמצא. ווייל ער וועט דעם דגש שטעלן ניט אויף יצחק, נור אויף איגנאץ, דען אזוי האבן מיר כזשאנאווער אים גערופן פון קינדווייז אן. מיט עטלעכע און פערציק יאר צוריק, ווען ער פלעגט אהיימקומען צו זיינע עלטערן אויף די ימים טובים אין א מונדור פון אן עסטרייכישן גימנאזיאל־שילער מיט גאלדענע שטרייפן אויפן קאלנער, האבן מיר, דעמאלט נאך יונגע יונגלעך, אפילו שטרענג חסידישע, צוגענומען כוח און געזונט פון יעדן צוגעקומענעם גאלדענעם שטרייף, וואס האט באדייט דאס אריבערגיין אין אנהעכערן קלאס. אט נאך א יאר און איגנאץ וועט גיין אין אוניווערזיטעט און ווערן א דאקטאר. עפעס האבן מיר קינדער פון יענעם דור ווי אינסטינקטיוו געפילט. אז איגנאץ שווארצבארט וועט צו עפעס וואס דערגייכן. מיר האבן נור ניט געוווסט, צו אין אזא גרויסן מאסשטאב און וועלט פארנעם.

זיין פאטער ר׳ מרדכי שאול איז געווען א פשוטער יידישער און ערלעכער מענטש, געפירט א בעל־הבתיש יידיש רעליגיעז

הויז, געהאלטן א שענק, (קעגנאיבער דער „קאמיעניצע" און נאכהער אין מארק ווו באכנעק האט לעצטנס די שענק געהאט) ווו ער האט ערלעך און פלייסיק געארבעט אויף פרנסה. ר' שאול איז געווען א ביסל א שטרענגער, דערפאר אבער אן אויפריכטיקער, געקענט זאגן דעם אמת אין די אויגן אן חניפה און הינטערגעדאנקן. זיין מוטער א טייערע יידישע פרוי, א כשרה נשמה ווי מען פלעגט זאגן, מיט אן איינגעבוירענע איידלקייט, געטראגן א שייטל (פערוקע) מיט אלע פרומע ווייבער צוגלייך, געהאט אבער א זין פאר מאדערנער בילדונג און יוגנט דערצי־אונג. זי האט זיך באטייליקט אין אלע פילאנטראפישע אקציעס אין שטאט, דערביי אבער ניט פארנאכלעסיקט איר הויז און קינדער. צוזאמען מיט איר מאן זיך באטייליקט אין דער פרנסה און ניט פארגעסן אין פרעמדע ארעמעלייט, אלטע און קראנקע אין שטאט.

אויב דאס פוילישע און דאס וועלט־יידנטום האט עפעס וואס צו פארדאנקען דר. יצחק שווארצבארט, מוז מען זאגן ווי אונדזערע עלטערן פלעגן עס טון, אשרי יולדתו! חנה שווארצ־בארט האט כשר פארדינט דעם דאנק דערמאנט צו ווערן אין צוזאמענהאנג מיט איר גרויסן זון. רירענד און ערלעך איז די אויפשריפט אויף איר מצבה אויפן כזשאנאווער בית עלמין, „שחנכה את בניה להיות נאמנים לעמם".

צווישן איגנאץ און יצחק שווארצבארט איז א געוויסער מהלך. בעת איגנאץ האט אין גימנאזיום געזוכט דעם כמו אמת אין סאציאליזם, האט יצחק דעם ריין יידישן אמת שפעטער גע־פונען אויפן אוניווערזיטעט אין דער יידיש־נאציאנאלער רענע־סאנס־באוועגונג אין הערצל'ס יודנשטאאט און אין דער יידישער און העברעאישער קולטור, און באלד, ווען ער האט זיך אין דעם יידישן אמת איבערצייגט, האט זיך דער 20־יעריקער יצחק אריינגעווארפן אין דער ארבעט מיט ברען, הארץ און נשמה.

דר. יצחק שווארצבארט איז געבוירן געווארן דעם 13־טן נאוועמבער 1888 אין כזשאנאוו. מיט 23 יאר, אין 1911 האט שוין שווארצבארט געשפילט אן אנפירענדיקע ראל אין די נא־

ציאנאלע קרייזן, ווערענדיק געוויילט אלס פארזיצער פון דער ציוניסטישער אקאדעמיקער־ארגאניזאציע „השחר“ אין קראקע. דער דאזיקער קרייז איז שפעטער געווען דער אוואנגארד פון די מערב גאליצישע און שלעזישע ציוניסטישע מנהיגים. דער אויס־ברוך פון ערשטן וועלט־קריג אין יאר 1914 האט אים פארווארפן אויף דער קאנגרעס פוילישער פראווינץ אלס אודיטאר (ריכטער) אין עסטרייכישן מיליטער־געריכט.

מיטן סוף פון דער מלחמה איז אים אנפארטרויט געווארן דער גענעראל סעקרעטאריאט פון דער ניי פארמירטער ציוניס־טישער עקזעקוטיווע פאר מערב־גאליציע און שלעזיע. גלייכצייטיק האט זיך דר. שווארצבארט באטייליקט ביי דער גרינדונג און לייטונג פונעם יידישן נאציאנאל־ראט אין קראקע אונטער דער פירונג פון זיין גרויסן רבין און שפעטערן בר פלוגתא דר. יהושע טאהן ז"ל.

אין יאר 1921 איז דר. שווארצבארט בארופן געווארן אלס שעף־רעדאקטאר פונעם קראקאווער „נאווי דזיענניק“, א טאג־צייטונג אין פוילישער שפראך, אבער א שטאלצע ציוניסטישע און יידיש־נאציאנאלע טריבונע מיט וועמענס מיינונג די יידישע און אפילו פוילישע עפענטלעכקייט האט זיך שטארק גערעכנט. גלייכצייטיק איז ער אויך געווען א מיטארבעטער אין לעמ־בערגער „כווילא“, ווארשאווער „מאמענט“ און אומצייליקע אנ־דערע פעריאדישע אויסגאבעס. דר. שווארצבארט איז זייט 40 יאר דעלעגאט צו כמעט אלע ציוניסטישע קאנגרעסן, ווערענדיק אין יאר 1933 געוויילט אלס מיטגליד פון ציוניסטישן אקציאנס־קאמיטעט. מיט א קורצער צייט שפעטער ווערט ער אויך מיט־גליד פונעם אדמיניסטראטיוון ראט פון יידישן וועלט־קאנגרעס. אלס דעפוטאט צום פוילישן סיים אויפן ארט פון דר. טאהן באקומט שווארצבארט 94 פראצענט פון די יידישע שטימען אין קראקע, וווּ ער איז אויך געווען א ראטמאן אין דארטיקן שטאט־ראט און פרעזעס פונעם קלוב פון יידישע ראטמענער. ביים אויסברוך פון דער היטלער־מלחמה געלינגט דר. שווארצ־בארט צו אנטלויפן קיין רומעניע, וווּ ער אנטוויקלט א שטאר־

קע געזעלשאפטלעכע טעטיקייט צווישן די יידישע פליטים. זיין גאנצע ארבעט איז געווען געווידמעט דאס אריבערפירן יידן קיין ארץ ישראל. אין יאר 1940 בארופט אים גענעראל שי־קארסקי אלס מיטגליד פון דער פוילישער רעגירונג קיין לאנדאן. מיטן סוף פון דער היטלער מלחמה קומט דר. שווארצבארט אלס ערשטער, היימישער ייד צו דער שארית־הפליטה קיין דייטשלאנד. זיין רעדע אויפן ערשטן קאנגרעס פון די באפרייטע יידן אין מינכען האט זיך איינגעגעסן אין אונדזערע ביינער. אנפאנג 1946 איז ער בארופן געווארן קיין אמעריקע, צו לייטן מיטן ארגאניזאציאנס ־ דעפארטאמענט פון יידישן וועלט־קאנ־גרעס.

עס איז באמת שווער צו כאראקטעריזירן דר. יצחק שווארצ־בארט. אנהייבן פון דעם געזעלשאפטלעכן עסקן, אדער זשורנא־ליסט? פון דעם ציוניסטישן מנהיג, פאליטיקער, אדער פאלקס־טריבון? די פילזייטיקייט פון זיינע אייגנשאפטן פארלאנגען א ברייטערע אפהאנדלונג און עס איז שווער אין די ענגע ראמען פון דעם בוך צו געבן אן אלזייטיק בילד וועגן דער גרויסער פערזענלעכקייט. עס איז נאך בכלל צו פרי אפצושאצן זיין טע־טיקייט. דר. יצחק שווארצבארט, טראָץ זיינע 60 מיפולע יארן, שטייט נאך מיט פיל גלויבן און מוט אין מיטן פון זיין פאלי־טישער און געזעלשאפטלעכער ארבעט פאר זיין לאנד און פאלק. מיר ווונטשן און האפן עס אויך, דר. יצחק שווארצבארט צו זען אלס אַנפירענדיקע פערזענלעכקייט אין זיינעם ווי אין אונדזער אויסגעחלומטער און אויסגעבענקטער מדינת ישראל, במהרה און בימינו.



ר׳ מרדכי שאול און חנה שווארצבארט די עלטערן פון דר. יצחק שווארצבארט (זע אין טעקסט)



דר. יצחק שווארצבארט מיט זיין פרוי דר. בערטא שווארצבארט, אן אקטיווע ציוניסטישע טוערין,
די שוועסטער פונעם באקאנטן קראקאווער ציוניסטישן עסקן דר. שמעון פעלדבלום.

# די חנוך אינסטיטוציעס אין כושאנאוו

כושאנאוו, וואס איז געווען בעיקר אן האנדלס און מלא־כה שטאט פון פרייסישע סוחרים, שניידער און מארק־קרעמער, אירע איינוווינער חסידים און אנשי מעשה, האט קיינמאל קיין וועלט־באקאנטע ישיבות ניט געהאט. קיין גרוי־סע תורה פערזענלעכקייטן מיט א וועלט נאמען גיט ארויסגע־געבן. דאך האט די תורה־דערציאונג פארנומען א חשובן פלאץ. אין די פריערדיקע צייטן, ביזן ערשטן וועלט־קריג איז דער הויפט מקום פון תורה געווען דער גרויסער בית המדרש, וואס איז געווען אלעמאל פול מפה לפה מיט יונגעלייט און בחורים, וועלכע האבן דארט געלערנט יומם ולילה. שפעטער נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה און איבערהויפט נאכדעם ווי די „הא־לערטשיקעס" האבן אין יאר 1929 פארוואנדלט דאס בית־המדרש אויף א קורצער צייט אין א שטאל (אין שפעטער דאס בית־המדרש דעמאלירט אין רואינירט) האט זיך דער תורה־צענטער איבערגעטראגן, הגם אין א קלענערער מאס, אין די חסידים שטיבלעך פון סאנז, באבאוו, ראדאמסק און טייל־ווייז אויך אין הושאטינער שטיבל. בלויז כדי נאכצוזען אין א זעלטענעם ספר פלעגט מען קומען אין גרויסן בית־המדרש, ווייל די ווענט פון פארוואלאזטן בית־המדרש זיינען נאך פול געווען מיט אלמערס ספרים, זעלטענע, טייערע יקירי המציאותן.

די שטאט איינוווינער, וועלכע זיינען באשטאנען פון פרו־מע יידן, האבן ווי געוויינלעך קיין גאר שטארקן געזעלשאפט־לעכן חוש ניט פארמאגט, קיין באדייטענדיקע חנוך־אינסטי־טוציעס ניט אויסגעבויט. די איינצעלנע חברות, וואס זיי האבן

יא געשאפן, ווי „תלמיד תורה" חברה תהילים" „קובעי עתים" א. א. זיינען נור מערסטנטייל געווען אין גלאנץ א קורצע צייט, ווייל זיי זיינען אפגעשטארבן צוזאמען מיט זייערע שעפער, וועלכע האבן בשעת זייער לעבן ארייננעלייגט פיל מי און אפפערוויליקייט. איין אויסנאם האט געבילדעט „די מחזיקי למוד", וואס האט עקזיסטירט אן הפסקה 3 צענדלינג יאר און וואס האט געהאט א גרויסע השפעה אויף דער דערציאונג פון דער כזשאנאווער יוגנט. מיר וועלן דעריבער מאכן אן איבערבליק איבער יעדע גרעסערע חנוך אינסטיטוציע באזונדער.

## תלמוד תורה

די אין אלע תפוצות הגולה איינגעפירטע תלמוד תורה, וואס האט געדארפט זיין די קרוין פון אלע חנוך אינסטיטוציעס, די תלמוד תורה, וואס האט עקזיסטירט מיט איבעררייסן העכער 150 יאר אין כזשאנאוו, האט געהאט ווייניק גלאנץ פעריאדן. אין דער תלמוד תורה האבן גלערנט אויסשליסלעך ארעמע קינדער, אדער בעסער געזאגט, די ארעמסטע, דערונטער א גרויסע צאל יתומים - קינדער. די למודים זיינען געשטאנען אויף א נידריקער מדרגה. טויזנטער, צענדליקע טויזנטער קינדער זיינען דורך איר אדורכגעגאנגען אין אירע חדרים־קלאסן און מען קען אן שום גוזמא זאגן, אז קיין איינציקער תלמיד חכם איז פון איר ניט ארויס. מערסטנטייל זיינען אירע תלמידים געווען אפגעריסענע, הונגעריקע יונגלעך. געלערנט האבן זיי אין אפגעלאזענע צימערן ביז 80 תלמידים אין איין שטוב, ביי א קבצניש־ארעמען און צוליב דעם פארביטערטן בייזן מלמד. 10 שעה א טאג האבן געלערנט די יונגלעך ביז 10 - 12 יאר. אין דעם עלטער זיינען זיי געגאנגען אויף לערע צו א בעל־מלאכה, א שניידער, שוסטער, אדער אנגעשטעלטער אין א געשעפט. זיי זיינען ארויס פון דער תלמוד תורה עמי־הארצים און אויב זיי זיינען מיט דער צייט געווארן פריידענקער, האבן זיי פון דארט ארויסגעטראגן א

בייז הארץ אויף תורה יידישקייט.

די הכנסות פאר דער תלמוד תורה זיינען געקומען בעי־קר פון מעות שבוע, פון דעם צווייטן נדר פון יעדן עולה שבת אין אלע בתי מדרשים און אויך אלע נדרים אין דער וואך פון פרשה יתרו. פון צייט צו צייט פלעגן אויך זיין קליינע שפענדן פון נפטרים בשעת זייער פטירה. די הכנסות זיינען טראץ דער פאפולאריטעט פון דער חברה און טראץ די אפטע אסיפות און קול קורא׳ס פון די טובי העיר און אירע גבאים געווען קליינע. די געהעלטער פון די מלמדים פלעגט מען זעל־טן אויסצאלן אין דער צייט און געגוג אפט האבן זיי זייער קארג געהאלט בכלל א סך חדשים ניט באקומען. דעריבער זיינען אירע מלמדים מערסטנטייל געווען אומפעאיקע לא יצלח׳ס, וועלכע האבן זייער תורה מרביץ געווען מיטן קאנ־טשיק און עלנבויגן. אן אויסנאם איז געווען דער אויסגעצייכנ־טער פעדאגאג, דער זייער באליבטער ר׳ אליהו ראזענבוים ז״ל. (פאפולער אלי ר׳ מאיר׳ס) ער האט געלערנט אין דער תלמוד תורה אין דער העכסטער קלאס חומש רש״י און גמרא, אפט פלעגט ער אויך פארליינען פון א מוסר ספר. מיט זיין גרויסן כוח הסברה און אויך מיט זיינע דערציילונגען, משלים און אגדות פלעגט ער צוציען זיינע יונגע צוהערער. לעבע־דיק פלעגט ער פאר זיי אויסמאלן דעם גהינום פון ראשית חכמה מיט אלע זיינע קעמערלעך. ער האט אויך פארגע־שטעלט די גרויסע קנאה, וואס די אומות העולם האבן צו דער כנסת ישראל פאר דער תורה, וואס איז די קרוין פון אלע שבע חכמות, וואס גאט האט זיי געגעבן. צו ר׳ אלי ר׳ מאיר׳ס פלעגן זיך די תלמידים באציען מיט דרך ארץ און ליבשאפט און זיין איינפלוס אויף זיי איז געווען גרויס.

אין די שפעטערע יארן נאך ר׳אלי׳ ראזענבוים׳ס פטירה איז אין א געוויסער מאס געווען אן אויסנאם, אויך א צוויי־טער מלמד פון עברי־חומש יהושע משה שליידערער. דעם כוח הסברה פון ר׳ אלי ר׳ מאיר׳ס האט ער ניט געהאט, דאקעגן האט ער באזיצט א לב טוב. ער פלעגט זיך זארגפעליק

כמעט פאטערלעך באציען צו די קינדער, זיי וואשן די הענט און פנים פארן אהיימגיין פון חדר. ער איז אויך געווען באַקאנט אין הוויות עולם־הזה און האט זיך באמיט צו מאָדערניזירן א ביסל דעם למוד.

אפט האט די דאזיקע פארוואלאזטע אינסטיטוציע געפונען מענטשן, וועלכע האבן לטובת איר זייער גאנצע ענערגיע אפגעגעבן. אזוי למשל האבן די באקאנטע פילאנטראַפינס גיטל נחמן׳ס, יוכבד ווינער, פאני ציפער לאנגע צייטן געזאמלט מלבושים און שטיוול צו פארטיילן פאר די תלמוד תורה קינדער אין ווינטער.

## באראן הירש שולע

א דאנק דער פונדאציע פון באראן הירש איז ווי אין מערערע שטעט פון גאליציע אויך אין כזשאנאוו אנשטאנען אין אנפאנג פון 20 יארהונדערט א באראן הירש שולע. די שולע האט געזאלט מיט דער הילף פון אירע גרויסע פאנדן איינגעמען כזשאנאוו. אין שיין איינגעארדנעטע שטובן פון ר׳ לייביש יונגענווירט׳ס הויז אויף דער קזשיסקער האט מען געמאכט די שולע. אויסגעשולטע פעדאגאגן געבראכט, געלערנט אומזיסט וועלטלעכע למודים, פויליש, דייטש, ווי אויך רעליגיע, חומש־רש״י. געגעבן בחינם לערביכער, באקליידונג ווי אויך טיילווייז באשפייזונג פאר די שילער. דאך האט די שולע ניט געקענט זיך אנטקעגן שטעלן דעם פאסיוון אומווילן, דעם שטילן חרם פון די כזשאנאווער יידן. אירע לערער מערסטנטייל האלב אסימילירטע, האלב אפיקורסישע יידן, האבן ניט געקענט דערווערבן קיין צוטרוי ביי דער פרומער באפעלקערונג. במשך די פאר יאר פון איר נעבעכדיקער עקזיסטענץ האבן די שולע באזוכט ארעמע קינדער און נאך א פאר יארן וועגעטירן, האט זי זיך געמוזט ענדלעך ליקווידירן. איר קיום האט אין כזשאנאוו קיין שום שפור נאך זיך ניט געלאזט.

## קובעי עתים

א גרעסערן רושם האבן איבערגעלאזן אין דער שטאט די

פארשידענע חברות צו לערנען מיט די פראסטע יידן און בעלי בתים שעורים פון חומש, מדרש ווי אויך פרק און דרשות פון מגידים און בעלי דרשן׳ס. יעדע פאר יאר האט אן אנדערע חברה דורכגעמאכט א געוויסן שווונג פעריאד, זי האט אפגע־טרעטן דעם פלאץ פאר א צווייטע. די רייכסטע חברה די קובעי עתים (פאפולער: קווייטים) האט אויסגעבויט איר הויז אין שכנות פון גרויסן בית המדרש, די שענסטע געביידע פון אלע קהילישע אינסטיטוציעס אין וועלכע עס האט געלערנט דער באקאנטער מגיד ר׳ שלמה ברוך מייער ז״ל. א זעלטענער טיפ ייד אין יענער צייט, א דערצויגענער אין דער מאדערנער, אבער שטארק פרומער פרעסבורגער ישיבה, אנהענגער פון חתם סופר און דערביי אן אויסשטודירטער אין א דייטשער גימנאזיע. ער איז געווען א שטארק אפגעהיטענער ייד אין מצוות קלה כבחמורה.

נאך זיין פטירה האט געלערנט אין דער קובעי עתים דער גלענצענדער מטיף ר׳ יחיאל זאיאנץ דעם עלקישן רב׳ס זון און מיטגליד פון דער „קאמ־עניצע״ משפחה. א קאמפליצירטע פיל־זייטיקע נאטור, האלב מאדערנער געבילדעטער מענטש מיט א סך יידיש וויסן. ער איז געווען א גרויסער וואלד־סוחר און עושר מיט אריסטאקראטישע, אמביציעזע נייגונגען, אבער דער־ביי א פאלקסטימלעכער מיט א שטארקער ליבע צו געזעל־שאפטלעכער אַרבעט. ער האט געלערנט פאר, עולם פרק און מדרש אין האט מיט זיינע אויסערגעוויינלעכע רעטארישע פעאי־קייטן צוגעצויגן א גרויסן קרייז צוהערער. די חברה קובעי עתים האט א פנים געהאט מזל צו מגידים, ווייל אויך זייער לעצטער מגיד ר׳ משה האכבוים הי״ד איז געווען א זעל־טענער מענטש. געבוירן און דערצויגן ביי א כושאנאווער שוס־טער, איז ער דאך געווען א גרויסער תלמיד חכם און איידעם פון כזשאנאווער דיין ר׳ חיים וואלף ריכטער ז״ל. ער איז גע־ווען א שטארק באלעזענער מענטש, א נוח לבריאות מיט גרוי־סע פעדאגאגישע פעאיקייטן.

# חברה תהילים

די חברה איז געשאפן געווארן, ווי איר נאמען באווייזט, פאר פשוטע יידן בעלי מלאכות, קרעמער׳ס, בכדי זיי זאלן דא־ווענען צוזאמען, און אין די טעג אין וועלכע עס קומען ניט פאר קיין ירידים, צו זאגן פארן דאווענען תהילים בצבור. זיי פלעגן אויך דעם צווייטן טאג שבועות (וואס איז לויט דער מסורה, דוד המלך׳ס יארצייט) מאכן א גרויסע שמחה און גע־גאנגען מיט גרויסע אנגעצינדעגע ליכט אין דער קעגנאיבער־שטייענדיקער שול אריין ווו דער שול־חזן מיטן כאר האבן גע־זונגען פייערלעך דעם טראדיציאנעלן לדוד מזמור, מאכענדיק גלייכצייטיק א פרייליכע סעודה פאר אלע זייערע מיטגלידער.

מיט דער צייט איז די חברה תהילים פארוואנדלט גע־ווארן אין א שעורים חברה. דאך האט זי איר תהילים כאראק־טער ניט פארלוירן. איר מגיד, וועלכער האט איר געגעבן א גוטן נאמען איז געווען ר׳ נח האלצער ז״ל, א מקובל, געוואל־דיקער תלמיד חכם, וועלכער האט ביזן טיפסטן עלטער, זיי־ענדיק שוין א סגי נהור געלערנט דארט שעורים. דער לעצטער מגיד אין חברה תהילים איז געווען דער אויסגעצייכנטער תל־מיד חכם און בעל מדות ר׳ איטשעלע ווייצנבליט הי״ד.

די אלע אנדערע חברות מיט קלינגענדיקע נעמען, טראָץ גוטן ווילן פון זייערע גרינדער און מסירת־נפש פון די עסקנים האבן זיך באזונדערס ניט אויסגעצייכנט. עס איז אבער כדאי צו דערמאנען די אהבת תורה און אירע גרינדער, וועלכע האבן דארט געלערנט שעורים: די תלמידי חכמים ר׳ אברהם הירש רייפער, מסירת נפשדיקער בעל צדקה ר׳ משה ליפשיץ און דער בר אוּרין ר׳ מענדל לאנדוי, די חברה נר תמיד מיטן דיין ר׳ שלום אבא׳ס אלס מגיד, די חברה עץ חיים מיטן אויי־סטערלישן למדן ר׳ שכנא האמערמאן אלס ראש, די ישיבה תומכי אוריתא מיט ר׳ נטע דיין אלס ראש הישיבה און די ישיבה כתר תורה מיט דעם שארפן תלמיד חכם ר׳ חיים טא־ביאס אלס ראש הישיבה. עס איז אויך ניט צו פארגעסן די חברה — „פוטערקוכן״, ווו עס האבן געדאווענט די גרעסטע

עמי־הארצים פון שטעטל. אין דער דאזיקער חברה האט געלערנט ר׳ מאטעלע קאלאמייער, א ייד א תלמיד חכם, אבער דערביי א קל.

א באזונדער שיין קאפיטל פון רעליגיעזן חנוך פאר דער כזשאנאווער יוגנט האבן פארנומען די מחזיקי למוד און בית־יעקב. צוויי אינסטיטוציעס מיט וועלכע דאס יידישע כזשא־נאוו האט געמעגט שטאלצירן.

## מחזיקי למוד

מער מזל, איינפלוס און ווירקונג האט געהאט די חב־רה מחזיקי למוד אין כזשאנאוו. דאס איז שוין געווען א באַ־וועגונג מיט א ברייטערן פארנעם, אייגענע רעפערענטן און גרויסע פאלקס־פארזאמלונגען. זי האט אפילו פארמאגט אן אייגענע פרעסע („דער יידיש רעליגיעזער ארבעטער") מיטן גאנצן קלאפערגעצייג פון פראפאגאנדע און אויפקלערונג, אנ־שטאנען אלס קעגנגעוויכט צו די פארטייען „בונד" און פועלי־ציון. די צייטונג איז געגרינדעט געווארן אין יאר 1906. איר ציל איז געווען צו פארשפרייטן תורה און רעליגיעזע טראַ־דיציע צווישן יוגנטלעכע בעלי מלאכות און האנדלס־אנגעשטעל־טע מיט דער צענטראלע אין קראקע. די כזשאנאווער אפטיי־לונג האט זיך מיט דער צייט אנטוויקלט צו דער שטאַרקס־טער ארגאניזאציע פון אלע מחזיקי למוד׳ס בכלל. עס איז אינטערעסאנט זיך צו באקענען מיט דער געשיכטע פון דער דאזיקער באוועגונג, אירע באגרינדער און אנפירער.

אין קראקע האט געלעבט מיט 40 יאר צוריק אַ יידישער אדוואקאט דר. יוליוס פייפער. ווי דער רוב יידישע אדוואַ־קאטן אין יענער צייט האט ער מיט יידן און יידישקייט גאר א קנאפע שיכות געהאט. מ׳האט אפילו דערציילט, אז זיין פארבינדונג מיטן יידישן פאלק באשטייט אין אנשרייבן פאר יינע קליענטן אפיציעלע מסירות אויף יידן. בקצור, דער דאזיקער אדוואקאט איז אין א שיינעם פרימארגן אויפגעשטאַנען נאך א שלעכטן, אדער גוטן חלום און באשלאסן ביי זיך תשובה צו

טאן און ווערן א פרומער ייד. ער האט ארויסגעווארפן די טריפה׳נע כלים פון שטוב, געלאזט זיך פארוואקסן א יידי־שע בארד מיט פאות, זיין פרוי אנגעטאן א שייטל, געפארן צו רביים און בכלל געווארן א שטרענג רעליגיעזער און פרומער ייד. דער דאזיקער דר. יהודה פייפער איז שפעטער געוואָרן דער הויפט אנפירער, טעארעטיקער און פראפאגאנדיסט פון דער מחזיקי למוד באוועגונג, (א מין פאראדיע פון דער „היילס־ארמיי") אלס פארטיי האט זיך די מחזיקי למוד ניט געמישט אין לאנדעס פאליטיק, אויסגעמיטן יעדע מגע ומשא מיט דעם דעמאלטדיקן יידיש־נאציאָנאל רענעסאנס און סאציאלע קאַמפן, באשרענקט זיך נור צו דערהאלטן די יוגנט ביי דער תורה און אמונה און צו דעם צוועק, האט זיך די מחזיקי למוד באדינט מיט מאדערנע מיטלען. אויסער די שעורים פון חומש־רש״י, עין יעקב, ת׳נ׳ך, האט זי איינגעפירט ביי זיך א ליי־ביב־ליאטעק פון פוילישע, דייטשע און בעיקר יידישע ביכער, וועלכע זיינען פריער צענזורירט געווארן, צו זיי אנטהאלטן ניט אפיקורסישע געדאנקען. אויך אמתע טעאַטער פארשטעלונגען, וואס זיינען אויסגעפירט געוואָרן דורך אייגענע חברים האבן ניט געפעלט. די מחזיקי למוד האבן אויך איינגעארדנט איי־גענע מנינים אין אייגענעם פארטיי־לאקאל, ווו די יוגנטלעכע חברים האבן געדאווענט בצבור אין שבתים, ימים טובים און אויך אין ארבעטס־טעג, ווערענדיק אויף אזא אופן דערצויגן אין גייסט פון א קאלעקטיוו־רעליגיעזן און טראדיציאנעלן לעבן. א שטארקן אנטייל אין דער אנטוויקלונג פון די כזשאנאווער מחזיקי למוד האבן גענומען, דער אויף אן אנדער ארט דער־מאנטער ר׳ יחיאל זאיאנץ ז״ל און דער מיט ארגאניזאציאנאלע פעאיקייטן באגאבטער מענדל אשכנזי הי״ד. די כזשאנאווער מחזיקי למוד איז געבליבן די איינציקע ארגאניזאציע אין גאַ־ליציע, וואס עקזיסטירט אן איבערייס העכער 30 יאר.

## בית־יעקב

ווי אין כמעט אלע פוילישע שטעט איז אויך אין כזשא־

נאוו נאך דעם ערשטן וועלט־קריג אנשטאנען א בית־יעקב שולע. דאס איז בלי ספק געווען א נויטווענדיקייט, וואס איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט. הגם כזשאנאוו האט גע־גאלטן פאר א פרומע און רעליגיעזע שטאט, איז אבער פאר דעם רעליגיעזן חנוך פון יידישע טעכטער ביז דער אנטשטיי־אונג פון בית־יעקב כמעט גארניט געטאן געווארן. עס האט געהערשט ביי די כזשאנאווער יידישע מיידלעך (אפילו ביי חסידישע טעכטער) א מין רעליגיעזע אומוויסנקייט. דאס האט זיך ראדיקאל געענדערט נאך דעם אנטשטיין פון דער בית יעקב שולע. אויב מיר האבן ניט קיין טעות האבן פיל פארגעשריטענע עלטערן א דאנק דער איניציאטיוו פון דער אלטער כלל־טוערין יוכבד ווינער, וועלכע האט געהאט א גרויסן חלק אין דעם אנטשפרעכנדיקן שול פראגראם — אפגעגעבן זייערע קינדער אין דער בית־יעקב שולע, בכדי זיי זאלן באקומען א יידישע דערציאונג. די בית־יעקב שולע האט טאקע זעער פיל מיטגעהאלפן אויסצווואָרצלען דאס רעליגיעזע עם־הארצות ביי יידישע מיידלעך.



„בית יעקב" שולע
א גרופע שילערינס מיט זייער לערערין פרוי בלום

# פילאנטראפישע אינסטיטוציעס

## גמילות־חסדים

פון די יידישע פילאנטראפישע אינסטיטוציעס, וואס זיינען געווען טעטיק אין דער שטאט איז כדאי אלס ערשטע צו דער־מאנען די גמילות־חסדים קאסע.

די איניציאטיוו פון שאפן די דאזיקע נוצלעכע אינסטיטו־ציע האט געשטאמט פון דער „קאמעניצע" משפחה. איר בא־גרינדער און לאנגיעריקער גבאי איז געווען דער אין כזשאנאוו באקאנטער נגיד און בעל צדקה ר' אילי רוויכווערגער ז"ל.

די גמילות־חסדים קאסע האט געדינט מער פאר בעלי־בתים און יורדים ווי פאר אויסגעשפראכענע ארעמעלייט. איר טעטיקייט האט זיך באשרענקט צו געבן אנפראצענטיקע הל־וואות אויף משכנות, וואס די קליענטן האבן ביי איר איינ־געלייגט.

די דאזיקע שיינע און וווילטעטיקע חברה איז געווען באמת יידישלעך, אן דעם אנגעצויגענעם ביוראקראטיזם, וועלכן מען איז געוווינט געווען צו זען שפעטער אין מאנכע יידישע פאלקס־בענק. האט למשל א ייד, וועלכער האט באדארפן סילוקן א נדן פאר זיין טאכטער געברויכט געלט, איז ער געקומען צום גבאי פון דער גמילות־חסדים קאסע מיט זיין צירונג, וואס ער האט פארמאגט און דער גבאי זאט אים אויסגעבארגט כך וכך וויפיל די באטרעפנדיקע זאכן זיינען מער וויניק ווערט געווען. עס האט אויך ניט איינמאל געטראפן, אז דער זעלבער ייד איז שפעטער געקומען אין טאג פון דער חתונה צום גבאי און גע־זאגט „ר' אילישי קרוין איר הערט דאך, איך שעם זיך גיין צו

דער חופה אן דער גאלדענער קייט מיטן זייגער, וואָס איך האב ביי אייך אלס משכון און מיין פלונית וואלט אויך גערן געהאט אירע אויערנרינגלעך אויף איבערן חופה טאג". און ר' אילי, אדער אן אנדערער גבאי האט געגלויבט און אויסגעבארגט די זאכן. דער ייד איז טאקע געווען ערלעך און תיכף נאך דער חתונה צוריקגעבראכט די חפצים ביז גאָט האט געהאלפן, אז ער זאל זיי שפעטער „אויסלייזן".

## מושב־זקנים

הגם דער גרינדער און שעפער פון דעם דאזיקן שיינעם געדאנק, גיטל נחמן'ס האט זיך געשטעלט די איידעלסטע און מענטשלעכסטע אויפגאבע, האט אבער די שטאט כזשאנאוו צום באדויערן אויף דעם געביט זיך שטארק פארזינדיקט. עס איז ממש אומבאגרייפלעך, וואס אין אזא יידישער שטאט מיטן א גע־נוגענדיקן חוש פאר געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס איז אזוי ווייניק געטאן געווארן פאר די שוואכסטע און עלענדסטע, פאר די זקנים און זקנות, וועלכע ניט האבנדיק קיין קינדער זיינען געווען פאראורטיילט אנצוקומען אין דאזיקן — מען זאל ניט זינ־דיקן מיט די רייד — פארוואָרלאזטן הויז.

## לינת־הצדק

עס איז צו באוווּנדערן אונדזערע זיידעס און טאטעס אין די פריערדיקע דורות אין זייער דערפינדערישקייט צו זוכן מצוות און מעשים טובים. עס איז באמת געווען א נוצלעכע אינסטיטו־ציע פאר אנגעפארענע ארעמע לייט זיי זאלן ניט דארפן שלאפן אין בית־המדרש, אדער אין די שטיבלעך אויף די הארטע בענק און פייכטע פאדלאגעס און פרירן אין ווינטער אין דער קעלט. ר' אשר שטערן ז"ל א קינדערלאזער ייד און בארמהארציקער מענטש איז געווען דער גרינדער פון אט דעם „האטעל". איז א ייד געקומען אין שטאט האט ער ניט באדארפט לאנג זוכן ווו זיך די ביינער אויסצורוען נור זיך גלייך געפרעגט צום גבאי פון לינת־הצדק. באקומענדיק א צעטל האט ער שוין געהאט א

זיכער ארט ווו דעם קאפ אנצושפארן מיט א גלאז טיי דער צו אלס צולאג.

## תומכי עניים

(געגרינדעט פון ר׳ הנוך טימבערג ז״ל.)

דאס איז געווען אן אינסטיטוציע, וואס האט געהאט צוויי אויפגאבעס. ערשטנס, אזוי ווי עס פלעגן אנקומען מאסן ארעמע־לייט אזוי גערופענע אורחי פרחי, וועלכע פלעגן ארומגיין פון שטוב צו שטוב נאך נדבות און מאנכע פון זיי זיינען מיט באַ־קאנטער עזות־פנים׳דיקייט געווען אן אנשיקעניש אויף דער שטאט, האט זיי די חברה תומכי עניים געגעבן „אפפארטיק־געלט״, בכדי זיי זאלן קענען ווייטער פארן אין אנדערע שטעט און ניט באַלעמוטשען די שטאטישע בעלי בתים. צווייטנס איז עס אויך געווען א טובה פאר שוואכע און אלטע ארעמעלייט ווען עס איז געווען שווער צו גיין מבית־לבית און פאר אַ־זעלכע, וועלכע האבן זיך געשעמט די האנט אויסצושטרעקן. די איניציאטארן האבן געהאט די בעסטע כונות, אבער אין דער פראקטיק האט זיך עס ניט איינגעגעבן, ווייל די ארעמעלייט זיינען געווען נאך קלוגער. אי זיי האבן גענומען „אפפארטיק־געלט״ אי געגאנגען נאך נדבות. אין די לעצטע יארן פארן חורבן, האט זיך די דאזיקע חברה ווי פון זיך אליין ליק־ווידירט.

## תפארת בחורים

הגם די דאזיקע חברה איז ווייניק באקאנט און פאפולער געווען אין גאס, האט זי אבער געהאט א גוטע ווירקונג אויף די בחורים, וועלכע האבן געלערנט אין בית־המדרש. דער ציל פון דער חברה איז געווען, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקן „זעלבסט־הילף״. די בית־המדרש בחורים האבן אין רעש אַון געפילדער געזארגט פאר זייערע ארעמערע חברים. ווען אן ארע־מער בחור האט חתונה געהאט האט ער אויך באקומען חתונה־

הוצאות. עס זיינען אויך געווען פאלן, ווען בכבוד׳יקע יידן האבן זיך געוואנדן צו אט דער חברה נאך הילף און די לעצטע האט מאביליזירט יונגע בחורים, וועלכע האבן־זיך כתות־ווייז געלאזט איבער דער שטאט און געזאמעלט געוויסע סכומים פאר די נויטבאדערפטיקע און באהאלטענע ארעמלייט.

## בקור חולים

אונדזערע עלטערן האבן תמיד געהאט די בעסטע כונות. זיי האבן געוואלט העלפן אין יעדער ס׳טואציע. ליידער האבן זיי ניט געהאט אלעמאל דעם ריכטיקן צוגאנג דערצו און די נויטיקע באדינגונגען האבן געפעלט. טראצדעם, וואס די חברה האט זיך געפירט אויפן זעלבן שאבלאן־מעסיקן אופן ווי אין אנדערע יידישע שטעטלעך, האט זי דאך מאנכע נוצלעכע זאכן אויפגעטאן.

די ערשטע אויפגאבע פון בקור חולים איז געווען צו נעכטיקן ביי שווערע קראנקע און דער גבאי האט געדארפט אכטונג געבן, אז די קראנקע זאלן באקומען אזעלכע מענטשן צום נעכטיקן, וועלכע זאלן זיך ארייַנפאסן אין חולה׳ס סביבה. עס האט אויף דעם געביט געהערשט א פרייוויליקע דיסציפלין, ס׳האט זיך זעלטן געטראפן, אז עמיצער זאל זיך אפזאגן צו נעכטיקן ביי א קראנקן, אויב ער איז דערצו אויפגעפאדערט געווארן.

פון די פרייוויליקע חודש־אפצאלונגען האט דער בקור חולים פארטיילט פארשידענע רעצעפטן און אפט באצאלט די דאקטוירים פאר זייער היילן די ארעמע קראנקע. אויך מעדיצינישע מכשירים און קראנקן־געשיר זיינען אויסגעבארגט געווארן צו די, וועלכע האבן עס ניט געקענט אליין קויפן.

מיט דער דאזיקער אינסטיטוציע האבן אונדז די גויים ווירקלעך געמעגט מקנא זיין.

## חברה יולדות

היינט אין צייט־אלטער פון מאדערנע שפיטאלן און קינפעטארן־אנשטאלטן איז עס פיל לייכטער. אונדזערע מאמעס און

באבעס האבן עס א ביסל שווערער געהאט, באזונדערס די ארע־מע פון זיי. כאָטש אין די פריערדיקע יארן האט מען מער גע־קינדעלט און א קינד איז ניט געווען עפעס א „נאווינע", איז עס געווען א פיל חשובער געשעעניש אין דער משפחה ווי היינט. מען דארף ניט פארגעסן, אז די יידישע פרויען האבן אקטיוו מיטגעהאלפן אין דער פרנסה. פיל יידישע פרויען האבן פשוט ניט קיין צייט געהאט זיך פארצובארייטן אויף אזא שמחה של מצוה. פארנדיק אויף ירידים, אדער שטייענדיק אין געוועלב האט זי באקומען „ווייען". ליגענדיק אין קינפעט האבן אפט פרויען ניט געהאט א ביסל ווארעמע גריץ דאס חיות צו דער־כאפן און ווער שמיסט אנצוגרייטן אויפן ברית מילה, אדער א קדוש אויפן „אויפשטאנד". ביי אזעלכע פאלן האט די חברה יולדות פיל אויפגעטאן, דעלעגירנדיק אירע פרויען־מיטגלידער צו באזוכן די קינפעטארנס און זיי העלפן מיט וואס עס לאזט זיך.

פון די אקטיווע טוערינס פון אט דער חברה איז כדאי צו דערמאנען די פרויען יוכבד ווינער, פאני ציפער. די דאזיקע פרויען מיט זייער איבערגעבנהייט צו כלל ארבעט האבן אויך געשאפן דעם יסוד פאר די שפעטערע פאפולערע און באליבטע פרויען ארגאניזאציע „וויצא".

## „ו ו י צ א"

די „וויצא" אין כזשאנאוו האט געשריבן איינע פון די שענ־סטע קאפיטלען אויפן געביט פון פילאנטראפישער און געזעל־שאפטלעכער טעטיקייט אין שטאט. אנגעפירט פון געבילדעטע יידישע פרויען מיט דער פרוי דר. ריזער אין דער שפיץ, האט די דאזיקע אינסטיטוציע געהאט צו פארצייכנען באדייטענדיקע דערפאלגן. ראשית כל האבן די איניציאטארן פון „וויצא" געהאט א דאנק זייער איטעליגענץ א מאדערנעם און פראקטישן צוגאנג צו אלע פראבלעמען פון דער יידישער פרוי און אלס פועל יוצא דערפון צום יידישן קינד. אין „וויצא" האבן געפונען פלאץ פרוי־ען פון אלע ריכטונגען, הן פון די חסידיש־קאנסערוואטיווע און הן פון די ציוניסטיש־פראגרעסיווע, ביז זאגאר אסימילאטארישע



א בילד פון יאר 1938. כזשאנאווער קינדער אויפן פלאץ פון קינדערהיים, וואס איז מיט אזוי פיל מי אויפגעבויט געווארן דורך „וויצא" און איר פארזיצערין פרוי דר. ריזער. דער רוב קינדער איז אומגעקומען.



קינדערהיים פון „וויצא“ און א גרופע יונגטלעכע פון „עקיבא“

קרייזן. דא האט פאר אלעמען געהערשט דער גוטער ווילן און אט דער גוטער ווילן האט טאקע צוזאמענגעפארט אזעלכע מענטשן מיט אנטקעגנגעזעצטע אנשויאונגען ווי די אויבן דער־מאנטע פרוי דר. ריזער מיט דער חסידיש־קאנסערוואטיווער, אבער אין א הויכער מאס אינטעלעגענטער און איידעלער פרוי מיושע זאיאנץ (אלמנה נאך ר׳ יחיאל זאיאנץ ז"ל). צו אט דער ארגאניזאציע האבן געהערט די איידעלסטע און בעסטע צווישן פרויען, וואס כזשאנאוו האט פארמאגט. מיר גלויבן, אז מיר ברויכן ניט אויסצורעכנען אלע געזעלשאפטלעכע לייסטונגען פון „וויצא״. דאס איז דעם כזשאנאווער עולם גענוג גוט באקאנט. מיר ווילן דא אנווייזן אויף די אריגינעלע אידיי פון כזשאנאווער „וויצא״ צו שאפן א ריין יידיש־קינדערהיים, וואס זאל דינען נור דעם יידישן קינד. און מיט גרויסע אנשטרענגונגען איז געלונגען אויפצושטעלן א שיינעם און הערלעכן בנין פאר אט דעם צוועק. צום גרויסן באדויער האבן זיך די קינדערלעך ניט געקענט לאנג פרייען מיט דער דאזיקער מתנה.

די „וויצא״ איז אויך געווען די ערשטע ארגאניזאציע פון יידישע פרויען, וואס האט זיך געשטעלט די אויפ־גאבע געמיינזאם צו לינדערן די נויט אן אונטערשיד פון פאר־טיי און קלאס און דאס איז אפשר געווען די הויפט־סיבה פון איר דערפאלג און פאפולאריטעט אין כזשאנאוו.

## חברה קדישה

עס איז מערקווירדיק, אז קיינער פון די פריער דערמאנ־טע אינסטיטוציעס האט ניט געהאט אזא מין זעלבסטשטענדיקע און אויטאריטאטיווע מאכט ווי די חברה קדישה. הגם די יסודות פון דער חברה זיינען געווען דעמאקראטישע ד. ה. די גבאים זיינען געוויילט געווארן אויפן אלטן יידישלעכן סיסטעם דורך א חלפי, אדער א גורל ווי יעדער איינער מיטגליד האט געהאט דאס רעכט מיטצובאשטימען וועגן דעם אויסגאנג פון די וואלן. דאס אננעמען א מיטגליד אין חברה קדישה איז ניט געווען איינפאך. קודם כל האט אזא ייד געמוזט האבן די זכיה אנגע־

נומען צו ווערן אין דער דאזיקער חברה. תקיפות אדער געלט האבן דא ניט געשפּילט קיין ראָל. מאראַלישע ריינקייט, ער־לעכקייט און אויפריכטיקע גאָטס־פאַרכטיקייט זיינען געווען די הויפּט־באַדינגונגען פאַר יעדן קאַנדידאַט.

די גבאים פון חברה קדישה האבן געהאַט די אויפגאַבע, ראשית, צו האַלטן דעם בית־עולם אין אָרדנונג, והשנית, איינ־צוטיילן די קרקעות, והשלשית, איינצואָרדנען די לויות. בעמענ־דיק אין אַכט, אַז די חברה קדישה האָט ניט געהאַט קיין אַנ־דערע הכנסות, האָט זי געמוזט נעמען אַן אָפּצאָל פאַר די קר־קע. אַזוי זיינען אַנטשטאַנען אָפטע רייבונגען צווישן יורשים פון געשטאָרבענע מיט די גבאים, וועלכע האָבן געמוזט זיין אַבסאָ־לוט ערלעך אין די דאָזיקע ענינים. פון די גבאים האָט זיך פאַר־לאַנגט ערלעכקייט אין געלט־פראַגן. געלט האָט מען נור גענומען ביי אַזעלכע, וועלכע האָבן געהאַט און געקענט באַצאָלן. גרע־סערע סכומים האָט מען אויך גענומען ביי די, וועלכע האָבן ביים לעבן ניט געוואָלט געבן קיין צדקה. ביי אָרעמע מענטשן האָט מען בכלל קיין געלט ניט גענומען. עס האָט זיך אָבער פון די גבאים פאַרלאַנגט טאַקט ביים פאַרטיילן די קרקעות. דער גבאי האָט זיך ניט גערעכנט מיט דעם, צו דער איז געווען אַ גביר, אָדער יענער איז געווען אַ תקיף. ביי דער חברה קדישה איז שוין געווען די „אמתע וועלט". דאָ איז שוין דער עושר מיטן קבצן געווען גלייך און די גבאים האָבן זיך ניט געלאָזט באַאיינ־פלוסן, ניט פון די קינדער פונעם בר מנן און אויך ניט פון זייטיקע קרובים. אויב דער פאַרשטאָרבענער האָט זיך ביים לעבן פאַרדינט אויף אַ שיינע קרקע, האָט ער עס באַקומען. צום שבח פון כּזשאַנאָווער יידן זאָל געזאָגט ווערן, אַז די חברה קדישה איז תמיד געשטאַנען אויף אַ געהעריקער הויך און מיסברויכן זיי־נען זעלטן פאַרגעקומען. די גבאים האָבן טאַקע געהאַט אַן אומ־באַגרענעצטע מאַכט, אָבער זייער מאראַלישע ריינקייט איז גע־ווען איבער יעדן צווייפל.

# די נאציאנאל - יידישע באוועגונגען

אויב מען וויל שילדערן די טעטיקייט פון די מאדערנע נאציאנאלע און סאָציאליסטישע באוועגונגען אין אונדזער שטאט, מוז מען אויף א מאמענט צוריקקערן צו דער השכלה־עפאכע. הגם די השכלה־עפאכע האט ניט געהאט א דירעקטן שיכות צו די דאזיקע באוועגונגען, האט זי אבער אין א געוויסער מאס צוגעגרייט דעם באדן פאר דער אַנטוויקלונג פון די דאזיקע באוועגונגען דורך ארויסגעבן טאלאנטפולע יחידים, וועלכע האבן זיך שפעטער געשטעלט אין דינסט פון די פאליטישע ארגאניזאציעס.

עס דארף באלד באטאנט ווערן, אז די השכלה־עפאכע האט אין כזשאנאוו געפונען א שוואכן אפקלאנג. זי האט ניט אנגענומען דעם כאראקטער פון מסירת־נפש׳דיקע התלהבות, וואס אין איבריקן פוילן, אדער אין רוסישן תחום המושב, ווו די ליבע צו בילדונג איז ממש געווען א קראנקהאפטע און וואס האט געפאדערט און אויך באקומען אזוי פיל קרבנות פון יידישע יונגטלעכע, וועלכע האבן געפטרט זייערע הערצער און געווארן טובערקולאז אין די אויסערגעוויינלעך שווערע באדינגונגען אין וועלכע עס האבן געלעבט דעמאלטדיקע יידישע סטודענטן. דאס לאזט זיך אפשר דערקלערן דערמיט, וואס כזשאנאוו האט זיך געפינען נאענט צו די קולטור־צענטערן. קיין ספעציעלע באגרעניצונגען פאר יידן זיינען ניט געווען, און אז מען האט געמעגט עסן פראנק און פריי פונעם עץ־הדעת האט שוין ממילא דער יצר הרע געהאט א שוואכערן איינפלוס אויף דער דאזיקער ליבע און אויך באדייטענד אפגעטעמפט איר שארפן שפיץ.

עס זיינען געווען נור איינצעלנע, וועלכע האבן סוף פאריקן

יארהונדערט געלאזט זייערע קינדער שטודירן. אינטערעסאנט איז דער פאקט, וואס די דאזיקע יידן זיינען דווקא ניט געווען קיין „פרייע". די מאטעס פון די שפעטערע דאקטוירים און אד־וואקאטן זיינען געווען פרום מיט בארד און פאות, אין חסידי־שער הלבשה, אין שטריימלעך און זיידענע יופיצעס. זיי האבן אין זייער לעבן באשטימט ניט פארפעלט קיין מנחה ומעריב, אדער אין דער פרי ביים אויפשטיין די נעגל זיך אפגיסן.

פאר אונדזער געשיכטע איז כדאי צו דערמאנען צוויי פון די אויבנדערמאנטע בעלי בתים, וועלכע האבן מיטן לאזן שטודירן זייערע קינדער, געהאט א חוץ פראקטישע מאטעריעלע אויס־רעכנונג אויך א משכילישן הינטערגרונט און יידיש־נאציאנאלע אמביציע. דאס זיינען ר' לייבל ציפער מיט זיין פרוי פאני, וועלכע האבן געגעבן דער שטאט דעם דר. שמואל ציפער און אין וועמענס שטוב עס האט זיך אנגעהויבן נעסטן דער ערש־טער ציוניסטישער קרייז אין כזשאנאוו און ר' מרדכי שאול מיט זיין פרוי חנה שווארצבארט, וועמענס קינדער זיינען געווען פון די ערשטע ציוניסטן אין מערב גאליציע — אפגערעדט פון זיי־ער זון יצחק דעם שפעטערן ס״ים דעפוטאט. זיי האבן דער־צויגן זייערע קינדער ניט בלויז אין גייסט פון דער השכלה, נור קודם־כל אין נאציאנאלן יידישן גייסט. דער עלטסטער זון, אינזש. דר. יוסף שווארצבארט, וועלכער האט געוווינט אין ברין (טשע־כיען) איז געווען א פיאנער פון ציוניסטישן געדאנק און אנט־וויקלט א שטארקע ציוניסטישע טעטיקייט. ער איז געשטארבן אין ארץ ישראל. זייער צווייטער זון דר. אהרון (אדאלף) שווארצ־בארט, א באקאנטער מעדיצינישער מומחה און אקטיווער ציו־ניסט (היינט אין תל־אביב) און די איינציקע טאכטער זייערע, דר. עלי ריגער איז פראפעסארקע אין דעם לערער סעמינאר אין תל־אביב. מיר אונטערשטרייכן די דאזיקע פרטים, ווייל דאס באווייזט דעם ציוניסטישן כאראקטער פון דער דערציאונג, וואס די עלטערן האבן געגעבן זייערע קינדער.

די דאזיקע צוויי משפחות האבן דעם יידישן כזשאנאוו גע־געבן צוויי ליכטיקע פערזענלעכקייטן מיט וועלכע די שטאט

האט געקענט שטאלצירן: דר. שמואל ציפער און דר. יצחק שווארצבארט. הגם די לעצטע האבן ניט קיין שטארקן אנטייל אין דער אנטוויקלונג אין וווקס פון די כזשאנאווער יוגנט אר־גאניזאציעס, האבן זיי אבער געדינט אלס מוסטער פון נאציא־נאלער ווירדע און ציוניסטישער התלהבות אין א צייט פון טיף גרייפנדיקער פאליטישער און קולטורעלער אסימאלאציע, וואס האט ארומגענומען א גרויסן טייל פון אונדזער פאלק.

## די ערשטע ציוניסטישע חברה

דעם שוין דערמאנטן ר׳ לייבל ציפער איז אויך צוצושרייבן די איניציאטיוו צו זיין פון די ערשטע — נאך דעם דערשיינען פון הערצל׳ס יודנשטאט — וועלכע האבן געגרינדעט א ציוניס־טישע אָרגאניזאציע אין כזשאנאוו. די דאזיקע גרופע, וואס האט זיך אפגערופן אויף דר. הערצל׳ס רוף איז באשטאנען פון משׂ־כילים און יידן בני תורה האט געזאמעלט געלט פארן ישוב אין ארץ ישראל, ארבעטנדיק דערביי שטרענג קאנספיראטיוו. כדי ניט צו ציען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון די דעמאלטדיקע רביים מכל המינים, וועלכע האבן אין ציוניזם דערשמעקט כפי־רה און אפיקורסות רחמנא לצלן, האבן די דאזיקע אמתע אי־דעאליסטן געפירט זייער ארבעט אזוי לאנג ביז די יוגנט האט א צייט שפעטער איבערגענומען דעם ציוניסטישן געדאנק און ארויסגעטראגן אים אויף דער אפענער גאס. די נעמען פון די ערשטע חלוצים פארן ציוניזם איז כדאי צו פארצייכנען לזכרון עולם.

ר׳ לייבל ציפער — ר׳ מרדכי שאול שווארצבארט
ר׳ יהושע האלענדער — ר׳ זימל שטערנפעלד
ר׳ שמעון בידערמאן — ר׳ שבתי ווורצל

א פראטאקאל פון דער דאזיקער ערשטער ציוניסטישער חברה אין כזשאנאוו האט זיך ביזן יאר 1939 געפונען אין באזיץ פון ברוך האלענדער הי״ד, וועלכער איז אומגעקומען אין אוישוויץ.

# „בני ציון“

## (אלגעמיינע ציוניסטן)

שטיל, באשיידן, אן רעש און געפילדער האט זיך געגרינ־דעט און געפירט זיין ארבעט דער ערשטער ריין הערצליאנישער ציוניסטישער פאַראיין „בני ציון“. אויב מ׳יר האבן ניט קיין טעות איז די דאזיקע גרופע געשאפן געווארן אויף א בוידעם שטיבל, אין אליעזר ברוד׳ס הויז קעגנאיבער דער געמיינדע. (מאגיסטראט). די קאנספיראציע איז געווען נויטווענדיק, ווייל די ערשטע חברים פון „בני ציון“ זיינען געווען בחורים סאמע „זייד און אטלאס“. דאס זיינען געווען בית־המדרש בחורים, וועלכע זיינען אוועק פון דער גמרא און געטראגן זיידענע יופיצעס און קאלפאקעס. (א מין סאבעלנער שטריימל, וואס חס׳ידישע בחו־רים פלעגן אים טראגן אין שבת. א „קאלפאק־בחור“ האט גע־הייסן אזויפיל, ווי א יידן קינד, א צאצקע, וואס טאטע מאמע האבן זיך אין אים געשפיגלט.) די דאזיקע בחורים ניט זייענדיק קיין פארדינער און אויך ניט קיין בעלי מלאכות, אדער אנגע־שטעלטע זיינען געווען אנגעוויזן אויפן חסד פון די פרומע טאטעס. אפהענגיקייט פון זייערע עלטערן האט זיי געצוווּנגען צו פאר־זיכטיקייט. סוף כל סוף זיינען זיי אויך געווען גוט דערצויגענע קינדער און זיי האבן ניט געוואלט פארשאפן זייערע עלטערן איבריקן עגמת־נפש. דערפאר איז אבער זייער חיבת ציון געווען אן אויפריכטיקע און הייסע פול מיט התלהבות און איבער־געבנהייט.

פון דעם דאזיקן אין אנהויב קליינעם קרייזל איז אויסגע־וואקסן שפעטער א באדייטנדיקע פלעיאדע פון באוווסטזיניקע ציוניסטישע עסקנים און אנשי מעשה, וועלכע האבן געפירט א גרונטלעכע נאציאנאלע און ציוניסטישע אויפקלערונגס־ארבעט אויף די אזוי אין די דעמאלטדיקע צייטן גערופענע „טוינבעהא־לעס“, וואס זיינען אפגעהאלטן געווארן ווינטערצייט אין די שבת צו נאכטסן שוין אין גרעסערן לאקאל ביי לייבטשע קליין אין



„בני ציון“
פון רעכטס אויף לינקס זיצנדיק: פרוי לאנדא, לייב ריכטער, פרוי רויכווערגער, הירש באכענעק, פרל. גוטער, מענדל נוסבוים, דענטיסט צאלמאן (מיטן קינד) פרל. ארנשטיין, משה ריכטער.

הויז, ווו עס פלעגן קומען פון קראקע אויף רעפעראטן די באַ־קאַנטע ציוניסטן, ווי ־דר. שמעון פעלדבלום, דר. בולוואַ, דר. יצחק שוואַרצבאַרט, דר. חיים הילפּשטיין און אַנדערע.

פון דער „בני ציון" זיינען מיט 40 יאָר צוריק געגאַנגען קיין א"י די ערשטע כזשאַנאָווער חלוצים מיט הערצל'ס יודנשטאַט אין רוק־זאַק. און דאָס זיינען אויך געווען די ערשטע גרינדער אירע, וועלכע האָבן – טראָץ דעם, וואָס זיי זיינען געווען קינ־דער פון פאַרמעגלעכע עלטערן – געוויזן אַ ביישפּיל פאַר אַנ־דערע ווי אַזוי צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם. זיי זיינען אויך געווען דער אַוואַנגאַרד פון די עטלעכע הונדערט כזשאַנאָווער יידן, וועלכע זיינען שפּעטער עולה געווען און אַזוי אַרום זיך געראַטעוועט פונעם היטלערישן גיהנום און אומקום. הערשל קליין, שמעון וואָלף יונגענווירט און שלמה גובער, אַט די דאָ־זיקע משכילים און „קאַלפּאַק בחורים" האָבן געהאַט גענוג שכל און פערזענלעכן מוט אויסצושמידן אַ בעסערע צוקונפט פאַרן יידישן פאָלק.

נאָך דעם אָפּפאָר פון די אויבן דערמאָנטע ערשטע מיט־גלידער פון „בני ציון" איז די אַרבעט ניט איבערגעריסן געוואָרן, נאָר להפך נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן. די „בני ציון" האָט אַ דאַנק די קאָנסעקווענטע און מיפּולע ציוניסטישע אַרבעט פון אירע חברים ווי די טראַגיש אומגעקומענע ליפּאַ ווינער, הערשל באַכנעק, קלמן פראַפּער און משה לייזער וואַכסבערג (פידעלע) צוגעפירט דערצו, אַז די „בני ציון" האָט תמיד געהאַט די פירונג אין אַלע ציוניסטישע מוסדות ווי קרן קימת, קרן היסוד און אַנ־דערע נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע אונטערנעמונגען.

נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג אַ דאַנק דעם אַנטשטיין פון דער סתם ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „עקיבא". וואָס האָט געווירקט אויף די עלטערע ציוניסטן, ווי אַ פרישע בלוט־טראַנס־פוזיע, האָט די „בני ציון" מיט די נייע יוגנט כוחות באַקומען נאָך מער שווונג. עס זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן העברעאישע לערער און אַ דאַנק דעם אומדערמידלעכן ציוניסטישן עסקן אהרון גראַיאַווער איז אויך אויף אַ קורצער צייט אַנשטאַנען אַן



„עקיבא" יוגנט אויף אַן אויספלוג, אין דער צווייטער ריי, דער דריטער פון לינקס, דער זון פון מחבר אלימלך באכנער הי"ד

העברעאישע שולע, וואס האט אבער צוליב פארשידענע סיבות זיך לאנג ניט געקענט האלטן.

אויך אויף דעם פאליטישן, קאמונאלן און קהילות געביט האט די „בני ציון" געשפילט די אנפירנדיקע ראל ביי די נאציא־נאל־יידישע פארטייען. דאס איז אויך צו פארדאנקן דעם אנזען פון אירע מיטגלידער דר. רייזער און דר. ציפער.

אין די לעצטע יארן פארן חורבן איז אויך א דאנק דער „בני ציון" אנטשטאנען א ריין ציוניסטישער בית המדרש, אין וועלכן א חוץ דאוונען איז אויך געפירט געווארן א ציוניסטי־שע טעטיקייט. דאס דאזיקע בית־המדרש האט געאטעמט מיט ווארימער און פריידיקער יידישקייט. אין דאזיקן בית־התפילה מיטן נאמען „אהבת ציון" האט זיך ניט געפילט די מחיצה צווישן טאטן און זון, צווישן פ־ומען און פרייען. יעדער ייד פון וואס פארא פארב ער האט ניט געזאלט זיין, האט זיך דא געפילט היימיש. ביי דער דאזיקער געלעגנהייט דארפן אויך דערמאנט ווערן די שמחת־תורה הקפות, וואס די „אהבת ציון" האט ביי זיך איינגעפירט און וואס עס איז געווען דאכט זיך א זעלטנ־הייט אין אנדערע יידישע שטעט. אויסער די סקארבאווע שירים, וואס מ'זינגט געוויינטלעך בעת די הקפות האט זיך די יוגנט פון „עקיבא" באטייליקט מיט איר גאנצן רעפערטואר פון העב־רעאישע און יידישע לידער. ייִנגלעך מיט מיידלעך האבן זיך גלייך באטייליקט. צווישן איין הקפה און דער אנדערער האט מען געטאנצט אמת'ע ארץ ישראל'דיקע הוירא'ס. די התלהבות און פרייד פון דער יוגנט איז געווען זייער גרויס. די דאזיקע אוונטן האבן זיך איינגעקריצט אין זכרון פון יוגנטלעכע. די לעבן געבליבענע „עקיביאנער", ווו זיי זאלן זיך היינט ניט געפונען וועלן דאס מיט פרייד באשטעטיקן.

א שטארקן אנטייל האבן געהאט אין די דערגרייכונגען פון „בני ציון אין די לעצטע יארן, די עסקנים: מנשה פישלער, יעקב ראובן פעטערזייל, דוד רויכווערגער, מענדל נוסבוים, משה ריכטער און אנדערע. די אלע א חוץ פעטערזייל, וועלכע זיינען דורך די היטלעריסטישע רוצחים אומגעקומען מיט פארשידענע מיתות



א פורים מאסקן־באל ביי דער „עקיבא"

משינות, האָבן ביז זייער גרויזאמען אומקום געארבעט טריי פאר זייער פאלק. זאלן די עטלעכע באשיידענע שורות דינען פאר זיי אנשטאט א מצבה.

## זש. פּ. ס. „בונד“

אויב מען וויל זיין ערלעך, מוז מען מודה זיין, אז די זש. פּ. ס. (זשידאוואסקא פארטיא סאציאליסטיטשנא) ווי זי האט זיך ביי איר גרינדונג גערופן און שפּעטערער „בונד“, האט אין אנפאנג פון זיין עקזיסטענץ ארויסגעוויזן א שטארקע, רירעווודיקע טעטיקייט אין כזשאנאוו. צוויי סיבות האָבן עס גורם געווען, ראשית, די שטארקע שטיצע פון דער פּוילישער פּ. פּ. ס., וואס איז דעמאלט געשטאנען אין איר העכסטער גלאנץ מיט אירע גאליציאנישע פאלקסטריבונען דאשינסקי און מארעק אין מערב גאליציע און דיאמאנט מיט ליבערמאנען אין מזרח גאליציע מיט זייער דעמאלטדיקער אומגעהויער גרויסער פּאפּולאריטעט צווישן די ארבעטער מאסן. והשנית, די מער וויכטיקע סיבה. א גרופּע פון סאציאליסטישע אידעאליסטן, פּאנאטיש ערלעכע קעמפער און טיכטיקע, אינטעליגענטע כזשאנאווער ארגאניזאטארן, ווי די וויכטיקסטע בונדישע טוער נחמן שניידער, הערמאן העפער און שפּעטער שלום גאלדשטיין, האבן מיט זייערע פּערזענלעכע טאטן מיט זייער רוח־החיים און אמונה אין סאָציאליזם, ערזעצט די בלויזן, וואָס דער „בונד“ האט פארמאגט אלס יידישע באוועגונג. ניט דער „בונד“ אלס אידעאישע באוועגונג איז אין כזשאנאוו געווען דערפאלגרייך, נור די אנפירער פון דער בונדישער פּארטיי האבן מיט זייער פּערזענלעכן איינפלוס געזאמעלט ארום זיך געוויסע טיילן פון דער יידישער באפעלקערונג און דאס נור אזוי לאנג, ביז עס האבן זיך ניט באוויזן אויף דער ארענע די ציוניסטישע פּארטייען.

עס איז ניט צו לייקענען, אז דער „בונד“ האט דער ער־

טשער ארייגגעבראכט אין כזשאַנאוו אביסל ליכט די פאר־חושכטע בעלי מלאכות. דאס איז געמאכט געווארן מער אויפן גייס־טיקן ווי אויפן עקאנאמישן געביט. די בונד־טוער האבן די ערשטע אראפגעבראכט פרעלעגענטן פון קראקע און אייגגע־ארדנט פארשידענע קולטורעלע אימפּרעזעס און אויך באזארגט די יוגנט מיט יידישער ליטעראטור.

דער „בונד" האט מיט זיין דערשיינען אויף דער יידישער גאס אין כזשאנאוו ארויסגערופן א געוואלדיקע רעאקציע מצד דער חסידישער פרומער מאסע, הגם זי האט זיך ניט באקאנט מיט די צילן פון דער באוועגונג. זיי האבן אין „בונד" געזען א באַ־וועגונג, וואס וויל אומברענגען דאס יידישקייט און אראפפירן די יוגנט פונעם דרך הישר. למען האמת זאל דא געזאגט ווערן, אז די רעאקציע פון די חסידים, וועלכע האבן שפעטער ארויסגעוויזן א כוח, איז ניט דוקא געווען געווענדעט קעגן „בונד". דאס איז גיכער געווען א נאטירלעכער אויפברויז קעגן פראג־רעסיווע טענדענצן קעגן די „שקצים", וועלכע ווילן ניט פאלגן דאס, וואס גוטע און פרומע לייט הייסן. דער „בונד" האט נור דורך זיין אפענע שנאה צום טראדיציאנעלן יידנטום ארויסגע־רופן דעם בער פונעם וואלד, ווערענדיק דאס „כפרה הינדל" פון דער הויפט־אטאקע, וואס די כזשאנאווער פרומע יידן האבן אין דעם זומערדיקן שבת פון יאר 1905 אדורכגעפירט. ומעשה שהיה כך היה.

דער „בונד" האט ערב שבת ארויסגעהאנגען א פלאקאט, אז אין שבת נאכמיטאג וועט אראפקומען א רעדנער פון קרא־קע. (שיינט אז דר. בראס). דער רב ר' נפתלי האט געלאזט אויסרופן, אז די שטאט זאל זיך צוזאמענקומען און ניט צולאזן צום דאזיקן חלול שבת. נאך דער שבתדיקער סעודה האבן ה־מונים יידן אין בגדי שבת געשטראמט צום זאַמל־פלאץ פאר דער שול, פארציכטענדיק אויף דעם טראדיציאנעלן שבתדיקן שלאף. פון דער שול האט זיך פארמירט א גרויסע דעמאנסטראציע צו דער קזשיסקער גאס, וווּ ס'האט זיך געפונען דער פארטיי לאקאל פונעם „בונד". אנקומענדיק אהין, צום פארסלאשענעם

לאקאל, האט זיך דער רב מיטן עולם אפגעשטעלט און אין רב׳ס קענגנווארט האט זיך איינער פון המון אריינגעריסן דורכן פענסטער און ארויסגעווארפן פון דארט אלץ, וואס ס׳איז אים געקומען אונטער דער האנט, ווי ביכער, צייטונגען, קארעס־פאנדענץ, צווישן אנדערע אויך א פאסט־קארטל אין וועלכן ס׳איז געווען געמאלדן, מיט וועלכן צוג און אין וועלכער שעה דער רעדנער וועט קומען. מיט אזא קלארן באווייז האט זיך דער רב מיטן גאנצן עולם געלאזט צו דער באן־סטאציע. (ארומ־געוויקלט מיט די פאטשיילעס ארום האלז, ווייל דא איז שוין געווען מחוץ לערוב) דער רעדנער איז אנגעקומען מיט דער באן און ניט ווויסנדיק וואס אים דערוואַרט, איז ער אריינגעפאלן צווישן עולם חסידים. די באלאגערטע חסידים האבן אים געמאכט די אמתע משכנתא, שלאגענדיק אים מכת רצח און ארייננשטע־כענדיק אים מיטגעבראכטע פון דער היים שפילקעס. נאכדעם האט ער נאך קוים געהאט א צורה פון א מענטש.

דער עפילאג פון ד׳ער געשעעניש האט זיך אפגעשפילט אין געריכט, וואס איז פאר אונדז ניט וויכטיק. עס איז כדאי אבער צו פארצייכנען צוויי מאמענטן ביי דער דאזיקער פא־סירונג. די אנטשלאסנהייט און אנגריפס־לוסט פון די דעמאלט־דיקע קנאים פאר רעליגיעזער יידישקייט און די הויפט־רעדל־פירער פון דער דעמאנסטראציע ר׳ שלמה ניימאן, דער הויכער יוסקע און אנדערע, וועלכע האבן מיט רעכט, אדער אונרעכט גע־קעמפט אין דער דאזיקער „מלחמה" מיט מסירת־נפש. פון דער אנדערער זייט ווידער דארף באטאנט ווערן דאס רואיקע פאר־פארהאלטן פון דער דעמאלטדיקער יוגנט, וואס האט אויסגע־מיטן פיזישע ארגומענטן אין דער הייסער דיסקוסיע.

## פועלי־ציון

עס איז שווער געווען אין אנפאנג פאר דער ציוניסטיש־סאציאליסטישער ארבעטערשאפט צו שטעלן פעסטע פיס אין כזשאַנאוו, ווו דער „בונד" האט שוין געהאט פארכאפט געוויסע



כזשאנאווער דעלעגאציע צום פארטיי טאג פון די עסטרייכישע פועלי ציון אין יאר 1912.

רעכטס, חיים ווינער, לינקס, קארפל גאלדשטיין אין דער מיט מרדכי שאר.

שטארקע פאזיציעס אין די ארבעטער־ספערן. נאך שווערער איז געווען אויפצונעמען א קאמף מיט די טאלענטירטע פירער פונעם „בונד", די שוין דערמאנטע הערמאן העלפער און נחמן שניידער. אבער דער כוח פון דער ציוניסטישער אידיי האט גובר געווען אלע מכשולים. פלייס, אויסדויער און עקשנות פון פּועלי־ציוניסטן האט געשטארקט די דאזיקע ארגאניזאציע אין א צייט, ווען דער „בונד" האט באהערשט די מוחות פון א גרויסן טייל א־בעטער.

נאך א קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ האט די פועלי ציון, א דאנק אירע ענערגישע טוער מרדכי שאר, די צוויי ברידער בליצער (זין פון יחיאל מרדכי) חיים ווינער און וועל כולם דער אייביק יונגער מאטל ראזנער הי"ד אנגעהויבן ארײנ־צודרינגען אין די ארבעטער קרייזן. אפטע פארזאמלונגען, רעפעראטן, פארווײלונגען האבן ארײנגעבראכט פריש לעבן אין שטעטל. א דאנק די פועלי־ציון און איר אקטיווער ארבעט אויפן געביט פון יידישער קולטור בכלל האט כזשאנאוו געהאט די זכיה נאך מיט 40 יאר צוריק צו האבן ביי זיך צו גאסט אויף רעפעראטן אזעלכע וועלט־באקאנטע פערזענלעכקייטן ווי דר. נתן בירנבוים, (מתתיהו אחר) דר. חיים זשיטלאווסקי און דר. יצחק שיפער. ציוניסטישע ארבעטער פירער ווי בערל לאקער, לעא כאזאנא־וויטש און (כתריאל) נחמן מיפעלעוו זיינען געווען אפטע געסט אין כזשאנאווער פועלי ציון.

הגם אין די קריגס־יארן 1914 — 1918 איז געווען ביי די יידישע פארטייען אין אלגעמיין א גרויסע סטאגנאציע; א טייל פון די יוגנעלייט איז געווען אויפן פראנט און געקעמפט פאר מלכות קירה, א טייל ביים מיליטער אין הינטערלאנד און פיל זיינען געווען „נייטראל" אויף די בוידעמער און אין זי קע־לערס... דאך האט די כזשאנאווער פועלי־ציון ניט אויפגעהערט צו ארבעטן. מאטל ראזנער, וועלכער איז געווארן נאך דעם אפפאר פון מרדכי שאר קיין אמעריקע דער אידעאלאג און דער פאקטישער לייטער פון פועלי־ציון האט נאך מער פאר־שטארקט די פארטיי־ארבעט. די „פרייהייט" איז אין די שפע־

טערע יארן פארוואנדלט געווארן אין א חלוצישער באוועגונג, וואס איז אנגעפירט געווארן דורך אברהם טאגנער, וועלכער איז עולה געווען א צייט פארן חורבן קיין ארץ ישראל.

נאך דער שפאלטונג פון דער פועלי־ציון האט די אויבער־האנט אין כזשאנאוו באקומען די „התאחדות" א דאנק דער אַק־טיוויטעט פון דעם אין כזשאנאוו באקאנטן העברעאישן לע־רער מנחם ז"ל. דער ציוניסטיש־סאציאליסטישער געדאנק האט ארומגענומען וואס אמאל ברייטערע שיכטן פון דער יוגנט. דערצו האט ניט ווייניק מיטגעהאלפן די אינטעליגענץ און אפ־פערוויליקייט פון די אנפירנדיקע חברים פון „התאחדות", ווי יחזקאל גוטער, בערעק לויפער און איטשל אורבאך. נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה האט די דאזיקע פועלי־ציון פארטיי געגעבן די גרעסטע צאל עולים און אין דער לעצטער צייט פארן חורבן איז, אויך אנטשטאנען א שטארקע יוגנט־ארגאניזאציע מיטן נאמען „גורדוניה", אנגעפירט דורך דעם אקטיוון התאחדות ניק יעקב פארסט, וועלכער האט פיל מיטגעהאלפן צו פאר־שפרייטן דעם חלוצישן גייסט צווישן דער כזשאנאווער יוגנט. און א דאנק דעם האבן זיך טאקע זעער פיל געראטעוועט אין דער ריכטיקער צייט.

## „רחל"

(קאלא זשידאווסקע)

הגם דער דאזיקער פאראיין פון כזשאנאווער מיידלעך האט אינגאנצן עקזיסטירט עטלעכע יאר, פון בערך 1910 ביז 1914, לאזט זיך ניט קלאר פעסטשטעלן זיין פרצוף. ווייל אייגנטלעך איז דער פאראיין „רחל" ניט געווען פארבונדן מיט קיין שום יידישע פארטייען. עס איז מער געווען א קינסטלעכער דעק־מאנטל, הינטער וועלכן ס'האבן זיך פארשטעקט השכלה־טענ־דענצן. דער עצם אויפטו צו גרינדן אזא פאראיין איז באמת אין די דעמאלטדיקע פארהעלטנישן געווען א געלונגענער. שוין מיט דעם אליין, וואס ס'איז געגעבן געווארן א געלעגנהייט די

מיידלעך פון חסידישע היימען און פון סתם פרומע טאטעס און מאמעס זיך צונויפצוקומען אין אן אייגענעם לאקאל אין א ריין יידישער סביבה, הערן רעפעראטן וועגן יידישער און אלגעמיינער ליטעראטור ווי אויך וועגן יידישע צייט־פראגן. דאס אליין איז שוין געווען א געווינס פון וויכטיקער באדייטונג פאר די יידישע מיידלעך און שפעטערע דערציערינס פונעם יונגן דור.

דער פאראיין „רחל" האט אזוי צו זאגן געלייסטעט הכשרה־ארבעט פאר אלע יידיש נאציאנאלע באוועגונגען, געוועקט דאס נאציאנאלע־באוווסטזיין ביי דער יידישער פרוי אין א צייט, ווען אסימילאציע און פרומקייט, האט זיך פאראייניקט, בכדי צו באקעמפן דאס אויפוואכענדיקע נאציאנאלע יודנטום.

פון די מיטגלידערינס פון דעם דאזיקן פאראיין האבן זיך שפעטער געשאפן קאדרן פון יידיש־נאציאנאלע דענקענדיקע פרויען און אנהענגערינס פון „וויצא".

דער פאראיין „רחל" איז געווען א ספעציפיש כזשאנאווע דערשיינונג, אירע חברות האבן זיך רעקרוטירט פון פארשידענע שיכטן און קלאסן. אירע אנפירערינס, אויף וויפיל דער זכרון דינט אונדז זיינען געווען.

ליבע קליין
חיה'טשע לעזער, שפעטער קאראל
פייגוש גאסנער, שפעטער פישלער
יוכבד דונקעלבלום, שפעטער האפטל
מלכה ראזענבוים, שפעטער קליין
די שוועסטער זאיאנץ.

## מזרחי

פון די ציוניסטישע באוועגונגען איז די „מזרחי" אנטשטאנען כמעט די לעצטע. הגם אין אזא פרומער און רעליגיעזער שטאט ווי כזשאנאוו האט עס געדארפט זיין על פי שכל פארקערט. דערפאר איז „מזרחי" אנגעקומען די ציוניסטישע ארבעט פיל לייכטער, זי האט שוין אנגעטראפן אויף א דורכגעאקערטן באדן, וואס די אנדערע ציוניסטישע פארטייען האבן פאר איר



„מזרחי"
פון רעכטס אויף לינקס,
ערשטע ריי: וואסערטייל, מאַנדלבוים, אלטמאן, קינרייך.
צווייטע ריי: ווייס, פוכסברומער, הירשבערג, גוטער, טויז, שניצער.

מכשיר געווען. ציוניסטישע קרנות האבן שוין טעכניש גוט גע־ארבעט, ארץ ישראל איז שוין געווען די שטרעבונג פונעם כלל. די „מזרחי" האט דאן געבילדעט א שוץ־וואל קעגן דער אגודה און איר אויסגעשפראכענער שנאת־ציון פאליטיק. „מזרחי" איז טראצדעם אויסגעוואקסן צו אן איינפלוסרייכן הגם ניט צאל־רייכן כוח מיט וועלכן די ציוניסטישע פארטייען האבן זיך ערנסט גערעכנט. דער מאראלישער איינפלוס אויף דעם סתם רעליגיעזן ייד האט זיך כסדר פארגרעסערט אין דאס איז גע־ווען צו פארדאנקן אירע רירעווודיקע טוער ווי אברהם זילביקער ה"ד און בצלאל צוקער ה"ד, וועלכער האט שפעטער געמוזט שפילן אזא ביטערע און טראגישע ראל. יחזקאל רייך, חיים הירשטאל, חיים גוסער ה' ינקום דמם און יבדל לחיים ברוך הירשבערג. די דאזיקע עסקנים האבן געהאט אונטער זיך א סטאזש פון ציוניסטישער ארבעט און זייער גאנצע ענערגיע האבן זיי אפגעגעבן פארן ציוניסטישן געדאנק.

א שיינער קנין פון „מזרחי" איז אויך געווען זיין בית־המדרש אויף די פלאנטן, ווו עס האבן זיך קאנצענטרירט א חוץ ציוניסטישע עסקנים אויך א באדייטענדיקע גרופע פון מנג־נים תלמידים און קענער פון ר' הירש לייבס און ר' לייביש מייזעלעס מוזיקאלישע שאפונגען, ווי אברהם זילביקער, שמחה שענבערג, בערל פרענקל און אנדערע. געזונגען איז דא גע־ווארן מיט מוזיקאלישער קענטניש און פיעטעט. א תענוג איז געווען שבתים און ימים טובים צו דאווענען אין דאזיקן מזרחי בית־המדרש ווו יעדעס ווינקעלע איז געווען אנגעפילט מיט וווּנדערבארער נגינה.

„מזרחי" איז אויך געווען די ערשטע אין כזשאנאוו, וואס האט איינגעפירט די מאדערנע עונגי־שבת לויטן מוסטער פון חיים נחמן ביאליק'ס עונגי־שבת. עס איז ווירקלעך געווען א פארגעניגן צו הערן ווי יידן אין שטריימלעך און אין בגדי משי באהאנדלן צווישן איין זמר און צווייטן פארשידענע אקטועלע פראבלעמען, אדער הערן זיך צו צו די געהאלטענע רעפעראטן.

ביי דער „מזרחי" איז אויך אנטשטאנען א יוגנט־באוועגונג

גונג אונטערן נאמען „השומר הדתי“, וואס האט אבער ניט אַ־רויסגעוויזן קיין שטארקע סמנים פון לעבן אין פארגלייך צו אנ־דערע ציוניסטישע יוגנט ארגאניזאציעס און אין דער ערשטער ריי אין פארגלייך מיט „עקיבא“.

מיר האבן זיך באמיט אין קורצן צו שילדערן די באוועגונגען, וואס האבן פארנומען דעם „אויבנאן“ אין פאליטיש־געזעלשאפטלעכן לעבן פון כזשאנאוו. עס זיינען אבער אויך אין די לעצטע יארן פארן חורבן צוגעקומען נאך צוויי פארטייען, וועלכע האבן אין וועלט־מאסשטאב געשפילט א גרויסע ראל, אבער אין כזשאנאוו איז זייער באדייטונג געווען קליין. מיר מיינען דא די אגודת ישראל און די רעוויזיאניסטישע פארטיי. מעגלעך, אז די צאל פון זייערע חברים איז געווען גענוג גרויס, זייער איינפלוס, אבער אויפן דעת הקהל האט זיך קנאפ אנגעזען.

זאל אויך דערמאנט ווערן דער אנסקי קלוב, וואס איז געווען „אפאליטיש“ און פון וועמענס סביבה עס האט ארויס־געשטראלט אמת'ע יידישע קולטור און וועלטלעך וויסן.

עס איז נאך כדי צו באמערקן, אז טראץ די פארשידענע פארטייאישע חלוקי־דעות, איז עס אין כזשאנאוו קיינמאל ניט געקומען צו קיין קריגערייען, אדער פערזענלעכע רייבונגען. להפך, די יוגנט פון אלע שאטירונגען האט געלעבט פריינט־שאפטלעך און חבריש צווישן זיך. ממש אן אידיליע פון באח־רית הימים.



„מזרחי" - יוגנט
השומר הדתי אויף דער פלאזשע



„אנסקי קלוב“ פון רעכטס אויף לינקס, ערשטע ריי: שטערנפעלד, לאנדא, אלטמאן, פירער, באכנער, פרוי שטערנפעלד, פליישער. צווייטע ריי: לידא, לאנדא, גראיאווער, שאר, שינדלער, שאר ראזענבוים, מאגער, זינגער.

**אינזש. ש. שווארץ**

# יידישע סטודענטן אין כזשאנאוו

ווי יעדעס פוילישע שטעטל האט אויך כזשאנאוו געהאט זיינע יידישע סטודענטן. אין דעם נאענטן קראקע האט דאס יידישע השכלה - לעבן שוין לאנג פולסירט און דער גייסט פון פארטשריט האט אנגעהויבן ארייננדרינגען אין דעם שכנות׳דיקן כזשאנאוו.

אין כזשאנאוו איז געווען א גימנאזיע נאך אין די עסט־רייכישע צייטן און אויף די גאסן פון כזשאנאוו ווי איבעראל אין גאליציע האבן שטאלצירט די סטודענטן אין די שווארצע מונדורן, הויכע היטלען און מיט גאלדענע שטרייפן אויפן קאלנער.

אמת, איידער דאס גימנאזיום איז אנטשטאנען זיינען אויך געווען עטלעכע משפחות ה׳ שווארצבארט, ציפער, ריזער, וואס האבן זייערע קינדער געשיקט שטודירן אויסער כזשאנאוו. זיי האבן אבער ניט געהערט צו דער כזשאנאווער סטודענטנשאפט.

שפעטער האבן זיך די יידישע סטודענטן רעקרוטירט פון די משפחות, וואס האבן געוווינט אויף די „פלאנטן". מען האט זיי גערופן די „פלאנטן־מענטשן", אדער „בעסערע". זיי פלעגן וווינען אין שיינע דירות, קליידן זיך „דייטש", האלטן פוילישע משרתים, די קינדער שיקן אין די שולן, גערעדט מיט זיי ס׳רוב פויליש און געהאט טאקע אספיראציעס צו האבן געלערנטע קינדער. די עלטערן זיינען געווען רעליגיעז, אבער, טאלעראנט. די מאמעס פלעגן אַין די שבתים און ימים טובים גיין מיט אלעמען גלייך אין שול אריין, זיך געפירט ווי יידישע טעכטער, אפגעהיטן יידיש־קייט ווי עס דארף צו זיין. די טאטעס זיינען געווען אנגעזעענע

סוחרים, געטראגן אפילו פריער שטריימלעך און שפעטער געביטן אויף פלושענע קאפעלושן. די זין פלעגן זיי שיקן אין די חדרים און גוט אויפגעפאסט, אז די קינדער זאלן לערנען. שבת האבן זיי די קינדער „פארהערט" און געהאט גרויס נחת, ווען דאס קינד האט די פרשה גוט געקענט. פאר גוט לערנען האבן זיי באקומען „שבת אויבסט". זיי האבן אבער געהאט א פארשטערטן שבת, ווען די קינדער האבן ניט געקענט. דעמאלט זיינען ניט איינמאל געפאלן פייערדיקע פעטש. ס'האבן זיך געטראגן געשרייען פון דעם טאטן אויסגעמישט מיט די געוויינען פון די קינדער.

ווען די קינדער האבן געענדיקט די 4־טע, אדער די 5־טע פאלקס־שול האבן געוויינטלעך די עלטערן באשלאסן צו שיקן די קינדער אין גימנאזיע. די טאטעס האבן מסכים געווען בתנאי, אז די מלמדים וועלן אהיים קומען און לערנען ווייטער די יידי־שע לימודים. און אזוי האבן זיך די עלטערן געאייניקט, אז די קינדערלעך זאלן זיין צו גאט און צו לייט.

אין דער גימנאזיע האט מען די יידישע סטודענטן אין דער ערשטער צייט באפרייט צו קומען אין שבת, בכדי צו גיין צו־זאמען מיט די טאטעס צום דאוונען. שפעטער, ווען די גימנאזיע איז געווארן א פויליש־מלוכה'שע האבן די יידישע סטודענטן געמוזט קומען אין שבת, אבער ניט געמוזט שרייבן. דערפאר אבער געדארפט טראגן אויפן קאפ די סטודענטישע „מאטשע־יאווקע". פיל עלטערן האבן זיך געשעמט, אז זייערע קינדער זאלן טראגן ביים דאוונען „מאטשעיאווקעס". איך דערמאן זיך, ווען איך בין שבת געגאנגען צום דאוונען האב איך אין דער טאש געהאלטן אן אנדער היטל און פארן ארייננגיין אין מקום־קדוש עס אנגעטון און די „מאטשעיאווקע" באהאלטן ... איך בין תמיד געגאנגען דאוונען אין שטיבל אויף די „פלאנטן", ווו מיין טאטע ז"ל איז יארן לאנג געווען גבאי. די ווארעמקייט און היי־מישקייט, וואס האט מיך ארומגענומען אין ווינטערדיקן שבת נאכמיטאג פאר מנחה — פיל איך נאך היינט. ארום דעם טיש זיינען געזעסן יידן און געלערנט א שעור ביי דעם אין כזשא:אוו



א גרופע כזשאנאווער יונגלעך מיט זייערע לערער ביים ענדע פון שול־יאר.

באקאנטן תלמיד חכם ר׳ שכנה ז״ל. ארום דעם אייזערנעם אויוון זיינען געזעסן באקאנטע בעלי בתים, ערנסטע און פארהארע־וועטע אין די וואכן־טעג, היינט אבער מיט א פריילעכן און רואיקן שמייכל אויפן פנים. זיי האבן געשמועסט וועגן פאליטיק, צעלייגט אויף קלײנגעלט יאושזאן׳ס (איטשעלע) „פאליטישע בריוו״ און קיפנים „ביי א גלעזל קאווע״.

און דא האב איך פארגעסן די סטודענטישע פוסטע וועלט, פארגעסן די שטעכעדיקע באמערקונגען פון די אנטיסעמיטישע פוילישע פראפעסארן און די חוזק־מאכעריי פון מיינע גוייאישע חברים. דא ביזטו ארומגענומען געווארן מיט א ניט אויפגעצווונ־גענע פרייע סביבה און אן הארציקע יידישע ווארעמקייט מיט דער לייכטער, אבער דאך שארפזיניקער בית־המדרש חכמה.

אין דער צייט נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה האט די צאל יידישע סטודענטן באטראפן אין ערך 45 — 50. די אסימי־לאציע האט גענומען שטארק ארײנדרינגען אין די יידישע סטו־דענטן־קרייזן און פלעגט זיי דערווייטערן פון נאציאנאלע יידישע געפילן. א פוסטקייט און גאוה פלעגט באהערשן די יידישע סטודענטנשאפט אין כזשאנאוו. זיי פלעגן זיך שעמען רעדן יידיש, זיך צו געפונען אין א יידישער געזעלשאפט. ניט געפאסט זיי צו גיין אויף רעפעראטן, וועלכע די רירעוודיקע ציוניסטישע אר־גאניזאציעס פלעגן איינארדנען. נאך די געמאכטע לעקציעס האבן זיי זיך פוסט און פאסט געדרייט אויף די „פלאנטן״. געטשעפעט מיידלעך, געלעגן אויף די „פאגורקעס״, אדער ביים טייך און ביז טיף אין דער נאכט געזעסן ביים זשאבעס־קאנצערט, גערעדט וועגן פוס־באל א״ן סתם שטותים.

די שטארקע ציוניסטישע סטודענטן־ארגאניזאציע פון קראַ־קע האט פראבירט ווירקן אויף דער פראווינץ און שאפן דארט זייערע קעמערלעך. די יידיש־פוילישע צייטונג „נאווי דזיענניק״ מיט אויפמונטערנדיקע ארטיקלען פון אונדזערע באליבטע מנ־היגים, דעם אומפארגעסלעכן דר. יהושע טאהן, דר. יצחק שווארצ־בארט, דר. בערקלאמער האט געשטורמט די אינדיפערענטקייט און פאסיוויטעט פון דער פראווינציאנעלער אינטעליגענץ און זיך

בעל כרחו אריינגעריסן אין די פארטשאדעטע מוחות פון אונדזער־רע כזשאנאווער יידישע סטודענטן. איך האב ניט פארגעסן, ווי אויף דער איניציאטיוו פון מיינע קראקעווער פריינט, האב איך זיי אלע צונויפגערופן אין דער וווינונג פון א פאמיליע, ווו עס האבן שטודירט אלע דריי קינדער. מען האט דעבאטירט שעה׳ן, אבער באלד האט מען זיך איבערצייגט, אז פון דעם קארן וועט קיין ברויט שוין ניט זיין. זיי זיינען אוועק מיט א הילכיק געלעכטער... איך וויל, אבער דרך אגב באמערקן, אז איינער פון זיי איז היינט א בכבודיקער גביר אין תל־אביב...

געווים זיינען געווען צווישן אונדזערע כזשאנאווער סטודענטן אויך אויפגעוועקטע. געגנוג צו דערמאנען צווישן זיי, הערשל ברענער, וועלכער איז דוקא ניט געווען א „פלאנטן מענטש". א בחור פון חדר מיט א שארפן קאפ, פלעגט תמיד פארטאגס קריכן מיטן „קאפיטאל" אונטערן ארעם אין ליליאנזשער וועלדל. איציק דייטשער מיט זיין משוגע קעפל, שפעטער א באגאבטער זשורנאליסט אין ווארשע. יאסעק בעסטער פון ליפאוויצע, א בלוט ארעם יונגל פון דארף, וועלכער איז שפעטער געווען א באליבטער דאקטאר אין שטאט. די אויפגעוועקטע חנה דונקעל־בלום, די שוועסטערן וואלף און די הארציקע שומרת רוזשקע ארנשטיין. דא געהערט אידעק ווערנער דער אינטעלעגענטער בחור פון כזשאנאוו, שפעטער אדוואקאט. איצעק רייפער, וועלכער האט זיך ערשט שפעטער נאכן פארענדיקן די גימנאזיע געווארפן מיט זיין יוגנטלעכן ברען אין דער סאציאליסטישער כלל־ארבעט און נאכן פארענדיקן דאס פאליטעכניקום נאך באוויזן אפצופארן קיין ניי־זעלאַנד, ווו ער פארנעמט א מלוכה׳שן פאסטן און ארבעט אויפן וויסנשאפטלעכן געביט. איך וויל אויך דערמאנען מיין פריינט יאסעק באכנער, דער מאטעמאטיקער מיט זיין חריפישן קעפל, שפעטער שטודירט אין בערלין און איז אריבער קיין מאסקווע, ווו ער האט אלס אינזשינער געאַרבעט אין אן עראפלאן־פאבריק אין כזשאנאוו. עס איז אויך געווען א סעמינאר, ווו עס האבן געלערנט אן ערך 15 יידישע מיידלעך. אייניקע פון זיי האבן אקטיוו אנטייל גענומען אין ציוניסטישע

ארגאניזאציעס. אומפארגעסלעך איז צווישן זיי חוה שווארץ די אנפירערין פון „גורדוניה״ אין כזשאנאוו.

דאס בילד פון די יידישע כזשאנאווער סטודענטן וועט ניט זיין גאנץ, אויב מיר זאלן ניט דערמאנען א קליינע געשלאסענע גרופע פון עלטערע אקאדעמיקער, וועלכע האבן אגב ניט סטו־דירט אין כזשאנאוו, אבער יעדעס יאר געקומען אהיים אויף וואקאציעס. דעם באגאבטן, ערנסטן און זעער אינטעליגענטן העניעק רייזער (היינט דר. אינזש. אין מיילאנד) דעם „קאסאנא־ווא״ און וויצלינג העניעק נאדל (היינט שאנכיי) די ברידער יוסף און דוד באכנער, ביידע אינזשינערן, (היינט אין קאנאדע) דעם ווידערשפעגסטיקן זון פונעם כזשאנאווער גביר ר׳ זיסמע קינרייך, ברוך, שפעטער דר. פון עקאנאמיע אין בערלין, און דעם איי־זערנעם סטודענט און „חוזק מאכער״ יוקל קורץ. זיי האבן אויף די יונגערע חברים געקוקט פון אויבן אראפ, רעדנדיק מיט יוקל קורץ׳ס ווערטער ווי אויף „צוציקעס״. זיי פלעגן, קומענדיק קיין כזשאנאוו פון „דרויסן״ אונטערהאלטן זיך אין אן אייגענעם קרייז, רעדן וועגן טעאטער, וועגן נייע ביכער, אויפציען די יונ־גערע און לאכן אויף וואס די וועלט שטייט.

אין די 30־קער יארן האבן זיך אנגעהויבן צו פארווישן די גרענעצן, די באזונדערקייטן צווישן די „פלאנטן יידן״ און די שטאט יידן און אזוי איז אויך דער סטודענטן עלעמענט געווארן אן אנדערער, מער דורכגעדרינגען מיטן געפיל און פארשטענד־ניש פאר יידיש־נאציאנאלע פראבלעמען.



א גרופע יידישע מיידלעך פון דער פאלקס־שול מיט זייער רעליגיע
לערערין פרל. חוה שווארץ.

# פארוויילונגס און שפאציר ערטער
## (בית־המדרש פעלד און פויליש בריקל)

פאר חסידישע יידן און „טאטעס" פון קינדער האט גע־דינט דאס אזוי גערופענע בית־המדרש פעלד ביז צום שעכט־הויז און פון דעם פוילישן בריקל לענגאויס פון דער באן־שטרע־קע ביז צום בית־עלמין. דא אויפן דאזיקן שטח האט מען גע־זען אין די זומער פארנאכטן בכבודיקע יידן אין שווארצע יופי־צעס מיט ברייטע זיידענע גארטלען, לאנגע פייקעס אין מויל און פאר א שמירה — א שטעקן אין האנט, איינזאפנדיק אין זיך די פרישע לופט פון די ארומיקע וועלדער מיט וועלכע כזשאנאו איז מיט שפע געבענטשט.

געוויינלעך זיינען די פארנאכטיקע שפאצירן ביי אונדזערע טאטעס, חסידים און בני תורה געווען א פארזעצונג פון די שפאצירן אין ש"ס און פוסקים. די מוחות האבן ווייטער גע־ארבעט איבער דעם, וואס מען האט איבערן טאג געלערנט.

נאטירלעך, דערשמעקנדיק א ביסל פרישע לופט, האט מען זיך שוין דערלויבט אויך מאנכעסמאל צו רעדן פון לייכ־טערע זאכן דהינו, גוטע ווערטלעך פון רביים, אינטערעסאנטע משלים פון גוטע יידן וכדומה.

יונגע בית־המדרש בחורים האבן זיך אויף א זעער ערנסטן אופן מפלפל געווען אין לערנען. ווייבער אין הארבעלנדער און אין שייט־לעך האבן זיך צניעות'דיק אויסגעזעצט אויפן גראז, שמועסנדיק פון זייערע טאג־טעגלעכע דאגות, פארשטענטלעך מיט א קליין בי־סעלע לשון הרע. און ווען א מאנספארשוין האט געדארפט אדורכגיין האבן זיי זיך צונויפגערוקט אויף איין זייט. כדי ער



דער ציוניסטישער עסקן אהרון גראיאווער מיט זיין פאמיליע אויף די פלאנטן.



דער פאפולערער כזשאנאווער בעקער ר' משה שמואל שניצער מיט
זיין פאמיליע אויפן בית־המדרש פעלד.

זאָל ניט דאַרפן דורכשפּרייזן צווישן צוויי נקבות...

דאָס בית־המדרש פּעלד בכלל גענומען איז געווען שטאַרק צוזאַמענגעוואַקסן מיטן יידישן לעבן אין כזשאַנאָוו. דאָ אויפן דאָזיקן פּעלד האָט מען ערב פּסח אנגעצינדן פייערן צו פאַר־ברענען דאָס חמץ, קינדער פון דער נאָענטער תלמוד תורה און אַנדערע חדרים האָבן דאָ געשפּילט אין ניס. אין ל"ג בעומר האָבן די יונגלעשע חילות מיט פייל און בויגן געפירט מלחמות. אין תשעה באב האָבן די קונדאָסים פון דאַנען אָויסגעריסן „שטשעליסקעס" פאַר אַלע בתי־מדרשים און שטיבלעך, כדי צו האָבן מיט וואָס מצער צו זיין דעם עולים בשעת זאָגן די קינות. אין יום כפור פלעגן יידן, וועמען עס איז שלעכט גע־וואָרן פון די שמעלצנדיקע ליכט אין שול און אַנדערע בתי־הת־פילה, אַרויסקומען אין טלית און קיטל אויפן פּעלד, כדי זיך אויפצופרישן און דערכאַפּן דאָס חיות.

הגם דאָס פּעלד האָט געהערט צו א גוי האָבן עס יידן באַטראַכט ווי אַן אייגנס. ניט קוקנדיק אויף די פּראָטעסטן פונעם אייגנטימער האָבן זיי זיך אויף דעם פּעלד געפילט ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן...

פאַר יונגערע מענטשן, וועלכע האָבן שוין געגאַרט צו נאַשן פון א ביסל עולם הזה האָבן געדינט די פּלאַנטן (אַלעאַ הענ־ריקאַ) און די הענגל־בריק ביי דער באַן ־סטאַציע. דאָ האָט שוין געהערשט א פרייערע אַטמאָספער און פרייל־עכערע שטי־מונג. דאָס רוחניות האָט אָפּגעטרעטן אַן אָרט דער גשמיות. עס האָבן זיך שוין יונגעלייט דערלויבט צו וואַרפן א בליק אויף מיידלעך און אפילו אַמאָל צו באַגריסן, שאַקלענדיק פאַרשעמט מיטן קאָפּ און רויט ווערענדיק דערביי... אַמאָליקע יאָרן איז עס ניט גע־ווען אין כזשאַנאָוו פון די לייכטע זאַכן צו רעדן מיט א מיידל. צו דעם האָט זיך שוין פאַרלאַנגט מוט און א ביסל עזות. מען האָט מורא געהאַט פאַר די אַרומיקע אויגן און נאָך מער פאַר די מיידלעך, וואָס וועלן שפּעטער באַרעדן... די פּלאַנטן זיינען אין די פריערע יאָרן געווען א מין קאָרידאָר צו דער הענגל־בריק. געווייגלעך האָבן די חסידישע טאַטעס און מאַמעס ניט געלאָזט



כזשאנאווער יוגנט אין א שיין ווינקעלע נעבן וואלד



א גרופע כזשאנאווער קינדער אויף זומער קאלאניע אין קוראַרט ראַבקע.

זייערע דערוואקסענע קינדער יונגלעך ווי מיידלעך סתם גיין אויף א שפאציר אן דער באגלייטונג פון עלטערע און דערפארענע. די יוגנט האט אבער געזוכט תמיד תרוצים, באשר מען דארף דערוואַרטן דעם, אדער יענעם ביי דער באן־סטאציע, אדער באגלייטן צום אוועקפארן. דער צ״ל איז אבער געווען די הענגל־בריק נאטירלעך...

א חוץ אויסגעשפראכענע בית־המדרש בחורים האבן זיך דא צונויפגעטראפן יוגנט מכל המינים, פון אלע קלאסן און שטאנדן, יונגלעך און מיידלעך, פארשטייט זיך, אז יעדעס גע־שלעכט אין באזונדערע גרופן.

אין אנהויב פון 20־טן יארהונדערט, מיטן אנטשטיין פון די יוגנט־באוועגונגען, נאציאנאלע און סאציאליסטישע, האבן זיך די פלאנטן ראדיקאל געביטן. די יוגנט, וואס האט אנגעהויבן צו לעזן ביכלעך און ראמאנען, גוטע צו שלעכטע, האט באקומען קוראזש און אין פארלויף פון א קורצער צייט האבן זיך שוין אנגעפאנגען צופעליקע און באשטעלטע באגעגענישן מיט אפיצי־עלע ראנדעוווס ווי עס פירט זיך ביי לייטן. די פלאנטן און די פרייע לופט האט אויך אויף דער יוגנט געווירקט אין גייסטיקן זין.

# דער וואלד

פאר דער מאדערנער יוגנט מיט אספיראציעס פון פרייע מענטשן זיינען שוין נאטירלעך די פריער אויסגערעכנטע ערטער געווארן צו ענג און דושנע. זיי האבן זיך שוין ארויסגעלאזט אין וואלד מיט דער ה׳ הידיעה. דאס איז דער וואלד, וואס איז געווען אמנאענטסטן צו דער שטאט, אן ערך 1 קילמ. פון יידישן בית עלמין. ביזן יאר 1918 איז דער וואלד געווען דאס אידעאלסטע ארט פאר דער רייף געווארענער יוגנט. מען האט דא ניט מורא געהאט פאר די שטרענגע טאטעס און מאמעס. מען איז אויך זיכערער געווען פאר א „גוט אויג", פאר אלערליי גאטס משגיחים און סתם לשון הרע׳ניקעס, וועלכע האבן געזוכט שטאף פאר זייערע פלאטקעס.

די יוגנט האט זיך דאַ אויסגעלעבט פריי און אומגעצווונגען. עס דארף אבער באמערקט ווערן, אז די יוגנט האט זיך אויס־געלעבט אנשטענדיק און קולטורעל. מען האט געפירט „ליבעס" עכטע און אויך פלאטאנישע, עס ווילט זיך זאגן אויף א הויכן ניוואָ. דיסקוסיעס זיינען געפירט געווארן מיט קענטניש און אינ־טעליגענץ איבער אלגעמיינע און יידישע טאטעס. איבער די נייעסטע שאפונגען פון דער דעמאלטדיקער גלאַנץ־עפאכע אין דער יידישער, העברעאישער, פוילישער און דייטשער ליטעראטור. וואלטן בוימער געקענט רעדן, וואלטן זיי געהאט פיל נאכצו־דערציילן, וואס זיי האבן געהערט פון אט דער כזשאנאווער יוגנט. אחד העם און מאקס נארדוי, פרץ און ניטשע, ביאליק און מיצקיעוויטש זיינען געלעזן געווארן אין זייער אריגינעלער שפראך.

מיטן צערפאל פון עסטרייך האט זיך אויך אין וואלד אלץ



גרופן בילד אויף דער פלאנטן

געענדערט צום שלעכטן, ווען עס איז אנטשטאנען די לאקאמאטיוון פאבריק איז אין וואלד אויפגעשטעלט געווארן אן ארבעטער זידלונג און די דארטיקע פאלאקן האבן ניט געקענט פארגינען דער כזשאנאווער יידישער יוגנט אביסל פרייע לופט צו אטע־מען. עס האבן זיך זייט דעמאָלט אנגעהויבן פארשידענע פראָ־וואקאציעס מצד די פאלאקן און אין דער לעצטער צייט זיינען שוין אַפילו פארגעקומען פיזישע איבערפאלן און שטיינערווארפן פון די דארטיקע שקצים און דאס האט די יידישע יוגנט ניט ווייניק פארביטערט און אנגעפילט מיט גיפטיקן האס קעגן די אייניקלעך פון קאשציושקא און מיצקיעוויטש...

די אפטע איבערפאלן האבן געפירט דערצו, אז די יידישע יוגנט זאל זוכן עקספאנסיע אויף אן אנדערן שטח, ווי זיך פרייער אויסצולעבן און ניט זיין אויסגעזעצט אויף שיקאנעס פון פוי־לישע שקצים און אזוי האט זיך די יידישע יוגנט עטלעכע יאר פאר דעם חורבן אריבערגעטראגן אויף דעם „פיאסעק".

## „פיאסעק"

א שיין ווינקעלע נעבן דעם טייך העבלא, וואס איז פון אייביקע יארן געווען צוזאמענגעוואקסן מיט די כזשאנאווער יידן. צו דעם דאזיקן טייך האבן כזשאנאווער יידן געשטראמט אין די טויזנטער אין ראש־השנה צו תשליך. פון דאנען האט די שטאט גענומען ריטלעך אויף הושענות. יידישע ווייבלעך פלעגן דא אפווארטן אין די מארק טעג די פויערטעס פון די ארומיקע דערפער, כדי צו קויפן ביליקער אן עוף אויף שבת, אדער שיינע און ווייסע כפרות אויף ערב יום־כפור. עס האבן אויף דעם פיאסעק געוווינט עטלעכע יידן. דא איז געווען א יידישע גארבעריי און ממילא האט מען זיך שוין דא געפילט זיכערער ווי אין וואלד. די כזשאנאווער יוגנט האט דא ווו מען זאגט אויסגעשפרייט די פליגל, אויסגעזוכט א זאמדיקן פלאץ און געבאדן זיך ווי אויף א כמו פלאזשע מיט לייטן גלייך.

הגם די יוגנט האט געלארמט, געפילדערט ווי דער סדר עולם איז, האט שוין אבער געפעלט דער כישוף פון אמאליקן



קרן קימת „פאטראל“ אויף די פלאנטן

וואלד. שוין דער פאקט אליין, אז מען האט דעם וואַלד געמוזט אפטרעטן פאר אנדערע האט די יוגנט שטארק אנטמוטיקט און איר אימפולס שטארק געהאמעוועט. אויף צופיקעניש אונדזערע שונאים זיינען די כזשאנאווער יונגלעך און מיידלעך ביי זיך אינגאנצן ניט געפאלן. פון דער נויט איז געווארן א טוגנט. גע־טריבן פון די פאלאקן און נאכער פון די דייטשן אין געטא אריין האט זיך די יוגנט קאנצענטרירט אויף דעם פיאסעק און אין די זומער פארנאכטן האט זיך געהערט דער געזאנג פון יידישע און העברעאישע לידער, געזונגען מיט הארץ און מיט בטחון אין א בעסערער צוקונפט...

דער פיאסעק איז אזוי פארבליבן דאס איינציקע שפאציר ארט אויך בעת דער אקופאציע פון די נאצים. דעמאלט איז דאס ביסל פרייעלעכקייט פון פיאסעק אינגאנצן פארשווינדן. א טייל יוגנט איז שוין געווען אין די ארבעטס־לאגערן. נור יחי־דים האבן זיך דא נאך צוזאמענגעטראפן און קליינע גרופקעס פון „פאליטיקער“, וועלכע האבן געגארט צו הערן עפעס א ידיעה פון דער פרייער וועלט. מען קען שוין היינט אויסזאגן דעם סוד, אז אויפן פיאסעק האט זיך געפונען דער „יידי־שער ראדיא“ פון שטאט. פון וואנען מען האט געשעפט אומ־לעגאלע ידיעות בעת דער היטלער־מלחמה וואס האבן א ביסל דערוועקט האפנונגען, אז אט אט קומט די ישועה...



א געמיטלעכער שמועס נעבן דער פאפיעראסן
בודקע אויף דער אלטער באן־גאס.



א פראגמענט פון א כושאנאווער יידישער פאבריק

# כזשאנאווער צונעמען

באַבע
בודקע
באַלקע
באָבציק
בישטע
בעבע
בעל־שם
באָגל
ב אַ ס
באָנדזשערקע
בילע
בוטלאק
באָטשאַן
באָבילעבויץ
בולדאָק
באָרד
באוול
באָבע מלכה
באָמבע
ב י ק
בישאף
באָשניאָק

גורא
גראַטשער
גאָראָל

גאָלענביאזש
ג ל ח
ג א ו ן
גרויפ
גרופנצייילער
גלאמב
ג אַ נ ז

דזשובע
דזשובאָסקע
דיאָבל
דופע
דוידעלע
דאָדעק
דאקטאר
דזשון

ה ו ן
ה אָ ז
הענטל
ה י ץ
ה מ ן
הויזן
האָקאָלאדע

וואַלעק
וואַמפּ
וואָנסע

זשימנע דופע
זשלאב
זאנאזשע
זבאַלעק
זשאָטשערקע
זיידע
זאַראַזע
ז ע ז ע
זאָשקע
זשעמפּע

ח ת ן
חיזשע
חאָדעק
חיטקע

טאָפּעלע
טוטע
טוטעלע
טרענטאק
טראַמערקע
טינקע
טשוטשמאק

טשאָל
טשורעק

ירוש
יאיע
יאַפּיש
יאַלאָווקע
יאַאיצאַוש

לאַפּקע
לעכטציער
לאָקש
לעמל
לאַקשפּיצל
לאָפּאַטע

מלאך
מייזל
מ אָ ך
מיאָל
מאָפּסל
מחר־לדוקע
מישער
מילכטאָפּ
מעלאָק
מיזשל

נאַסער

סטאָפּע
סמיציבאַסקע
סמאַטע
סרוי־דאַלי
סמאַטלאַק
סטריז
סצירבאָק
סקוטש
סטאראסטווע
סצעפּאַן
סצעקוס
סמאָטשיק
סטשור
סאָלטיס
ספּאָדיק
סראַטשקע
סקאָקאַטש
סקאָווראָן
סקאָמפּיעץ
סערוואָטקע

עשיו
עראַם

פ אַ ו ו
פּיפּעק
פּיפּעלע
פּיעקעלע
פּופּעלע
פּויטיפּערא
פּערדל
פּאַנע
פּייקע
פּלעמל
פּאַליציי
פּאַסעק
פּוילינע
פּאַלקע
פּ־אָבאָשטש
פּריצה
פּאָנטשעק
פּלאָרעק
פּיאַנע
פּלוי
פּויער
פּראָלאַך
פּענטשאַק
פ ו ר
פּלאַגע
פּראִפּיקע
פּעניץ

צ אַ פּ

קענדער
קאַמ־עניצע
ק י
קעלבל
קיניגל
קאַטשקע
קזשיוועפּיסק
קאַשטאַוולאָז
קאָכלעפּל
קישקעלעמאַכער
קוואַשניאָק
קוועטשער

| | | |
|---|---|---|
| קלאַק | קאָקאָל | שווינקע |
| קישקע | קוואָקע | שמעדזיע |
| קרוליק | | שקלאָש |
| קאָזע | ראָצער | שמאָדער |
| קרוטש | רויטער־לאמער | שמאַיקע |
| קורעק | רושניאַק | שטאָפּער |
| קעפּסקעצאָם | ריטשער | שנויפּלער |
| קנייטש | רינאַלדאָ | שווידערער |
| קראָכמאָל | שוויצער | שנודערל |
| קראָפּ | שמדניק | |
| קראַדניק | שמערל | ת ם |

פאר א פרעמדן, ניט קיין כזי'־אנאווער וועט עס אפשר קלינגען אויסטערליש. עס איז אבער געווען א טאטזאך, אז א צונאמען איז אין כזשאנאוו ניט געווען חלילה קיין באליידיגונג, אדער זידלווארט. די צונעמען האט מען אזוי געמיטלעך ארויסגע־זאגט ווי ס'וואלט געווען א זעלבסטפארשטענדלעכע זאך.

לויט ווי עס גיבן איבער עלטערע כזשאנאווער יידן שטא־מען די צונעמען פון דעם, וואס פריער, בעת די באן־סטאציע איז נאך געווען אין דער אלטער באן־גאס, פלעגן יונגטלעכע אפווארטן צוליב נייגעריקייט ביי דער באן יעדן פריש אנגעקו־מענעם חתן פון דער פרעמד און ארויסגעזאגט איבער אים א מיינונג. פארשטייט זיך, אז עס האבן זיך תמיד געפונען צווישן זיי פארשידענע לצים, וועלכע האבן נאך דעם „אפטאקסירן" דעם נייעם בעל־הבית אים אנגערופן מיט עפעס א נאמען, וואס איז אין די געגעבענע אומשטענדן גראד געווען פאסיק. אין א געוויסער מאס האט מען זיך די צונעמען אזוי צו זאגן אינדיווי־דועל פארדינט. פארהאנען צונעמען, וואס באצייכנען די בא־שעפטיגונג, פארהאנען ווידער אזעלכע, וואס דריקן אויס די אויסערלעכע אייגנשאפט און אויך אזעלכע, וואס גיבן איבער דעם כאראקטער פון זייער באזיצער.

עס איז שווער היינט צוטאג, פילאלאגיש צו באהאנדלן די

אלע צונעמען באזונדער, וואס יעדער פון זיי איז אין זיין צייט געווען זיכער צוטרעפלעך, הגם מיר קענען ניט געניי פעסט־שטעלן דעם מקור און די סיבה. מיר וועלן זיך באמיען מיט עטלעכע ביישפילן צו באלייכטן אונדזער באהויפטונג לויטן אלוף בית.

באבע: ניט געהאט קיין בארד, אדער מען האט די בארד קוים אנגעזען.

בודקע: ווייל זיין קראם האט זיך געפונען אין א בודקע צו־זאמענגעקלאפט פון ברעטער.

בעבע: געווען א טרעגער ביי דער באן, ניט געהאט קיין ריין לשון און די מיינסטע ווערטער זיינען ביי אים א־רויסגעקומען בע — בע.

בעל־שם: א ייד געהאנדלט מיט אלטווארג און שמאטעס. קענענדיק גוט לערנען און פסקענען שאלות האט ער זיך געפירט זייער פראסט ווי דער בעל־שם.

באס: א קלעזמער געשפילט אויף אזא אינסטרומענט.

באנדזשערקע: געארבעט קליידער פאר פויערטעס. (פון פויליש)

באטשאן: געהאט א הויכן האלדז.

גאפ: א באצייכנונג פאר איינעם, וואס ווייסט ניט, וואס מען רעדט צו אים.

גרויפנצײלער: א באצייכנונג פאר קארגשאפט.

דרויבע: א מענטש הויט און ביין, אן א ברעקל פלייש אויף זיך.

דופע: א פארשטאפטער קאפ, אן שכל.

דוידעלע: א שלים מזל, א טויגעניכטס.

המן: באצייכנט רשעות, פון דער נאטור שלעכט.

שימנעדופע: א מענטש אן לעבן, א פלעגמאט. (פון פויליש)

זשלאב: א זולל וסובא א פרעסקאלב.

כאדעק: א דארער, א מאגערער. (פון פויליש)

טשוטשמאק: כמעט ווי אידיאט.

ט ש א ל: א גראבער קאפ, וועלכער באנעמט שווער אן ענין.

יאיצאזש: געהאנדלט מיט אייער. (פון פוילישן)

ל א ק ש: שמאל און לאנג און אזוי ווי דער „ערשטער" לאקש האט געהייסן שיע, האט מען שוין אנדערע שיע׳ס אויך אזוי גערופן.

מחר־ליטקע: ווערט דערמאנט אין כזשאנאווער פאלקלאר.

נ א ס ע ר: וועמען מען האט א טרינקענדיקן ארויסגעראטעוועט פון טייך.

סרוידאלי: א ייד, וועלכער איז געשטאנען אין מארק מיט א שניט־קראם און וועלכער גויישער קונה האט ניט געוואלט נאכגעבן זיין פארלאנגטן פרייז, דעם האט ער מכבד געווען מיטן דאזיקן פסוק. א פאקט, אז 90 פראצענט פון כזשאנאווער יידן האבן ניט געוווסט זיין אמתן פאמי־ליע נאמען און גערופן האט מען אים טאקע ביי דעם צונאמען, וועלכן ער האט זיך כשר פארדינט.

סמאטלאק: ניט קיין ערלעכער אין געשעפט, א דרייער א קאמ־בינאטאר.

צ א פ: א זון פון א שענקער וועמען דער פאטער האט אפט צוגערופן צאפן דאס ביר פונעם פאס.

קעלבעל: צוויי ברידער געווען, אזוי ווי מען האט דעם עלטערן גערופן קי, האט מען שוין ממילא דעם יונגערן גערופן — קעלבל.

ק אָ ז ע: א לעבעדיקער, א שפרינגענדיקער, א ווילדער.

קנייטש: א שענקער, וועלכער האט שבת או סגעטיילט ביר אויף בארג, ניט נעמענדיק קיין געלט אין שבת. ער האט געהאט א בוך מיט די נעמען פון זיינע שטענ־דיקע קונים און כדי צו געדענקען דעם חוב, האט ער געמאכט א קנייטש אויף דעם באטרעפנדיקן בלאט מיטן נאמען פונעם קונה און ער האט זיין טאכטער, וועלכע איז געזעסןביים בוך ביי יעדן גלאז ביר צו־גערופן „מירל! ק נ י י ט ש!"

קאָזעמאשין: א ייד א שטיקל אויפטוער, דער ערשטער געבראכט קיין כזשאנאוו א בויד אין מיטן מארק מיט אן אויוון, וואס האט אויסגעזען ווי א מאשין. האט ער געבראטן קארטאפלעס און קאשטאנעס צום פארקויפן, געצאפט עפלוויין מיט זאדעוואסער פון א מעשענעם קראן ועל כולם א מין רולעטקע, א ראד מיט אן הילצערנעם באטשאן אין דער מיט אויף וואס מען האט געקענט געווינען אמאל א גאַנץ קרענצל פייגן, אדער א רונדי־קע קאקאס־נוס. אליץ צוזאמען האט מען גערופן „קאָזע־מאשין". אפילו די קינדער און אייניקלעך פון אט דעם ייד זיינען שוין געווען „קאָזעמאשינען".

ריבנטראפ: דעם דאזיקן עקלהאפטן צונאמען האט באקומען א ייד מיטן נאָמען ראובן און ווייל עס האט אים תמיד געטראפט פון דער נאז, האט מען גערופן „ראובן, סטראפט!". פון דעם איז געווארן ריבנטראפ (היטלער׳ס אויסערן מיניסטער.)

שוו׳צער: א בארימער, דערציילט פון בריאישקייט און אין דער אמתן איז ער גארניט.

חוץ די אלע אויסגערעכנטע צונעמען, זיינען נאך געווען אזעלכע פון אלגעמיינעם כאראקטער מיט א בייגעשמאק פון א זידלווארט ווילענדיק באצייכנען מענטשן לויט זייער שטאם־ארט, ווי למשל:

קראקאָווער נאשער

אושפיצינער דאלטנפרעסער

טשעבינער קורח

קשעשאוו׳צער סדום — די מענטשן פון קשעשאוויץ האט מען געהאלטן פאר שלעכטע.

כזשאנאוו׳ער מאשלענקע — א באצייכנונג פאר „פולבלוט׳קע", עכטע, געבוירענע כזשאנאווער.

כזשאנאווער צאבאן — א באצייכנונג דאסגלייכן.

פוילישער חזיר — עפיטעט פאר קאנגרעס פוילישע יידן.

גאַליציאנער בראָך — פאַר די, וועלכע האבן געשטאמט פון

מיטל און מזרח גאליציע.

א גרויסע צאל יידן האט מען בכלל ניט גערופןביים פא־מיליע נאמען, נאר נאך דעם טאטן אדער זיידן, ווי למשל:

יוסל משה ר׳ שמעון׳ס, שלמה משה דעם רב׳ס, איטשעלע ר׳ יעקב ראובן׳ס, משה אברהם העשל׳ס, יענקעלע אבא׳ס, פייגעלע מלך׳ס, סיני מענדל סיני׳ס און אזוי ווייטער.

רוף נעמען, וועלכע האבן באצייכנט די אייגנשאפטן:

גרויסער אהרון, הויכער מאטל, לאנגער דוד, קליין שמואלע גראבער פנחס, דארער לייב, ווייסער זעליג, רויטער שמואל, שווארצער דוד, גרינער גרשון, ראזער משה.

רוף נעמען לויטן שטאם־ארט.

ר׳ שלמה קאצקער, מרים די מענטקאווערין, ר׳ מאיר טשע־בינער, קראקעווער מלמד, דאמברעווער לערער, ווארשעווער מלמד, פוילישער מענדל, א. א. וו.

די אלע אויסגערעכנטע צונעמען זיינען געווען אין טאג־טעגלעכן געברויך, פאר א פרעמדן גאסט, וואס האט געהאט אן אנגעוויזענעם אדרעס מיט א פאמיליען־נאמען אין האנט איז זעער שווער אנגעקומען צו געפונען דעם געזוכטן. מיט מאטער־ניש האט מען זיך געמוזט אנשטויסן וועמען מען מיינט. עס האבן אויך ניט געפעלט פארשידענע קאמישע צווישנפאלן, ווייל א פרעמדער האט ניט געקענט באלד ריכטיק נאכזאגן דעם, זאדער יענעם צונאמען אזוי, אַז מיט דעם פרעגן זיך האט ער ניט ווילענדיק באשאפן א פרישן צונאמען פאר דעם יעניקן אויף וועלכן ער האט זיך געפרעגט...

# פאלקלאר

מיטן אומקום פון מיליאנען פוילישע יידן זיינען אויך פאר־פארלוירן געגאנגען אוצרות גאנצע און פון דורות לאנגע אנגע־זאמלטער יידישער פאלקלאר. יעדע פראווינץ, יעדע שטאט און שטעטל האט זיך געהאט זיינע באזונדערע אייגנארטיקע גלייכ־ווערטלעך, משלים, מעשׂ׳ות, וויצן א. א. וו. אויב אפילו פיל פון די ווערטלעך האבן געהאט איין און דעמזעלבן זין זיינען זיי, אבער אין פארשידענע מקומות נאכדערציילט געווארן מיט אנ־דערע וואריאנטן, צוגעפאסט צו דעם מהות פון די באטרעפענדי־קע יידן.

מען וואלט געקענט אויספילן גאנצע בענדער, ווען מען זא־מלט דעם פאלקלאר, וואס האט זיך ממש ארומגעוואלגערט צווי־שן יידן, אין די בתי מדרשים, חסידישע קלויזן, אויפן גאס און אין שטוב און אפילו דאס וואס מען קען ניט געבן אין דרוק, דעם נבול פה — איז אויך געווען ווערטפול ווייל זיין שארפן וויץ, וואס איז אזוי כאראקטעריסטיש בכלל ביי אונדז מזרח יידן.

אונדזער אויפגאבע אין די דאזיקע ראמען איז א בא־שרענקטע און די מעגלעכקייטן מינימאלע. מיר האבן צונויפ־געקליבן מאטעריאל פארן כזשאנאווער פאלקלאר בחפזון, הגם ביי השנים בתקונן וואלט מען געקענט און געדארפט זאמלען יארנלאנג און אויף א סיסטעמאטישן אופן. מיר ווילן אט דעם מעוט שבמעוט אפראטעווען פון פארגעסנהייט און קאנסערווירן דאס פארהאנענע. מיר ווילן דינען אלס ביישפיל. אפשר וועלן זיך געפונען כזשאנאווער לאנדסלייט, וועלכע וועלן זיך אונטער־

נעמען די דאנקבארע אויפגאבע, צו זאמלען און צו פארצייכנען דאס וואס מיר האבן צוליב אונדזער שוואך געווארענעם זכרון (דורך דעם קאצעט און אנדערע מיני פורעניות) אדורכגעלאזט. איך האב זיך דוקא ניט באשרענקט צו דעם, וואס האט אן אומ־מיטלבארן שיכות צו כזשאנאוו. איך האב זיך באמיט ארומצו־נעמען דעם פאלקלאר, וואס איז געווען אייגנארטיק פאר די כזשאנאווער יידן.

# פארשידענע טייטשן און ווארטשפּילן

## מלבושי כבוד — זבח משפחה

ווען איינער גייט שיין אנגעטאן, פרייט זיך די משפחה.

## והיה חייך תלאים לך מנגד

(פון דער תוכחה)

די שניידער פלעגן טייטשן, אז דאס לעבן ד. ה. די פרנסה פונעם שניידער איז אפּהענגיק פון „ניי־גוט".

## צדיק אין פעלץ

געווײנטלעך זאגט מען אויף א פרומאק, וועלכער האלט זיך מכלומערשט פאר א שיינעם ייד און גיט ניט קיין צדקה „א צדיק אין פעלץ". אויף דעם דערקלערט דער רב ר' שלמה'לע ז"ל: ווינטער, ווען עס איז קאלט קען מען זיך אנווארעמען אויף צוויי־ערליי אופנים. זיך ווארעמען ביים אויוון, אדער איינהילן זיך אין א פעלץ. אין ערשטן פאל קען אויך א צווייטער הנאה האבן, דאקעגן דער אין פעלץ, אים אליין איז ווארעם. א צווייטער קען פון אים ניט נהנה זיין.

געהערט נאכזאגן פון ר'בן־ציון הירשבערג. הי"ד שטאקאווא.

## תצא רוחו ישוב לאדמתו — ביום ההוא

מאיר'ל לויפער, א באקאנטער וויצלינג אין שטאט, ווען זיין שכן אין בית־המדרש, א געמיינער מענטש האט א מאל דערקוטשעט בעת'ן דאווענען און ניט ווילנדיק מפסיק זיין, ווייל מאיר'ל האט גראד געהאלטן ביי די הללויות, האט אין זיין שכן

אריין געשריגן דאס אויבן דערמאנטע — אלס קללה.
איבערגעגעבן פון מענדל גענגער

## עני חשוב כמת

דער גראבער משה אהרון פלעגט יעדן חודש באקומען געלט פון זיינע קינדער אין קראקע אויף אויסהאלטן זיך. על פי סיבה איז איינמאל דאס געלט נים אנגעקומען צו דער צייט, קלאפט משה אהרון א דעפעשע צו זיינע קינדער: „פאטער געשטארבן". ווען די קינדער זיינען אנגעקומען מיט דער באן האבן זיי אפ־געטרעטן אויפן בית עלמין און געפרעגט דעם קברן, ווען די לויה וועט זיין? דער קברן האט זיך אויסגעלאכט און דערציילט, אז ער האט אקארשט געטראפן משה אהרון׳ן אין מארק טרייבן לצנות.. טרעפנדיק זיך מיטן טאטן, פרעגן אים די קינדער, למה האסטו אונדז אפגענארט? איך האב אייך טעלעגראפירט — פאר־ענטפערט זיך דער טאטע — דעם ריינעם אמת, ווייל אן געלט בין איך טויט..

## כי השוחד יעוד עיני חכמים

ר׳ איטשע וואקסמאן איז געווען א צייטלאנג ראש הקהל אין כזשאנאוו. ווען ער איז אויף דער עלטער בלינד געווארן, האט זיך דער שפעטערער ראש הקהל ר׳ אלתר ווינער מיט אים גערייצט, „דו ביזט בלינד געווארן, ווייל דו האסט גענומען שוחד". אויף דעם האט אים ר׳ איטשע געענטפערט, אויב איך בין בלינד געווארן, איז א סימן, אז איך בין לכל הפחות געווען א קלוגער ראש הקהל, אבער דו כאטש דו, ביזט היינט ראש ה־קהל, וועסטו נים בלינד ווערן אפילו, ווען דו נעמסט שוחד, ווייל דו ביזט א שוטה..

## שבעה שרים — שש מיטות

דער באקאנטער כזשאנאווער לץ ר׳ בער׳ל קענדער פלעגט פרעגן. עס זיינען געווען לויט דער מגילה 7 שרים און גלייכ־צייטיק דערציילט אונדז די זעלבע מגילה, אז עס איז נים מער

געווען ווי שש מטות. קומט אויס, אז איינער פון די שרי פרס ומדי האט געמוזט שלאפן אויף דער ערד. נור די קשיא פאר־ענטפערט זיך מיט דעם, אז איינער פון די שרים האט געהייסן שיתר — האט מען אים ממילא ניט געקענט לייגן אין בעט..

## במקום שבעלי תשובה עומדים אין צדיקים גמורים יכולים לעמוד שם

אין כזשאנאוו איז געווען א ייד א בעל תשובה, גערופן האט מען אים ר' משה דייטש. ער איז טאקע געווען א דייטשער ייד פון ווין וועמען דער סאנזער רב ר' חיים ז"ל האט געהייסן וווינען אין כזשאנאוו, ווייל דא איז א פרומע שטאט. עסן האט דער ייד געקענט פאר צען, פארשטייט זיך אז מען האט זעער אפט געפילט נעבן אים ניט קיין אנגענעמען ריח.. האט אויף אים א לץ געזאגט דעם אויבן ציטירטן מאמר.

## שינה באבילתן הבכור נאכל

(איזהו מקומן)

אויב מען איז גלייכצייטיק אי הונגעריק אי שלעפעריק, זאל מען צוערשט עסן.

## הוא ימחול זרענו — ובספנו ירבה בחול

א ייד אן ארעמאן און מ'ט א סך קינדער פלעגט שבת צו נאכטס זינגען דעם „המבדיל" מיט אזא נוסח.

## מרחם על הארץ, מרחם על הבריות

אין כזשאנאוו איז באקאנט געווען די פרוי גאלדע באַ־טשעס מיט אירע גוטע טאטן. געוויינטלעך פלעגן צו איר אריינ־קומען פיל מענטשן וועגן פארשידענע טובות און בשעת מעשה די פאדלאגע פארשמירן. האט זי זיך פארענטפערט, אז מען וויל זיין א מרחם על הבריות, טאר מען ניט זיין קיין מרחם על הארץ.

## כון שנתן רשות למשחית שוב אינו מבחין בין טוב לרע

דער באקאנטער כזשאנאווער שוחט און למדן ר׳ שלמה ליפה באבנער ז״ל אויסלערנענדיק זיך שחיטה ביי זיין שווער ר׳ בונם שוחט, איז געקומען צום הרב ר׳ דוד׳ל נאך א קבלה אויף שחי־טה. דער רב האט גענומען דעם חלף און געמאכט אין אים א פגם אזוי ווי עס פראקטיצירט זיך ביי אזא עקזאמען און געהייסן דעם יונגן שוחט שטעלן דעם חלף. ר׳ שלמה ליפה איז געווען ווי באקאנט א מומחה אין זיין פאך, און האט אונגעשטעלט דעם חלף ווי עס באדארף זיין. עס איז ר׳ דודלען זעער געפעלן און ער האט אים גלייך אנגעשריבן די קבלה. ווי דער סדר עולם איז האט דער רב אין דעם כתב אויסגערעכנט די אלע מעלות טובות פונעם יונגן שוחט, א בקי ונזהר, א מומחה וירא שמים א. א וו. און צום סוף האט דער רב צוגעשריבן אין פארם פון א מליצה „כון שנתן רשות למשחיז עינו מבחין בין טוב לרע״. קומענדיק אהיים און דורכלעזענדיק דאס כתב, איז ר׳ שלמה ליפה׳ן טונקל געווארן אין די אויגן, מיינענדיק אז דער רב האט פון אים חוזק געמאכט. ערשט זיין פאטער ר׳ מלך באבנער א קלוגער ייד געווען, באקומענדיק די קבלה אין האנט, האט מיט הילף פון פארגרסערונגס־גלאז אויפגעקלערט דעם ענין, דאס ווארט משחית איז געווען געשריבן מיט א זין (אוים פארדאר־בער איז געווארן שלייפער) און אינו (ניט) מיט א עין (אויג) אזוי, אז דער גאנצער זאץ האט באקומען א גאנץ אנדערע באדייטונג.

## בערל שוסטער׳ס תורות

די עלטערע כזשאנאווער יידן וועלן נאך געדענקן די עמי הארצישע טייטשן פון בערל שוסטער, פון וועלכע מען פלעגט זיך האלטן די זייטן פאר לאכן. זיינע טייטשן זיינען באמת גע־ווען אינטערעסאנט, עס איז נור א שאד, וואס אזוי ווייניק פון זיי, איז ביי אונדז פארבליבן אין זכרון.

### עונג קרא לשבת

דאס גרעסטע פארגעניגן דארף זיין ביי א ייד צו האבן א הינדל לכבוד שבת, (קורא אין פוילישן א הינדל).

### אין חדש תחת השמש

סאדע וואסער האט שוין א פנים עקזיסטירט נאך פאר דוד המלך'ס צייטן, ווייל ער זאגט אין תהילים אזוי, עבר על נפשנו המים הזידונים..

### ברוך הגבר אשר יבטח

דער האן איז אנטלאפן, ווייל מען האט געעפענט די טיר איבערגעגעבן דורך ליפא הירשבערג

## עמי הארצים

### לא תבושו ולא תכלמו

מאנכע עמי הארצים, ווילענדיק אויסדרוקן, איך ברויך ניט דיין גוטס און וויל ניט דיין שלעכטס, פלעגן זאגן ליבער לא תבושו ולא תכלמו, אנשטאט לא מדבשך ולא מעקצך.

### כלחוך השור

זעער אפט האט מען אויך געהערט מאנכע, וועלכע האבן געוואלט באצייכנען דאס אויפשטיין גאנץ פרי, „כלחוך" (השור) אנשטאט — כעלות (השחר)

### חולם נפל

ביים ווען באצייכנען „א פארקערטע וועלט" איז אויסגעקומען חולם נפל אנשטאט — עולם הפך.

### אור זריע לצדיק ולישרי לב שמחה

אין כזשאנאוו האט מען זיך נאכדערציילט פון א בלינדן עם הארץ, וואס פלעגט ביים דאווענען אלץ נאכזאגן דעם חזן,

פאר כל נדרי, ווען מען גייט ארום דעם שולחן מיט דער ספר תורה, איז אים דער פסוק אור זריע לצדיק ולישרי לב שמחה, ארויסגעקומען אוי איז זריאל א צדיק און ישראל לייב א בעל שמחה..

## דער רבונו של עולם פאר יארן און היינטיקס יאר.

דער חזן ר׳ לייביש מייזעלעס פלעגט אלע יאר פסח ציילן ספירה מיטן כאר. דאס דאזיקע ספירה ציילן איז תמיד געווען אן ערשטקלאסיקע אימפּרעזע פאַר די שטאַטישע ליבהאבער פון חזנישער קונסט. די הויפּט־אַטראַקציע איז געווען די קאָמפּאָזיציע אויף דעם רבונו של עולם, וואָס מען זאָגט ביים ספירה ציילן. דער עולם איז געשטאַנען מיט אָפענע מיילער און אנגעשפּיצטע אויערן, הערענדיק דעם גוט איינשטודירטן כאָר מיט די סאָלאָס פון די סאָפּראַנען, אַלטן באַס און טענאָר. נאָך דעם דאַוונען פרעגט א ליץ ביי חיים לייב קי — זעסטו! דער פאַריאַריקער רבונו של עולם איז גוט געווען, דער היינטיקער טויג אויף כ..
איבערגעגעבן מענדל גענגער

## א מנין

קיין כזשאַנאַוו פלעגן קומען ווינער פאַבריקאַנטן דייטשע יידן, וואָס האָבן געפירט מסחרים מיט כזשאַנאַווער סוחרים. איי־נער אזא דייטשער ייד, האָט גראָד געהאַט זיין פאָטערס יאָר־צייט בעת זיין באַזוך אין כזשאַנאַוו. ווילנדיק האָבן תיכף אין דער פרי א מנין צום דאַווענען, האָט ער געגעבן דעם שמש 2 גולדן, אַז דער שמש זאָל זען ס׳זאָל זיין א מנין צו דער באַשטימ־טער שעה. דער דייטשער ייד איז געקומען צום דאַוונען פּונקט־לעך ווי — א דייטש, אבער די 10 יידן זיינען נאָך ניט געווען. אויף דעם דייטש׳ס פראַגע האָט אים דער שמש דערקלערט, די יידן מוזן זיך צוערשט מכין זיין. וואָס הייסט דאָס מכין זיין? פרעגט דער דייטש. דער שמש דערקלערט אים, אַז פרומע יידן טרינקען פאַר דעם דאַוונען טיי, נאָכדעם פאַררייכערט מען די לולקע, מ׳גייט אין בית־הכסא און נאָכער אין מקוה. אַט

דאס הייסט מבין זיין. דער דייטשער ייד האט אויסגעהערט אלץ מיט געדולד און געענטפערט דעם שמש אין א שטרענגן טאן. „ווען איך וועל דא זיין אין נאענטסטן יאר, וועל איך אייך פארדאס געבן 5 גולדן. זאלן זי מיר באזארגן 10 יידן וועלכע זאלן שוין זיין אנגעזאפן, אויסגעשיסן און געוואשן...

געהערט פון ר׳ יוסף לויפער (רויטער יוסף)

## ר׳ ישמעאל און ר׳ יוחנן

אן עם הארץ האט זיך מתנצל געווען ביי זיין שכן און געבעטן אן עצה, באשר. ביים דאווענען שחרית טוט אים דער ר׳ ישמעאל שרעקלעך דערקוטשען. עפעס האקט ער א טשייניק מיט כלל ופרט, קל וחומר, גזרה שוה. דאס גייט אים אלץ ניט אין קאפ אריין, ער פארדארבט אים דעם אפעטיט צום אנבייסן מיט זיינע קאמב־נאציעס..

דער שכן, זייענדיק אמאל אין א גרויסער שטאט איז א־ריינגעגאנגען צו אן איינבינדער און אים באצאלט א פאר גראשן טייערער און געבעטן, אז דעם ר׳ ישמעאל׳ן זאל ער, דער איינבינדער אינגאנצן ארויסנעמען פונעם דאווענען. דער איינבינדער ניט האבענדיק ווו אהין צו טאן דאס בלעטל שמות האט עם ארייינגעשטעלט צו — ויתן לך, וואס מען זאגט מוצש״ק׳ נאך המבדיל נעבן אמר ר׳ יוחנן.

אהיים ברענגענדיק דאס סדור׳ל האט עס דעם עם־הארץ זעער געפעלן. דאס דאווענען איז אים א גאנצע וואך געגאנגען גלאטיק, א קלייניקייט ער האט דעם נודניק ר׳ ישמעאל פטור געווארן.

שבת צו נאכטס זאגענדיק דעם ויתן לך איז דעם עם־הארץ פינסטער געווארן פאר די אויגן. ר׳ ישמעאל איז שוין ווידער דא! און ער זאגט אזוי, „אויף דיר ר׳ יוחנן האב איך שוין פון לאנג א כראפקע (ר׳ יוחנן איז אויך ניט גלאטיק) דו נעמסט זיך נאך אריין ר׳ ישמעאל׳ן אויך? יעצט זאלט איר מיר ביידע גיין צו אלדע גוטע יאר. ארויסגעריסן אי ר׳ יוחנן און אי ר׳ ישמעאל׳ן און ביידע בלעטלעך ארייינגעווארפן אין פייער.

## מחר לודקע

באשערט געווען אין כזשאנאוו א ייד צו באקומען אזא מאדנעם צונאמען. עס האט זיך פון יאוואר זשנא אריבער געצויגן א ייד ניט קיין גרויסער למדן, אבער אויך ניט קיין קליינער עם־הארץ. אים האט דווקא געוואלט זיין פרומער פון אנדערע יידן און ער האט זיך פארגענומען אין הייליקן שבת ניט צו רעדן קיין דברי חול, נור סאמע לשון קודש. דער דאזיקער ייד האט געוווינט נעבן א וואַסער, האט ער זיך צוליב פרנסה גע־לאזט מאכן א לודקע (שיפל אין פויליש) און די שטעטלדיקע יוגנט (ניט חלילה קיין ישיבה בחורים) פלעגט קומען און אפ־דינגען די לודקע אויף אפגוץ־געלט, ארומפארענדיק איבערן טייך. איינמאל זיינען עטלעכע יינגלעך געקומען צו דעם ייד אין שבת און געוואלט האבן די לודקע, האט ער צו זיי אראפגע־שריגן פונעם פענסטער אויף לשון קודש, „היום שבת מחר לודקע".

## גאט שלאפט ניט

וועלוול שמיידלער א תבואה סוחר, פלעגט צו פארן קיין קשעשאוויץ אויפן יריד נאך איידער עס האט אנגעהויבן טאגן, ניט קוקענדיק וואס עס איז נאך נאענט און על פי־דין טאר מען נאך ניט לייגן קיין תפילין, האט ער געדאווענט און תפילין גע־לייגט. ווען מען האט אים געפרעגט פארוואס ער טוט א זאך, וואס מען טאר ניט, האט ער געענטפערט, אז ביים רבונו של עולם איז ניט קיין חלוק, ווען מען דאווענט, ווייל ס'שטייט בפרוש, הנה לא ינום ולא ישן שומר ישראל.

## שבת זכור

אין כזשאנאוו איז געווען א מנין פון עמי־הארצים (חברה „פוטערקיכן") האט מען זיך דערציילט, אז דארטן אין דאזיקן מנין איז איינגעפירט א תקנה, אז א תלמיד חכם דארף דארט ניט דאַווענען. האט זיך אמאל געטראפן אין שבת זכור, אז דער



די שטאטישע שול, צפון - מערב זייט מיט דעם איינגאנג צו דער
עזרת נשים

בעל קורא האט ניט געוווסט, ווי אזוי צו לייענען די פרשה, אשה כי תזריע וילדה זכר. די גבאים איז עס זעער געפעלן און מען האט טאקע אזוי געטאן, צומארגנס האט דער עצה געבער באקומען צוגעשיקט פון די גבאים א קוויטל, אז לויט זייערע תקנות, דארף ער ניט מער קומען דאוונען אין דאזיקן מנין, ווייל מיט דער דאזיקער עצה אליין האט ער זיך שוין ארויסגעוויזן פאר א תלמיד חכם...

איבערגעגעבן ליפה הויכבערג.

## רביעי און חמישי

אין כזשאנאוו זיינען די עליות רביעי און חמישי ביי קריאת התו־רה ניט געווען פון די געהויבענע. אין דער שול „אנשי חיל”, ווו עס האבן געדאוונט אויסגעדינטע סאלדאטן, איז א צייט־לאנג געווען גבאי דער אסימילירטער ייד יוזעף אומלויף. ווען עטלעכע מתפללים האבן אים אמאל דערקוטשעט וועגן אַ גע־וויסן ענין האט ער זיי געדראט, טשעקייטשע דראניע! יא וואס זאפלאצע זאַ מאיאן קושיוודען. עליות דאסטאניעטשע סאמע טשווורקי אי פיאנטקי...

## אן עם הארץ און אן הקפה

אין דער שטאט־שער שול האבן זיך געפונען עטלעכע פסולע ספרי תורות. פארשטייט זיך, אז די מענטלעך פון זיין זיינען שוין געווען צעריסן, אדער די עצי החיים אפגעבראכן. מען האט אבער די ספרי תורות באנוצט צו די הקפות אין שמחה תורה. האט זיך געטראפן, אז דער גבאי האט מכבד געווען מיט א הקפה א באקאנטן קצב, אן אמת'ן גראָבן יונג און אים געגעבן גראד אזא באשעדיקט ספר אין האנט אריין. דער קצב האט דעם גבאי פראסט צוריקגעגעבן דאס ספר און געזאגט מיט רוג־זה; „איך האב אייך אין דער ערד מיט אזא ספר תורה”...

## הייליקער דבר אחר!

פארשידענע קוריאזן פלעגט מען דערציילן וועגן סדר־פסח.



די שטאטישע שול, דרום־מערב זייט מיטן הויפט־אייננאנג,

א געוויסער פרומער עם־הארץ צוקומענדיק צום פסק דבר אחר ביד חזקה און ווילענדיק נאכמאכן געוויסע חסידישע הוויות האט אויסגעשריגן, „אוי אוי! הייליקער דבר אחר דערבארעם זיך"...

## יעלה ויבוא ערב יום כפור

א באקאנטער ייד אין שטאט, אָבער אן עם־הארץ, פלעגט זאגן יעלה ויבוא צו דער ערב יום־כפורדיקע סעודה מיטן פינאל ביום ערב יום־הכפורים הזה. א שכן, וועלכער האט אים אויפ־מערקזאם געמאכט אויפן דאזיקן פעלער, האט ער אפגעענט־פערט, „ווען איך עס א מוציא מיט האניק און קו־עפלעך אונ־געפילט מיט פלייש איז ביי מיר יום־טוב".

# פארשידענעס

## זייד און פאדשעווקע

דער רב ר׳ נפתלי ווילענדיק אונטערשטרייכן דעם אונ־טערשיד צווישן זיך און די דיינים האט געזאגט: דער רב איז געגליכן צו זייד פון אויבן און די דיינים צו פאדשעווקע פון אונטן...

## צוויי טויטע

דער רב ר׳ נפתלי פלעגט זאגן בדרך הלצה, אז פאר מתים האט ער ניט קיין מורא, ווייל תמיד האט ער נעבן זיך צוויי טויטע, יאקל דאדעק איז אלעמאל טויט הונגעריק און דער הוי־בער יאסקע, תמיד טויט דארשטיק.

## ווייניק ברית׳ן און אזוי פיל ממזרים

אברהם מאיר, דער בית־המדרש שמש, ניט קענענדיק זיך אפיאגן פון די יונגלעך־לאבוזעס, וועלכע פלעגן אים שטערן אין זיין ארבעט, ווארפן שניי קוילן בשעת חנוכה ליכט צינדן און אנדערע שקאצערייען, פלעגט שרייען אין כעס „א ברית מילה יעט מען ניט אויף א רפואה, אבער ממזרים איז דא פאר אל־דע שווארצע יאר..״

איבערגעגעבן דורך מענדל געגנער

## יארצייט אלע טאג

שמחה שטאפלער פלעגט זאגן, אז יארצייט האט ער יעדן טאג, ווייל זיין פאטער איז יעדן טאג געשטארבן פאר הונגער.

## ווי שפעט ס'איז ?

ווען מען פלעגט פרעגן ר' יצחק'ל גראס, ווי שפעט עס עס איז: איז זיין ענטפער תמיד געווען. „עס איז שוין גענוג שפעט, שוין צייט, אז משיח זאל קומען".

## א גוטער כזשאנאווער פרישטיק

באשטייט פון

פיפעק'ס־ברויט
קוואצשאלער'ס ־ פוטער
פייגעלע מלך'ס ־ הערינג

## עלעקטריש ליכט קען אויך שאדן

ווי באקאנט האט דער באבאווער רבי ר' בן־ציון האלבער־שטאם הי"ד חשק געהאט זיך צו באזעצן אין כזשאנאוו. געוווסט האט ער, אז דעם כזשאנאווער רב ר' מענדעלע איז די זאך ניט צום הארצן. ווען דער באבאווער איז איינמאל געווען אין כזשאנאוו האט ער ווי דער סדר עולם איז באזוכט דעם כזשא־נאווער רב. פארנאכטס צו, ווען עס איז אביסל טונקל געווארן האט ר' מענדעלע אנגעצינדן די עלעקטריע. זאגט צו אים דער באבאווער, וואס פאר א שיין ליכט איר האט דא אין שטאט. איך וואלט גערן געוווינט ביי אזא ליכט. דאס ליכט — מאכט צו אים דער רב — האט אבער פאר אייך א חסרון, איר קענט זיך חלילה די אויגן קאלע מאכן...

## אויך מיר א נס

דער באקאנטער וויצלינג בערל קענדער פלעגט זאגן, אז דאס נס פון יציאת מצרים איז פאר יידן גיכער געווען א גזרה. דער רבונו של עולם האט געדארפט טאן גראד פארקערט, א־רויסנעמען די מצרים און איבערלאזן די יידן אין לאנד. די מצ־רים האט ער געדארפט ארויסשיקן אין מדבר אויף 40 יאר, מכבד זיין מיט גלות־בבל, גלות־אדום און זיי לאזן פאניעווייערן



דער בארימטער באבאווער רבי אין כזשאנאוו.
אין דער מיט דער לאנגיעריקער כזשאנאווער ראש הקהל ר׳ אהרן בארבער

ביזן היינטיקן טאג. וואס וואלט אונדז יידן געפעלט, ווען מיר וואלטן נאך ביזן היינטיקן טאג פארבליבן אין מצרים..

## א חזן איז א נאר

ר' הירש לייב דער כזשאנאווער בית־המדרש חזן האט געזאגט אויף דעם ווערטל, „א חזן איז א נאר", אז פון דעם איז נאך ניט געדרינגען, אז יעדער נאר קען זיין א חזן...

## דער נאר ליגט אין עמוד

ר' הירש לייב פלעגט אויך זאגן: דער נאר ליגט תמיד אין עמוד. אינאיינעם מיטן טלית הילט מען זיך איין מיטן נאר. דער אונטערשיד איז דער, ווער עס איז א בר־דעת, לאזט דעם נאר דארט איבער, ווען ער גייט אוועק פונעם עמוד.

אויף א גראבן יונג, אן עזות פנים, אבער א פענטאק פלעגט מען זיך אויסדריקן:

פיענענדזי ניע דאיאן
תורה ניע זנאיאן
אלע חוצפה מאיאן

## ווען חלילה..

ר' יחזקאל שמואל בלומנער ז"ל (פיפעק) א ייד א תלמוד חכם און א פיקח פון אלטן דור פלעגט זאגן בדרך הלצה: ניט יצחק אבינו איז געשען דער נס ביי דער עקדה, נור אונדז זיינע אייניקלעך. די סדורים און מחזורים זיינען פול דערמיט, וואס אברהם אבינו האט בלויז געוואלט שעכטן. שטעלט אייך פאר, ווען חס וחלילה ער וואלט געגעבן א שניט. מען וואלט זיכער געדארפט האבן א פולן וואגן מיט מחזורים און סדורים מיט־צופירן אין שול אריין..

## מטופל מיט קינדער

ווען ר' יקתיאל האלבערשטאם ז"ל איז געווען ראש הקהל

אין כזשאנאוו האט אויסגעפעלט אמאל געלט אין דער קאסע אויסצוצאלן פאר די „כלי קודש". קומט דער נאמן ר' שיע'לע זאיאנץ מיט א געוואלד, אז ער מוז באקומען אויסגעצאלט. פרעגט אים ר' יקתיאל, וואס ביזטו עפעס מער מורנו ווי אן אנדערער? ענטפערט דער נאמן. איך בין א מטופל מיט 8 קינדערלעך! זאגט צו אים ר' יקתיאל, וואס זיינען מיר אין דעם שולדיק, האבן מיר דיך געהייסן טופלען?..

## מין במינו

יודל קורץ (שווינקע) פלעגט זיך בארימען:
איך בין צווישן חסידים — א חסיד
צווישן דייטשן — א דייטש
אבער צווישן ווייבער — א מאנסבילד..

## א ליידיק קוויטל

ווען מען קומט צו א רבין דארף מען אנגעבן א ליידיק קוויטל, ממה נפשך? איז דער רבי א יודע מחשבות וועט ער שוין וויסן וואס דיר פעלט, אלא ניט, איז אן עברה דיין מי..

ר' בנימין הירשבערג ז"ל

## דיבוקים

א זון פון א בטלניש־חסידישן רב'ל האט זיך אנגעלייענט מיט ספרים חיצונים און איז אין פאטערס אויגן פארעכענט געווארן פאר אן אפיקורס. דער פאטער, דער רב האט ניט אנדערש געמיינט, נור אז א דבוק רחמנאַ ליצלן איז א ריין אין זון. האט דער רב צוזאמענגערופן א מנין יידן, געהייסן אנצינדן ליכט און אריינגערופן דעם זון ארויסצוטרייבן פון אים דעם דבוק. ביים בלאזן שופר, ווי עס פירט זיך, האט ער דריי מאל אויסגעשריגן, „דבוק, דבוק! גיי ארויס פון מיין זון!". אויף דעם האט דער זון, דער דבוק זיך אנגערופן, טפש, טפש! גיי ארויס פון מיין טאַטן..

געהערט פון ר' משה באכנער הי"ד
מחבר פון „מחשבות משה"

## א פירמע צאלט זיך

א בעל עגלה האט אמאל געפרעגט דעם אין כזשאנאוו פאפולערן און תמיד לוסטיקן ציוניסטישן עסקן מנשה פישלער הי״ד. זאגט מיר, וואס איז דער חלוק צווישן דעם באבאווער רבין, וועלכער האט אזא גרויסע צאל חסידים און אנדערע רביים וועמענס חסידים מען קען קוים אויף די פינגער ציילן? די אנ־דערע ז״נען דאך אויך אזעלכע ערלעכע יידן ווי דער באבאווער? דערויף האט מנשה אים געגעבן צו פארשטיין. עס איז אקוראט ווי שמיעכאוווסקים זייף. (א באקאנטע פירמע אין קראקע, וואס האט פארלאנגט הויכע פרייזן) און „גאסנער׳ס זייף (א קליין כזשא־נאווער פאבריקל, וואס האט געהערט צום מנשה׳ס שווער) ביידע סחורות זיינען פון דער זעלבער קוואליטעט, נור די פירמע צאלט זיך.

## נו אך! שתים

צוויי בכבוד׳יקע כזשאנאווער יידן סוחרים, זייערע נעמען זיינען יודעי חן באקאנט, זיינען אין די גוטע אלטע צייטן גע־פארן קיין ווין נאך סחורה. אנקומענדיק אהין תחילת נאכט האבן זיי זיך אין זייער האטעל צימער געשטעלט דאוונען מע־ריב. איינער פון זיי איז פריער פארטיק געווארן מיט דער שמונה־עשרה און זאגענדיק בחפזון עלינו איז ארויס פון צימער. דער אנדערער ניט קענענדיק מפסיק זיין אין מיטן שמונה־עשרה, פרעגט אויפן ווינק — נו אך?! דאס האט געהייסן ווו אהין גייסטו? ענטפערט אים דער ערשטער אט אזוי, זוכן מיט וועמען אן עברה׳לע צו טאן... מאכט דער צווייטער, נו אך! שתים...

## מזל טוב

מענדל אשכנזי הי״ד א פאפולערער וויצלינג האט אמאל געטראפן אויף דער באן־סטאציע אן אלטן, פרעמדן ייד. שטעקט ער אים איין א ברייטן „שלום עליכם" און ווינשט אים מזל־טוב. דער פרעמדער ייד שטייט ווי געפלעפט און קוקט אים אן, וואס

פארא מזל־טוב ? איר הערט דאך, זאגט מענדל, איך זע אייך היינט צום ערשטן מאל נאך אייער חתונה ...

## וואס דער שטאט בלייבט

בעת די וואלן צום עסטרייכישן פארלאמענט אין יאר 1911 איז אין כזשאנאוו אנגעקומען דער פ. פ. ס. דעפוטאט דר. מארעק פון קראקע. נאך זיין געלונגענער רעדע אין הויף פון בעריש פריסטער'ס הויז איז ער מיט זיין אויטאמאביל אוועקגע־פארן, צוריקלאזענדיק א שטארקן געשטאנק פון בענזין. נאך דעם האט אן אנהענגער פון א קעגן קאנדידאט (ר' ישראל שמעון גרובנער הי"ד) אויסגערופן צום עולם, איר זעט ? ער דר. מארעק פארט זיך באקוועם אוועק און דער שטאט לאזט ער איבער די געסראכע...

## אז מען לאזט מיך...

מיט יארן צוריק האט א ייד, קומענדיק קיין ווין און זייענ־דיק אויף פרעמדע גאסן געדארפט „קטנים". ניט האבנדיק צו דער האנט א בית־הכסא און מורא האבענדיק פאר דער פאלי־ציי צו טאן זיין הצטרכות אויף דער גאס האט ער זיך מישב געווען און אריינגעגאנגען צום ערשטן בעסטן דאקטאר, באשר — ער קען ניט לאזן די אורין.. דער דאקטאר האט דעם ייד צו געשטעלט א דאקטארסקע פלאש און דער ייד האט מיט רחבות געטאן, וואס ער האט געברויכט .. אויף דער דערשטוינונג פונעם דאקטאר, זאגט דער ייד. יא פאניע דאקטאזשע, אז מען לאזט מיך קען איך ..

## געלט ברויכט ישוב הדעת

דער אייגנטימער פון דער אלטער מיל אין כזשאנאוו, (א וואסערמיל, וואס איז געשטאנען ניט ווייט פון בית עלמין) ר' סיני גראס פלעגט זאגן : איידער מען גייט אויסגעבן געלט, זאל מען זיך פריער גוט מישב זיין. און אויב מען מוז עס שוין אויס־

געבן און מען האלט שוין ביים ציילן — זאל מען נאך פריער גיין צום בית הכסא, אפשר וועט נאך איינפאלן א געדאנק דאס געלט ניט אויסצוגעבן..

## תחית המתים

דער אמאליקער כזשאנאווער יידישער שטאט דאקטאר דר. קליין (געווען פאר דר. האכבוים) האט תמיד געזאגט, אז אין אלעמען איז ער א כופר בעיקר, נור אין תחית המתים גלויבט ער יא, ווייל א ייד, וואס לעבט א גאנצע וואך אין „געהאקטע ווינדן", עסט ניט צו דער צייט און ניט צו דער זעט, דערפאר, אז עס קומט שבת נאכן דאווענען מאכט ער אויפן ניכטערן מאגן קדוש איבער 96־קער מיט פארבייסן, עסט נאכער א קאפ־שטיק פעטן קארפן־פיש, פעטע גאלערעטע, טשולנט מיט פעטע קישקע, קיגל וואס „וויינט" מיט שמאלץ א. א. וו. אט דער ייד מיטן פולן אנגעשטאפטן מאגן לייגט זיך באלד נאך דעם עסן אין בעט אריין שלאפן. אויב דער ייד שטייט נאכדעם ווידער אויף, איז דאס טאקע תחית המתים.

## מיר ווייסן, נור מיר טארן ניט זאגן

ווען מען האט אמאל געפרעגט דעם מויגלער רבין אין כזשאנאוו, ווען וועט משיח קומען? האט ער געענטפערט. מיר ווייסן, נור מיר טארן ניט זאגן". קומענדיק ערב שבת אין מרחץ אריין האט אים א ליץ באהאלטן די הויזן. אויף דעם רבין׳ס פראגע, ווער האט מיר די הויזן געגנבעט? האבן די ארומיקע געענטפערט, — „מיר ווייסן, נור מיר טארן ניט זאגן".

## וואס עס קען אמאל צופאלן דרשה־געשאנק?

דער בדחן וויינטרויב, אויסרופנדיק אמאל דרשה־געשאנק אויף א חתונה האט געפרעגט די ארומיקע מחותנים זיי זאלן טרעפן וואס פאר א דרשה־געשאנק איז געפאלן ביי זיין, וויינ־טרויבס חתונה? איינער האט געטראפן — א בשמים ביקסל, דער צווייטער — א צוקער פושקע א. א. וו. איר אלע ווייסט ניט

האט ווײַנטרויב געזאגט אויף מײַן חתונה איז געפאלן א — תקופה...

## א ביסל משוגע מוז מען זײַן

אין די קריגס־יארן 1914 — 1918 האט א געוויסע צאל יונגעלײַט זיך געמאכט פאר משוגע, כדי זיך ארויסצודרייען פון מיליטער. מען האט געפרעגט אײנעם אזא יונגענמאן, וועלכן דער מיליטער דאקטאר האט באפרײַט אלס משוגענעם, ווי אזוי מאכסטו דאס? ·אביסל משוגע מוז מען שוין זײַן, איז געווען דער ענטפער — און דאס איבריקע מוז דער אויבערשטער צו־העלפן...

## א פארציע גארדעראבע

אין טשעבין נעבן כזשאנאוו איז געווען א שם דבר, א ייד מיטן נאמען אבא זאלקע. דער דאזיקער ייד האט הנאה געהאט צו הוליען אויף חסידישע חתונות. ער איז אבער געווען א קנא־פער קענער אין וועלט־זאכן. אײנמאל האט ער באקומען א חתונה בריוול פון א באקאנטן זײַנעם, ווו עס איז געווען באמערקט, אז אויף דער שמחה וועט אויך זײַן אן אײגענע גארדעראבע. אבא זאלקע, קומענדיק אויף דער חתונה האט אײנגערוימט דעם מחותן אין אויער. איך בעט דיך, אז ביים עסן זאלסטו מיר דער־לאנגען א גרויסע פארציע גארדעראבע, ווײַל איך האב דאס נאך קײנמאל ניט געגעסן ...

## ווערטלעך אלערליי

א ייד עסט ניט פריער א מאראנץ. אדער די מאראנץ פוילט (ביליק), אדער דער ייד פוילט (ווען ער איז קראנק).

טיי און תהילים קענען קײנמאל ניט שאדן.

קינדער און גלעזער זײַנען קײנמאל ניט צופיל.

ווילסטו שנעל אנקומען? — זאלסטו לאנגזאם און פאר־זיכטיק גיין.

אויב די ווילסט ארויספארן, טא באשטעל 3 בעלי עגלות. איינער וועט דיך באשטימט אפנארן, דעם צווייטן זאלסטו אליין קענען אפנארן, דער דריטער וועט דיר בלייבן.

## ווער עסט טעג ?

דער אין די פריערדיקע יארן אין כזשאנאוו באקאנטער חסי־דישער ווערטל־זאגער ר׳ וועווע. איז אמאל אין די ניין טעג אריינגעקומען אין בית־המדרש און געפרעגט, אויב עס איז דא א בחור, וואס וויל עסן ביי אים טעג. די בחורים האבן זיך שטארק געוווּנדערט, וויסענדיק, אז ר׳ וועווע איז אן ארעמאן אין זיבען פאלעס. פארשטייט איר מיך, זאגט צו זיי ר׳ וועווע, עס איז מיר שוין נמאס די מילכיקע מיטאגן, וואס מיין פלונית קאכט. איך וואלט געדארפן א בחור, וועלכער זאל מיר אוועקעסן עטלעכע טעג פון די ניין — עס זאל ווערן ווינציקער.

## געשווארצטע סחורה

ר׳ חיים׳ל מייער פלעגט זאגן, אז אויב מען זאגט תהילים אַין שטוב, ניט אין „חברה תהילים" איז אקוראט ווי טריפה׳נע, געשווארצטע סחורה..

## גוט שבת ז׳ביטשעם !

קומענדיק פרייטאג צו נאכטס צום דאווענען, האבן די מת־פללים פון מזרחי בית־המדרש אין כזשאנאוו געהערט, אז אט פאר ליכט בענטשן האט מען פון א דירה אין זעלבן הויז א־רויסגעווארפן אן ארעמע פרוי פאר ניט באצאלן דירה געלט. עטלעכע מתפללים מיטן פאפולערן ציוניסטישן עסקן מנשה פיש־לער הי״ד בראש זיינען אריין צום הויז־באזיצער און אים אריינ־געזאגט ווי עס דארף צו זיין. דער בעל־הבית האט די יידן אנ־געגעבן אין געריכט, באשר, זיי האבן ביי אים אין שטוב געמאכט אן אוואנטורע און אים „געוואלט" שלאגן. ווי אזוי האבן מיר אים געוואלט שלאגן — האט געטענה׳ט דער אנגעקלאגטער מנשה פישלער — אז אריינקומענדיק האבן מיר ווי אנשטענדיקע

## חברה תהילים



דאס איינציקע בית־התפילה, וואס איז פארבליבן אין כזשאנאוו נאכן חורבן.

מענטשן געווונטשן גוט שבת. איז עס אמת, פרעגט דער ריכטער דעם הויזבאזיצער, יא דאס איז אמת, „אלע סאם גוט שבת ביל יוזש ז׳ביטשעם“.

## איך זאג דאס זעלבע, וואס ר׳ אלי זאגט

ביז צום ערשטן וועלט־קריג האבן די כזשאנאווער יידן געהאט א גרויסע מערהייט אין שטאט־ראט. די זיצונגען פלעגן זיך דארט פירן גאנץ יידישלעך. אין שטאט־ראט האט מען דע־מאלט ניט געוויילט אזעלכע, וועלכע זיינען באמת פעאיק געווען דערצו, נור מען האט אויסגעקליבן די גבירים, וועלכע האבן געהאט די מאה און ממילא אויך די דעה. צווישן אנדערע איז אויך דארט געזעסן ר׳ שמואל בראמבערג. (אדער ר׳ שמואל מאך) א גביר אבער א קנאפער קענער אין שטאטישע ענינים. דער ראש המדברים איז צו דער צייט געווען דער גביר פון דער „קאמיעניצע“ ר׳ אלי׳ רויכווערגער. ר׳ שמואל האט בעת דער דעבאטע איבער א געוויסן ענין געשמאק געשלאפן.. ווען מען האט אים אויפגעוועקט צו דער אפשטימונג און געפרעגט, נו ר׳ שמואל, וואס זאגט איר יא, אדער ניין? איך — האט זיך ר׳ שמואל אויסגעריבן די אויגן — איך זאג דאס זעלבע וואס ר׳ אלי זאגט...

## אכטונג געבן

אין כזשאנאוו זיינען אין אמאליקע יארן געווען יידישע נאכט־ווערכטער, וועלכע האבן אכטונג געגעבן מ׳זאל ניט די שטאט ביינאכט באגנבענען. איינער פון זיי אברהם סטריזש האט מען אים גערופן, איז געווען באקאנט אלס גרויסער ע״ה הארץ. מאכט זיך, אז א מלמד מוסרט זיינע תלמידים פארוואס זיי געבן ניט אכטונג אין דער גמרא. מיר געבן יא אכטונג, ענטפערן די תלמידים דעם רבין. זעט איר — זאגט דער מלמד — אברהם סטריזש גיט אויך אכטונג — און קען א קרענק..

## פארוואס נעמט דער רב שכירות?

ר׳ בייבי זייפמאן, א פראמינענטער כזשאנאווער ייד און

הויפט פון די ראדאמסקער חסידים מיט עטלעכע צענדלינג יארן צוריק האט געפרעגט, פארוואס זאל מען דעם רב נאך צאלן שכירות? פאר אַלע מצוות באצאלט מען אים באזונדער, קומען די ימים טובים באקומט דער רב רגל געלט, אין פורים משלוח מנות, אין חנוכה — חנוכה געלט. אויף סכות באקומט ער פון א שיינעם בעל־הבית אן אתרוג, צום פסח׳דיקן מעל איז ער תמיד א שותף. אין אחרון של־פסח שיקן אים די בעלי־בתים קניידלעך, אין שבת קיגל א. א. וו. א חוץ רח״ש. נור דער תרוץ איז, דעם רב דארף מען צאלן שכירות, כדי ער זאל כאטש לייגן תפילין אומזיסט..

## זאל ער פוילן ביי מיר

געווען אין שטאט א יידענע א קאזאק, וועלכע האט גע־האט א זון א לייטישן און געלערנטן. די שדכנים האבן זיך די פיס אפגעריסן, ניט קענענדיק צוטרעפן א שדוך פאר איר זון. וויפיל מען האט אנגעבאטן נדן, איז איר אלץ געווען צו ווייניק. איינמאל זאגט צו איר א שדכן, זאגט מיר קיילטשע לעבן, וואס און וויפיל ווילט איר באמת פאר אייער זון? האט זי אים געגעבן אן אמת׳ע סוחרישע תשובה. אויב איר וועט מיר ניט ברענגען א לייטיש און שיין מיידל מיט פינף טויזנט דאלאר נדן — זאל די סחורה פוילן ביי מיר...

## הרחב פיך ואמלאהו

כנהוג אין חסידים שטיבלעך, לויפן די שארפע חסידים א־הין און אהער בשעת דעם דאווגען ניט קענענדיק איינשטיין אויף איין ארט. דערציילן מתנגדישע לצים, אז דאס האט דער־פירט צו א קוריאז, אין א שמאלס און אן ענגס חסידים שטיבל. דריי מתפללים האבן זיך צוזאמענגעשטויסן אין א שמאל ווינקל מיט אזא מין דיאלאג.

דער ערשטער — הלא מי רגלים יפין לה..
דער צווייטער — הרחב פיך ואמלאהו..
דער דריטער — הרני מזמן את פי..

## משה משה! — הנני

אין כזשאנאוו איז געווען א ייד אפילו א פרומער און יו־דע ספר ר׳ משה׳לע גרובנער. דער דאזיקער ייד האט געהאט אן אידיי פיקס צו פירן מלחמה מיטן רבונו של עולם אליין באשר, דער רבונו של עולם פירט ניט די וועלט מיט גערעכ־טיקייט. דעם עושר גיט ער כסדר צו און דעם ארעמאן גיט ער וואס אמאָל ווינציקער. אין בית־המדרש און אין שטוב פלעגט ער כסדר דיסקוטירן מיטן אויבערשטן אויף דער טעמע. זיצענדיק אמאל אין א ווינטער נאכט אין גרויסן בית־המדרש איבער א גמרא, הערט ער אזוי ווי א בת־קול רופט זיין נאמען משה, משה! נאכגייענדיק נאך דעם קול, איז ער צוגעקומען ביז דעם ברייטן רונדיקן לאך אין סופיט, וואס האט געדינט אנשטאט א ווענטילאטאר און מיט תמימות אויסגעשריגן „הנני". דאס האט זיך דער אלעמען באקאנטער לץ משה מיזל פארגנבעט אויפן בוידעם ביים דערמאנטן לאך און ארייננגעשריגן אין זיין שטיוול דעם בת־קול.. מער ווי זיין נאמען האט ר׳ משה׳לע ניט געהערט, ווייל אן איימער קאלט וואסער, האט אים אויסגעהיילט פון זיין משוגעת..

## היי ביי א קי..

ווי באקאנט, איז מען זיך נוהג אויף יום כפור אויסצולייגן היי אויף דער פאדלאגע אין שול, בכדי ביים פאלן כורעים זאל מען זיך ניט צעקלאפן די קני. שמעון דיאבל, א באקאנטער שטופער געווען, איז בייצייטענס געקומען צו כל נדרי אין שול אריין און פלעגט צונויפנעמען א בערגל היי און עס ארייַנלייגן אין שטענדער צו חיים לייב קי. אין מיטן דער תפילה זכה, בשעת מען פארגיסט הייסע טרערן אויף באגאנגענע חטאים האט דער עולם גענומען לאכן, ווען חיים לייב, ארויסנעמענדיק דעם טלית פונעם שטענדער האט געשיט קללות נמרצות אויפן חשבון פון שמעון דיאבל.

## אויסגעלאשן דעם לאמפ — מיט די קאלפאקעס

ווען עס איז אנטשטאנען די ערשטע ציוניסטישע ארגאני־זאציע „בני ציון“ אין אליעזר־ברוך'ס הויז קעגנאיבער דעם אלטן מאגיסטראט, זיינען די ערשטע מיטגלידער געווען בחורים פון חסידישע קרייזן, וועלכע האבן נאך געטראגן אין שבת קאלפאקעס. פלעגט זיך די שטאט וויצלען, אז פרייטיק צו נאכטס, ווען עס איז ניט געווען קיין גוי אויסצולעשן דעם לאמפ, האבן די בחו־רים אזוי לאנג געוואָרפן מיט די קאלפאקעס און געפאכעט מיט זיי, ביז דאס ליכט א'ז פארלאשן געוואָרן.

## יעקישע געזעצן

די „פרייסישע סוחרים“ פלעגן דערציילן, אז ווען מ'האט געטראפן דארט א פוילישן ייד מיט אויפגעקנעפלטע הויזן... האט ער געמוזט באצאלן צוויי מארק שטראף. דער פרייסי'שער כוחר ר' משה לייב „שמעקער“ וויפיל ער האט ניט געזאלט פארדינען, האט ער עס אוועקגעגעבן דער פרייסישער פאליציי און תמיד האט ער געהאלטן אין קעשענע צוויי מארק גרייט צו באצאלן..

## צוואנג מוז זיין

אין דעם שטעטל שצאקאווא געבן כזשאנאוו, איז אויסגע־קליבן געווארן אלס גבאי אין שול'כל א געוויסער קצב. טיילענ־דיק די הקפות אין שמחת תורה האט ער אזוי אויסגעטיילט, אז עס איז אויסגעקומען ביי יעדער הקפה צוויי שטריימלעך און איין „גיגערל“ (קאפעלוזש). ווען מען האט אים געפרעגט היתכן? האט ער געענטפערט, אז צוואנג מוז זיין..

איבערגעגעבן דורך אלימלך הירשבערג

## א באל מיט יונגען און מיידן

מיט לערך 40 יאר צוריק, ווען ס'האבן זיך אנגעהויבן אנט־וויקלען די ערשטע יוגנט פאראיינען אין כזשאנאוו האט איין

פאראיין אראנזשירט א באל, דאכט זיך דעם ערשטן אין שטאט בכלל. נאטירליך, אז אזא מין געשעעניש אין שטאט און בפרט ביי דעם פרומען עולם האט ארויסגערופן א געוואלדיקע אויפ־רודערונג. ס׳טייטש און נאכאמאל ס׳טייטש? בעלי־בתים זיינען זיך צונויפגעקומען ביים רב און ארומגערעדט דאס אנשיקעניש, וואס עס גרייט זיך אויף דער שטאט. יו גען מיט מיידן רחמנא ליצלן וועלן צוזאמען טאנצן און מי יודע וואס זיי וועלן נאך דארט טון?... ס׳איז באשלאסן געווארן, אז דער רב זאל ניט צו־לאזן חס ושלום צו אזא „אומגליק".

דער רב ר׳ נפתלי ז״ל האט געלאזט צו זיך רופן דעם שמש פון גרויסן בית־המדרש ר׳ זיסמעלע, אגב א ייד א תלמיד חכם, אבער א תמים און אים באפוילן אויסצורופן שבת פאר קריאת התורה בפקודת הרב, „היות, ווי עס דארף אין שטאט פארקומען א באל ווו יונגען מיט מיידן וועלן אין איינעם טאנצן, לכן בעטן מיר די בעלי־בתים, אז זיי זאלן זייערע זין און טעכ־טער ניט לאזן אהין גיין און ווער עס וועט ניט פאלגן, וועט ניט האבן קיין גוטן סוף". ר׳ זיסמעלע האט אין זיין תמימות אויסגערופן בזה הלשון. „איך בין מכריז ומודיע בפקודת הרב, אז עס וועט זיין א באל — פון יונגען מיט מיידן, זיי זאלן עס ניט דערלעבן און זיי וועלן טאנצן אזוי לאנג ביז זיי וועלן האבן א גוטן סוף...

## געכאפט ביי א ליגן

בעריש פריסטער, (א באקאנטער פערד סוחר געווען) ניט זייענדיק קיין איבריק פרומער, אפגעהיטענער ייד, איז אפט גע־פארן אויף פערד ירידים. זיין ווייב האט אים תמיד איינגעפאקט אין טשעמאדאן דעם טלית און תפילין ווי אויך צדה לדרך — א קוילעטש מיט א מעגל, אנגעפילט מיט פלייש. איינמאל האט זיך זיין ווייב געוואלט איבערצייגן צו דער מאן דאַווענט אונטערוועגס האט זי אים דאס מעגל איינגעפאקט אין תפילין־זאק. צוריק קו־מענדיק פרייטיק פון דער נסיעה האט זיך דער מאן געבייזערט

הלמאי זי האט אים דאסמאל ניט מיטגעגעבן קיין מעגל ווי תמיד. דאס איז דערפאר, ווייל דו האסט ניט געדאוונט — האט איר דאס ווייב אפגעענטפערט — ארויסנעמענדיק דאס מעגל פון תפילין זאק..

## גוט יידיש

דער געוועזענער פוילישער פינאנס־מיניסטער מיכאלסקי איז אין די עסטרייכישע צייטן געווען שטייערן אינספעקטאר אין כזשאנאוו. האט אמאָל דער באקאנטער שוחט ר' שלמה ליפא באקומען אן איינלאדונג צום שטייערן אינספעקטאר וועגן זיינע הכנסות. ר' שלמה ליפא, ניט קענענדיק קיין פויליש, האט גע־בעטן מיכאלסקין, ער זאל אים דערלויבן רעדן — דייטש. מיכאל־סקי האט עס אים דערלויבט. נאך דער אוידיענץ זאגט צו אים מיכאלסקי, ווען איך זאל געווען וויסן, אז איר קענט אזוי גוט יידיש רעדן, וואלט איך אייך בשום אופן ניט דערלויבט צו רעדן דייטש.. (מיכאלסקי האט גערעדט א גוטן יידיש).

## מדרגות

ר' לייביש ווינער, א באקאנטער שניט־סוחר פון כזשאנאוו פלעגט אין דער יוגנט, איידער ער איז געווארן אן עושר, זיך בארימען פאר זיין ווייב און איר זאגן:
ווייסטו חנה, „איך מוז גיין צום רב". שפעטער צו, ווען ער האט שוין געהאט א ביסל געלט, האט ער געזאגט. חנה, „איך מוז איצט אוועקגיין, ווייל דער רב האט נאך מיר געשיקט". נאך שפעטער, אז ער האט געהאט אויפגעבויט זיין אייגן הויז און געווען ווי מען זאגט אין די פעדערן, האט ער שוין געזאגט. חנה, „דער רב שיקט כסדר שליחים נאך מיר, אבער איך וועל ניט גיין צו אים, זאל ער זיך מטריח זיין און קומען איינמאל צו מיר".

## א טרעפלעכע תשובה

אן אנטיסעמיטישע לערערין (א כזשאנאווער פריצה) האט זיך בשעת א לעקציע אין כזשאנאווער פאלקס־שול געוואלט טשעפען

צו יידן, האט זי איינמאל געפרעגט די שילערינס אירע (מייד־לעך). „פארוואס רעגנט אזוי אפט אין שבת? נאטירלעך, האבן זיך די קריסטלעכע קינדער אנגערופן, ווייל שבת איז א יידישער. ניין! האט זיך אנגערופן א יידיש מיידעלע חנה׳לע האלבערש־טאם (אגב א פלימעניצע פון אחד העם) „דערפאר רעגנט אין שבת, כדי ס׳זאל זיין זינטיק א בלאטע?”

## וויינטרויבס א שטיקל

דער בדחן ישראל לייזער וויינטרויב איז אמאל געפארן אויף א גבירישע חתונה קיין דייטשלאנד. פאר דער גרענעץ האבן אים די יידן דערציילט, אז זיי האבן גרויסע צרות אויס־צושטיין פון א דייטשן גרענעץ וועכטער, וועלכער דערקוטשעט זיי מיט זיינע שטרענגע בדיקות אין די טשעמאדאנעס. דאס מאל רופט זיך אן דער בארימטער בדחן, וועט ער אייך לאזן צו רו. קומענדיק אויף דער גרענעץ־קאמער אין מיסלאוויץ מיט זיין פולן באגאזש, וואס ער פלעגט מיטפירן מיט זיך, האט זיך וויינטרויב נערוועז גערדרייט אהין און אהער, בכדי צוציען די אויפמערקזאמקייט פון דעם דערמאנטן גרענעץ־וועכטער. דער יעקע מיינענדיק מי יודע וואס פארא גרענעץ־שמוגלער ער האט דא דערוווישט, האט זיך מיטן פולן ברען גענומען רעווידירןביים בדחן זיינע טשעמאדאנעס. ער האט בכלל ניט געלייגט קיין אכט אויף די אנדערע יידן, וועלכע האבן פארשטאנען אויסצו־נוצן די סיטואציע און אדורכגעפירט בשלום פון כל טוב. דער יעקע זוכנדיק פארבאטענע סחורות, האט דערווייל ארויסגע־צויגן פון וויינטרויבס טשעמאדאנעס, בערד פון פארשידענע קא־לירן, אויסגעריבענע און צעבראכטעטע אלטע יופיצעס, אויסגע־קראכענע שטריימלעך, אלטע צעריסענע סוקמאנקעס און נאך אנדערע אזעלכע אנטיקן, וואס א בדחן האט געפלעגט מיט זיך מיטפירן..

דער יעקע זעענדיק, אז ער איז אריינגעפאלן, האט וויינ־טרויבן ביי זיינע ווייטערע נסיעות קיינמאל מער ניט געטשעפעט.

וויינטרויב האט אים, אבער אנגעטון אויף טערקיש, צונעמענדיק תמיד ביי די יידן, וואס מען האט ניט באדארפט האבן. כזשא־נאווער יידן האבן פון דעמאלט אן דאפלט הנאה געהאט, אי זיי האבן גיכער געקענט פארדינען דעם גראשן, אי אנגעקוואלן פון וויינטרויב׳ס חכמות און וויצן.

## פארגעסן וועגן פרנסה

ר׳ יעקב ראובן, א פאפולערער חסידישער טיפ איז געווען אין שטאט א באַקאנטער סאנזער חסיד. פארענדיק קיין סאנז צום דברי חיים האט אים דאס ווייב זיינס געבעטן, אז זייענדיק אין סאנז, זאל ער ביים רבין מזכיר זיין וועגן פרנסה, וואס איז ביי אים אין דער היים אזוי קנאפ געווען. צוריקקומענדיק, פרעגט אים דאס ווייב, נו ? האסטו דעם רבין דערמאנט וועגן פרנסה ? ניין ! פארענטפערט זיך ר׳ יעקב ראובן. קומענדיק קיין סאנז געדענק איך לגמרי ניט אין אזא וואכנדיקן ענין ווי פרנסה. איך דערמאן זיך ערשט, ווען איך קום א היים.

## געשפרונגען קדוש מיט א האן

אין טשעבין נעבן כזשאנאוו שטייט די שול מיטן בית־המד־רש אין מיטן מארק. אין זומער, ווען די פענסטער זיינען אפן פלעגן די קרעמער און פשעקופקעס מיטזאגן קדושה און ברכו מיטן עולם. א יידענע, וועלכע האט גראד געהאנדלט א האן ביי א באבע האט מיטן האן אין דער האנט מיטגעזאגט קדושה און דערביי געשפרונגען קדוש. זאגט צו איר די באבע. דו וועסט אפילו שפרינגען ביז מארגן, וועל איך דיר דעם האן אויך ניט ביליקער אוועקגעבן !.

## קאנקורענץ

דער באקאנטער שדכן אין כזשאנאוו ר׳ חיים׳ל גראס איז גערופן געווארן אין שטייער־אמט וועגן זיין אומזאץ־שטייער ביים אויספירן שדוכים. זאגט ר׳ חיים׳ל צום באאמטן. „איך וועל אייך צאלן וויפיל איר וועט נור פון מיר פארלאנגען, מיטן תנאי

אבער, אז איר זאלט פארווערן די יונגלעך און מיידלעך זיך צו צוטרעפן אויף די „פלאנטן“, ווייל זייט די „פלאנטן“ זיינען אויפ־געקומען האב איך ניט מער וואס צו זוכן, ניט ביי די בחורים און ניט ביי די מיידלעך..

## דריי מעלות, וואס זיינען חסרונות

צו א רבין קומט א יידענע און גיט אן א קוויטל. אין קוויטל לאזט זי שרייבן, אז זי האט א זון, האט ער דריי חס־רונות. ראשית, קען ער שפילן פידל, והשנית, קען ער זעער שיין זינגען, והשלשית דאס ערגסטע, ער האט א שיינע האנטשריפט. דער רבי רוקט ארויף די שפאקולן אויפן שטערן און קוקט אן די יידענע צו זי מאכט ניט פון אים חוזק, סטייטש..? דאס זיינען דאך דריי שענסטע מעלות, וואס א מאמע קען זיך נור פאר איר זון ווינטשן! יא, זאגט די יידענע, ער שפילט פידל, זעט מען אין שטוב, אז ער איז א נאר. נאך ערגער איז מיטן זינ־גען, ווייל מען זעט אין שול, אז ער איז א נאר. דאס ערגסטע איז אבער מיטן שרייבן, ווייל מען זעט אין דער וועלט, וואס פאר א שוטה ער איז...

## אן עברה שלא בתורה

דער יאוואָרזשנער רב ר' וואווע ראזענבלום ז"ל האט גע־האט א זון אין מרחקים און ווי דער סדר עולם איז, ניט קיין איבריק פרומער. דער זון האט דעם פאטער אייניקע מאל גע־שיקט געלט און פארשידענע מתנות, וועלכע ר' וואווע האט בשום אופן ניט געוואלט אננעמען, ווייל ער איז ניט געווען זיכער צו דאס געלט איז פארדינט אין גייסט פון דער תורה. איינמאל האט דער רב דערהאלטן פונעם זון א שיינע סומע געלט מיט א בריוו, אז אויב ער וועט אים דאס געלט ווי געוויינטלעך צו־ריקשיקן, וועט ער, דער זון אויף להכעיס אפטון אזא עברה, וואס ניט א ייד און ניט א גוי טוט עס. דער רב, ניט ווילענ־דיק אויף זיך נעמען אזא עברה האט דאס געלט אנגענומען בתנאי, אז דער זון זאל אים שרייבן, וואס פאר אן עברה, ער

חאַט בדעה געהאַט צו טון. איך וואָלט — האָט דער זון געענט־פערט אין שבת געלייגט תפילין ...

## איך ווייס דעם פשט — נור איך וויל ניט זאָגן (פון נאָענטן קראָקע)

ר׳ לייב זיסער אין קראָקע, (אייגנטימער פון גרויסן הויז אויפן קוזמאַרק 13) איז געווען באַקאַנט מיט זיין פיקחות, עשי־רות, און הדרת פנים׳דיקן אויסזען. ער האָט געהאַט א סך יידי־שע מעלות, נור אין איין זאַך האָט ער אינטערגעהינקט. אין די דראַבנע אותיות איז ער געווען א ביסל שוואַכלעך.. איינמאָל האָט זיך געטראָפן, אַז זייענדיק וועגן זיינע ווייַן־מסחרים אין דער שטאָט פרעסבורג — דעמאָלט איינע פון די באַקאַנטעסטע תורה צענטערן — איז ער דערווייל אריינגעגאַנגען אין דער פאַרטיקער ישיבה, פונעם חתם סופר איבערוואַרטן די צייט צום צוג. גראַד האָבן זיך צוויי ישיבה בחורים מפלפל געווען אין לערנען און ניט קומענדיק צווישן זיך צו א הסכם, האָבן זיי באַ־שלאָסן צו פרעגן דעם אריינקומענדיקן ר׳ לייבן וועגן דעם פשט. ר׳ לייב זיסער זעענדיק, אַז ער איז אריינגעפאַלן האָט געזאָגט צו די בחורים: הערט אויס קינדער! איר האָט געקענט מיט אייער פראַגע חלילה א ייד פאַרשעמען, ווייל עס קען דאָך גע־מאָלט זיין, אַז אַט אַזאַ ייד ווי איך, מיט א שיינער באָרד, זאָל גראָד זיין אַן עם־הארץ און איר וואָלט פאַרלוירן אייער חלק לעולם הבא. דער פשט ליגט מיר אפילו אויף דער צינג, נור פאַר א שטראָף, וואָס איר זענט ניט געווען פאַרזיכטיק, וועל איך אייך דעם פשט ניט זאָגן...

## קדוש אונטערוועגס

ר׳ שואל זיגמאַן, א באַקאַנטער כזשאַנאָווער בעל־הבית איז געווען א גרויסער שונא פון תעניתים, ובפרט אין שבתים און ימים טובים. ער פלעגט תמיד אינטעריאַגן אין בית־המדרש מען זאָל פריער דאַווענען, כדי פריער צו קענען עסן. אהיים־

גייענדיק שבת פונעם דאוועגען האט ער אונטערוועגס געזאגט דעם אתקינו סעודתא און אויף די טרעפ פון זיין הויז אינטער־געזינגען דעם קדוש. אריינקומענדיק אין שטוב האט ער שוין גע־האלטן ביים „שהכל" און גלייך גענומען דעם כוס צום מויל...

## גוט געמיינט — שלעכט געזאגט

עס האט אמאל אן ערל געבראכט א פאר תפילין צו פאר־קויפן. נאך א גענויע חקירה ודרישה האט זיך ארויסגעוויזן, אז ער האט די תפילין אראפגעגנבעט פון א זאדעק. (הינטערשטער טייל פון א וואגן) כדי צו פארמיידן להבא אזא חלול השם האט ר' זיסמעלע שמש אויסגערופן בפקודת הרב, אז פון היינט אן זאל מען למען השם ניט מער לייגן קיין תפילין אויפן „זאדיק"..

## גוט געמיינט — שלעכט געזאגט

כידועה זיינען די לעצטע כזשאנאווער רבנים, א חוץ ר' יוסף אלימלך ז"ל ניט געווען קיין באזונדערע גוטע רעדנער. אין יאר 1908, ווען דער קייזער פראנץ יאזעף האט געפייערט זיין 60 יעריקן רעגירונגס — יובילעום האט די יידישע קהילה פאראנשטאלט עט גרויסע פייערונגען לכבוד דעם קייזער. אין דער שטאטישער שול האבן זיך פארזאמלט אלע עסטרייכישע באאמ־טע אין זייערע גאלא־אוניפארמען, די „פני" פון דער שטאט, גויים און יידן נאכן אפזינגען דעם „הנותן תשועה" האט דער רב ר' נפתלי ז"ל געהאלטן א דרשה מענינא דיומא און געוואלט מסביר זיין, אז טראצדעם וואס מיר זיינען אין גלות האט אונדז גאט געגעבן א מלך של חסד. געזאגט האט ער אבער „געלויבט דער אויבערשטער, וואס מיר זיינען אין גלות — און האבן א גוטן קייזער...

דער זון פונעם אויבן דערמאנטן, דער לעצטער כזשאנאווער רב ר' מענדל הי"ד האט געמאכט א הספד פאר דעם נפטר געווארענעם ר' שמואל גראיאווער. ווי באקאנט זיינען ר' שמואל'ס קינדער ניט געווען אזעלכע אפגעהיטענע פרומע יידן ווי זייער פאטער.

ווילנדיק אויסדרוקן, אז די קינדער זאלן זיך האלטן אין יידישקייט און גיין אין די זעלבע דרכים ווי זייער פאטער האט דער רב פארענדיקט זיין הספד מיט דעם ווונטש, אז ר' „שמואלס" קינדער זאלן גיין אין דעמזעלבן וועג, וואס זייער פאטער איז געגאנגען...

## ואתא כלבא

אין כזשאנאוו איז פריער געווען א מנהג, פסח ביי נאכט נאך דעם סדר (נאטירלעך ביי די שנעלע זאגערס) ארויסצוגיין אין גאס און שטיין אונטער די פענסטער פון מאנכע בעלי־בתים און אונטערצוהערן ווי אזוי זיי זאגן די הגדה. ווי און ווינט איז געווען דעם ייד ביי וועמען מען האט געכאפט א גרייז אין דער עברי. יידל קורץ (שווינקע) האט זיך פארגראבן גראד אינטער די פענסטער פון בערל קענדער, קלאפט אין שויב און פרעגט. בערל, ווי האלסטו? דער אויף איז געקומען די תשובה פון בערלן, ואתא כלבא..

## וואס הי סט אמתע ערלעכקייט

יש שקונה עולמו בשעה אחת. אט דאס קען מען זאגן אויף ר' וואלוועלע לויבער הי"ד א פשוטער ייד, אן חכמות, א תמים אין פולסטן זין פונעם ווארט. מיט אים האט זיך אמאל פארלאפן אזא מין געשיכטע. קענענדיק אים פאר אן אנשטענ־דיקן און ערלעכן מענטש האט אַים אמאל דער באקאנטער חלופער ר' לייבטשע קליין געגעבן צו פירן עטלעכע הונדערט דאלאר פון קראקע ביז כזשאנאוו. ניט חלילה עפעס צו פארדי־נען דערביי, נור פשוט פאר א טובה וועגן. קומענדיק קיין כזשא־נאוו האט ר' וועלוועלן געפעלט 200 דאלאר פון דעם סכום, וועלכן מען האט אים מיטגעגעבן. נאך לאנגע טענות האט דער רב געפסקענט, אז ר' וועלוועלע מוז שווערן, אז ער האט דאס געלט נים גענומען. ר' וואלוועלע האט אבער געזאגט ניין! אין זיין לעבן האט ע' נאך ניט געשווווירן און וועט עס אויך איצט ניט טון. ער וועט בעסער פארקויפן זיין הייזל און באצאלן דעם

פארלוירענעם סכום. עס האט שוין געהאלטן דערביי, אז ער זאל פארקויפן דאס איינציקע פארמעגן דאס הייזל, כדי צו באצאלן די סומע, איז געשען א נס. עס האט זיך געמאלדן דער ייד, וועלכער האט טאקע געפונען דאס געלט. אזוי ארום איז ר׳ וואלוועלע, וועמען מען האט שוין אנגעהויבן חושד צו זיין אין עפעס, ארויס א געלייטערטער און זייט דער דאזיקער פאסירונג געניאסן פון אלעמענס אכטונג פאר זיין ריינער ערלעכקייט.

## מיט געלט ווארפט מען זיך ניט

מען האט אמאל יידל קורץ געטראפן ראש השנה נאך ווארעמס זיצענדיק אין שטוב, בעת אלע יידן זיינען געגאנגען צום שטעטלדיקן טייך צו תשליך. אויף דער פראגע פארוואס ער גייט ניט ארייננוואַרפן זיינע עבירות אין טייך האט ער געענטפערט: איך קען זיך ניט דערלויבן דאס, וואס עס דערלויבן זיך אזעלכע יידן ווי ר׳ איטשעלע יעקב־ראובן׳ס, אדער ר׳ יענקעלע אבא׳ס וועמענס חטאים באשטייען פון אזעלכע קלייניקייטן, ווי איינער האט זיך אמאל טועה געווען און געזאגט שבת ביים בענטשן, מגדיל אנשטאט מגדול. אדער דער למשל האט געגעסן צו מיטאג באבעלעך מיט זשאציארקעס האט ער געהאט ביי דער מנחהדיקער שמונה עשרה א מכשול.. ניט קענענדיק זיך גלייך וואשן די הענט ווי דער דין איז. אזעלכע עבירות קען מען מיט א לייכט הארץ ארייננווארפן אין טייך, אָבער מיינע עבירות האבן געקאסט שווער געלט און דאס אליין וואלט געווען דער גרעסטער חטא, מיר ניט, דיר ניט, זיי ארייננצווווארפן אין וואסער...

## איסר לאפקע — דאלמעטשער

אין דער ערשטער צייט, ווען די דייטשן זיינען אריין אין כזשאנאוו האבן זיי זיך באדינט מיט יידן אלס דאלמעטשער. די שנאה פון דער יידישער באפעלקערונג צו די פאלאקן איז געווארן גרעסער ווי צו די דייטשן. פון די דייטשן האט מען דערווארט רשעות און מען איז געווען פסיכיש צוגעגרייט צו דעם.

די פּאלאקן אבער האבן אונדז פיל מער צרות אנגעטון מיט זייערע פּראוואקאציעס און מסירות. דאס הארץ האט פּשוט ווי געטון, צוזעענדיק ווי די פּאלאקן רייבן זיך די הענט פאר שמחה אין אנבליק פון אונדזערע פּיין. אט אין דער צייט האט זיך גע־טראפן, אז א דייטשער פּאליציאנט האט פארהאלטן א פּוילישן שגץ, וועלכער האט זיך קונה שם געווען מיט זיין שנאה צו יידן, וועגן עפּעס א קליינעם חטא. דער דייטש, ניט קענענדיק זיך מיט אים פארשטענדיקן האט צוגערופן דעם אין שטאט בא־קאנטן לץ איסר לאפּקע פאר א דאלמעטשער.

פּאליציאנט: פארוואס ביזטו געפארן לינקס?

שגץ: איך האב ניט געוווסט, אז מען טאר ניט.

פּאליציאנט: וואס זאגט ער?

דאלמעטשער: ער זאגט, אז ער איז ביי זיך אין דער היים און קען טון וואס ער וויל.

פּאליציאנט: פּראסקעט דעם שגץ און האקט אים אויס א צאן.

שגץ: פארוואס קומט מיך צו שלאגן?

פּאליציאנט: וואס האט ער שוין ווידער געזאגט?

דאלמעטשער: ער זאגט, אז ווען איר וועט האבן די מפּלה, וועט ער זיך שוין אן דיר נוקם זיין.

פּאליציאנט: טרייבערט מיט זיינע ידים דעם שגץ און מאכט אויס אים קרעפּל פלייש.

פּאליציאנט צום דאלמעטשער — זאג אים דעם פּוילישן שווין, אז ווען ער וואלט געווען א ייד, וואלט איך אים דערשאסן אויף דער שטעל און דיר גיב איך א פּאפּיעראס פאר דיין גוטן אי־בערזעצן.

## דריי קללות פארן רב אין פּורים

ר' יקתיאל האלבערשטאם, א שוואגער פונעם רב ר' נפתלי און אייניקל פון דברי חיים האט געזאגט בדרך הלצה: פּורים באקומט א רב פון די בעלי־בתים דריי קללות ביים משלוח מנות. דער בעל־הבית זאגט זיך:

זאל איך אים שיקן 5 גילדן? — א קרענק אויף אים.

זאל איך דעם רב שיקן נור 2 גילדן ? — וועט אים די נכ־
פה נעמען.
איך וועל אים שוין שיקן 3 גילדן — און כאפט אֵים דער
רוח !

## מען וויל ניט באצאלן

דאס בית־המדרש פעלד האט ווי באקאנט געהערט צו אן ערל מיטן נאמען סקריינאק. אין תשעה באב, ווען ווייסע חברה־לייט פלעגן רייסן „שצעליסקעס" האט ער תמיד זיך געטשעפעט און געפאדערט געלט. פאר סכך צו דער סוכה באצאלט מען, פאר הושענות באצאלט מען, פארן גרינעם פון פיעטרישקע באַ־צאלט מען, נור פאר „שצעליסקעס" וויל מען ניט באצאַלן א פרוטה.

## די שטעלערס

די עלטערע כזשאנאווער יידן וועלן נאך געוויס געדענקן, וואס עס פלעגט זיך אפטון אין די לאנגע ווינטער נעכט מיט די „שטעלערס". דאס זיינען געווען יונגעלייט, וועלכע האבן גע־דארפט גיין צום עסטרייכישן מיליטער. און ווילענדיק זיך ארויס־דרייען פון מיליטער־דינסט האבן זיי זיך געצערט אַן אויפגעוועזן די גאנצע נעכט. בכדי באפרייט צו ווערן ביי די איבונגען, וואס פלעגן פארקומען ארום פסח צייט און בכדי ניט אנטשלאפן צו ווערן האבן זיי אפגעטון פארשידענע „שטיקלעך" פון וואס מען האט געהאט צו לאכן.

### דיינו

שיע לאקש, (דערמארדעט געווארן דורך געסטאפא אין טשע־באסלאוואקיי) פון נאטור א לץ און א לוסטיקע בריאה, איז אין זיין צייט געווען ביי די שטעלערס כמעט ווי א קאָמענדאנט און אנגעפירט מיט אלע שטיפערייען. ויהי היום, האט זיך דער באַ־קאנטער וויצלינג בערל קענדער מיט עפעס א וויץ פארזינדיקט קעגן שיע׳ן. דא האט שיע באלד מאביליזירט זיינע חילות און

אפגעשטאט אַ וויזיט אין מיטן דער נאכט פאר בערל׳ס פענסטער און מיט לארם און געפילדער אים געשטערט דעם שלאָף. בערל קענדער ניט קענענדיק קיין אויג צומאכן, עפנט דאס פענסטער און פרעגט וואס ווילט איר? מיר ווילן — האט זיך שיע אנגע־רופן — זאלסט אונדז זאגן, ווי אלט דו ביזט? (עס איז געווען באקאנט, אז בערל האט קיינמאל ניט געזאגט זיינע יארן, מורא האבנדיק פאר אן עין הרע) און אויב דו וועסט אונדז דאס זאגן, וועלן מיר זיך אומקערן און דיך לאזן אומגעשטערט שלאפן. בערל זעענדיק, אז ער איז אריינגעפאלן האט מיט א שווער הארץ געזאגט די צאל פון זיינע יארן. דא האָט דער כאר פון די שטעלערס אויסגעזונגען מיטן נגון פון ראש השנה׳דיקן המלך — דיינו..

## אז מ׳גיט ניט מיט גוטן — מוז מען געבן מיט בייזן

א שטעטלדיקער גביר, (ר׳ לייב גראס) האט זיך אמאל אפ־געזאגט צו געבן א גרעסערן סכום פאר א נויטיקער צדקה־זאך מיטן מאטיוו, אז ער איז געענגט אין געלט, ווייל ער בויט זיך א ניי הויז. אין דער דעמאלטדיקער צייט האט אנגעפירט מיט די שטעלערס דער אין כזשאנאוו פאפולערער וויצלינג משה מיזל, וועלכער האט זיך אונטערגענומען דעם דערמאנטן גביר צו צווינ־גען צו געבן דעם דערמאנטן סכום.

משה מיזל האט צונויפגענומען אלע שטעלערס און אונטער זיין קאמאנדא האבן זיי צענומען ביי נאכט די ציגל, וואס זיי־נען געווען אנגעגרייט פאר דעם נייעם בנין און אויסגעלייגט מיט די ציגל א וועג ביז צום בית עלמין.

צו מארגנס האט דער גביר באלייגט די פון אים פאר־לאנגטע סומע און צוגעזאגט, אז מהיום והלאה וועט ער שוין זיין גוט און פרום ..

## פארטוישט די יוצרות

אין א שיינעם ווינטער טאג האבן זיך די כזשאנאווער בעלי־בתים אויפגעכאפט פונעם שלאף און זייער שטאט ממש

ניט דערקענט, אויף דער וווינונג פונעם דאקטאר איז געהאנגען א שילדל פונעם קצב אוןביים שוסטער די שילד פון דער אפ־טייק א. א. וו. תחילת האבן ווייבער געזאגט, אז דאס איז א „שטיקל“ פון די „ניט גוטע“ רחמנא ליצלן, אבער שפעטער האט זיך ארויסגעוויזן אט וואס.

אזוי ווי די שטעלערס זיינען אויף געווען ב״י נאכט, לרוב אין שטאטישן בית־המדרש און פלעגן דארט אנמאכן הזיקות, האבן די גבאים באשלאסן צו פארמאכן אויף דער נאכט דאס בית־המדרש און די שטעלערס דארט מער ניט ארייננלאזן. די שטעלערס האבן אבער באלד באשלאסן נקמה צו נעמען, אז די שטאט זאל זיי האבן צו געדענקען. זיי האבן אין דער זעלבער נאכט אראפגענומען אלע שילדלעך פון די קראמען און זיי פאר־טוישט, און דאס האט פאראורזאכט אזא סומאַטאכע, אז די בעלי־בתים זיינען געקומען און זיך געבעטן ביי די שטעלערס צוריק־צוקומען אין בית־המדרש.

## אברהם׳לע בענטשער

אין כזשאנאוו איז אין די פריערדיקע יארן געווען א ייד, א האלבער חסר־דעה און א גאנצער שאינו יודע לשאול. גערופן האט מען אים אברהם׳לע בענטשער. און בענטשער האט מען אים גערופן דערפאר, ווייל זייענדיק איינזאם אן א ווייב און קינ־דער און ארעם דערצו, האט ער זיך געדרייט אויף אלע חתונות און לויות, אין שול און אין מקוה און בכלל ווו יידן זיינען זיך נור צוזאמענגעקומען. באקומענדיק פון עמיצן א נדבה, א שטיקל לקח, אדער א טרינק בראנפן האט ער דערפאר אנגעוווּנטשן מיט כל המיני ברכות.

זייענדיק א קינד האב איך זיך ניט געקענט פארשטעלן דאס לעבן אין שטעטל אן אברהם׳לע בענטשער. האט זיך אין יום כפור צו כל נדרי א ליכט אין שול פארשמאלצן, אדער פאר־בויגן האט אברהם׳לע בענטשער תיכף געבראכט אן ערל עס אויסצוגלייכן. די חופה שטאנגען אויף חתונות און דעם כסא של

דאס שטאטישע גרויסע בית־המדרש



מערב זייט — הויפט איינגאנג

אליהו אויף ברית מילות האט געבראכט אברהם׳לע בענטשער. און אויך בשעת א לויה האט זיך אן אברהם׳לע בענטשער גאר־ניט אנגעהויבן.

ווי עס טרעפט זיך אפט איז אויסגעבראכן א מגפה אין שטעטל. מיט עטלעכע און פערציק יאר צוריק איז א מגפה ניט געווען עפעס אן ענין פון דאקטוירים. גיכער איז דער שעיר לע־זזל ביי אזא מין עפידעמיע געווען — די שטעטלדיקע חטאים. מען האט געזוכט, געבישטערט און ענדלעך אויסגעפונען, אז די יונגע „פארפעלקער" זיינען ניט געגוג נזהר.. דהינו, די בעטן שטייען ניט געגוג אפגערוקט ווי עס דארף זיין און מאנכע יונ־גע ווייבלעך זיינען ניט געגוג מקפיד מיט די שייטלעך און קע־מען זיך בגנבה צו די אייגענע האר, רחמנא ליצלן. אזעלכע מיני חטאים פארלאנגען א קרבן. דארף מען הייסט עס, ווי דער מנהג איז דעמאלט געווען — כדי אפצושטעלן די ארבעט פונעם מלאך המות — חתונה מאכן א יתום מיט א יתומה און די חופה דארף זיין לויט דעם אנגענומענעם מנהג — אויפן בית־עולם. דאס שטעטל האט געהאט א קלאפאט. ווי נעמט מען דא א יתום מיט א יתומה? און נאך דערצו זיי זאלן באשטיין אויף א חופה צווישן די שוכני עפר.

פאר דעם וויצלינג משה מיזל איז דאס פראבלעם בכלל ניט געווען שווער. ער האט באלד געפונען א לייזונג, אי מקים צו זיין די מצוה פון הכנסת כלה און אי — דאס שטעטל אויפ־צוהייטערן ס׳זאל ממש פארגעסן וועגן דער מגפה.

ווי איר וועט זיך אוודאי אנשטויסן איז דער חתן געווען ניט קיין אנדערער ווי אונדזער אברהם׳לע בעיטשע. אלט זייענ־דיק דעמאלט איבער 60 יאר איז ער פארשטייט זיך געווען א קיילעכדיקער יתום.

אויך א יתומה האט זיך אפגעזוכט. די כלה איז אויך דעם יונגען כזשאנעווער דור גוט באקאנט. דאס איז געווען די בא־קאנטע הינדזשע, וועלכע האט אין די לעצטע יארן געטראגן אויף זיך גאנצע פעק מיט מלבושים ניט ווילענדיק זיך שיידן מיט זיי אויף קיין איין מינוט. זי איז אין איר יוגנט געווען ממש א יפת־

תאר, נור גלייכצייטיק געווען, ווי מען פלעגט זאגן אין כזשאנאוו — אביסל באגנבעט..

ווי איך האב שוין דערמאנט איז דער גלאוונער מחותן אויף דער חתונה געווען דער אויבנדערמאנטער משה מיזל און די איבריקע מחותנים און געסט די שטעלערס.

די חופה האט מען געשטעלט אין א שבת צו נאכטס, אויפן בית־עולם. וואס ס'האט זיך דארט אפגעטון קענט איר זיך אליין פארשטעלן. ניט נור די לעבעדיקע האבן זיך משמח געווען, נור אפילו די מתים אין זייערע קברים — האבן זיך געקאטשעט פאר געלעכטער. א חופה וועטשערע איז געפראוועט געווארן כיד המלך. מ'האט געזונגען און געטאנצט ביזן ווייסן טאג אריין און די שטעלערס זיינען אהיימגעקומען שיכור ווי לוט...

והמגפה נעצרה.

בעריש זשולטי

# „מה טובו אוהליך כזשאנאוו“

ווען מיר טרעטן צו צו כאראקטעריזירן אין אלגעמיינע שטריכן אונדזער שטאט איז עס פאר אונדז ניט נויטיק באהערשט צו ווערן פון סענטימענטן און געפילן, וואס יעדער ייד פילט צו זיין געבורט און וווין־שטאט. בליקנדיק צוריק צו אונדזער אמאליקן לעבן, ווילן מיר זיך באפרייען פון סוביעקטיוון פאטריאטיזם לגבי אונדזער שטאט און טראָץ דעם באהויפטן בפה מלא, אז כזשאנאוו אלס יידישע שטאט איז ראוי צו פארנעמען א בכבוד'דיקן פלאץ אין דער געשיכטע פון יידישע ישובים אין פוילן. עס וועט זיכער ניט זיין קיין גוזמא צו זאגן, אז כזשאנאוו פארדינט אויסגעטיילט צו ווערן פון א סך אנדערע און אויך גרעסערע יידישע שטעט אין פוילן. זי פארדינט עס ניט בלויז צוליב איר תמצית'דיקן יידישן תוכן, ניט בלויז דערפאר, וואס אין כזשאנאוו האט פולסירט א קערנדיק, זאפטיק יידיש לעבן נור אויך דערפאר, וואס די שטאט האט אויף איר אויסערלעכן לבוש געטראגן א בולטן יידישן חותם.

כזשאנאוו האט פארמאגט א צאלמעסיקע יידישע מערהייט. (א לאנגע צייט אויך א יידישן בירגערמייסטער) כדי צו מאיאריזירן די יידישע באפעלקערונג און אפצושוואכן איר לעגיטימען כח האט די גויאישע שטאט פארוואלטונג געמוזט פאראייניקן כזשאנאוו מיט די ארומיקע דערפער. זאלן מיר דא אין דעם פרט פון דער אויסערלעכער יידישער צורה פון דער שטאט, געבן א ווארט אונדזערע גרעסטע שונאים, דאס איז די היטלעריסטישע פרעסע.

אין מיין האנט האט זיך ביז 1945 געפונען אן ארטיקל פון דער „אסטדויטשער מארגענפאסט“ פון 17 מערץ 1942 מיט דער איבערשריפט „די שטאט קרענוי“ (כזשאנאוו). ביי דער דעזאינ־פעקציע אין בוכנוואלד איז עס מיר אפגענומען געווארן — עס איז כדאי צו ציטירן אַייניקע זאצן, וואס איך געדענק נאך בעל פה.

**Die Stadt Krenau (Chrzanow)**

Vom Altreich herkommend, Richtung Generalgouwernement Distrikt Krakau zu, stossen wir zum ersten Male auf einer Stadt, die durch ihr ausgesprochenes jüdisches Strassenbild, mir, ein besonderes negatiwe Gepräge geben. Hier wimmelt es von Typen, die durch ihre Tracht und Benehmen allzudeutlich gekennzeichnet sind, hier beherrschten die Juden einst, das gesamte Stadtleben, ihren Handel und Industrie, heute, sind sie aus ihren Zentrum isoliert worden und werden eines Tages, ganz aus der Stadt verschwinden.

מיר זעען, אז אפילו בשעת דער מלחמה, אין דער צייט, ווען יידן אין כזשאנאוו זיינען געווען געצוווּנגען צו באשיידנקייט און האבן געמוזט מקיים זיין דעם „כל כבודה בת מלך פנימה“, אויך דעמאלט האט דער אויסגעשפּראכענער יידישער כאראקטער פון דער שטאט אויסגעשטאכן דאס אויג פון היטלע־ריסטישן רעפּארטער. מיר גלויבן, אז די גרויסע שנאה, וואס איז אויסגעדריקט געווארן אין די אויבּיקע זאצן פון דעם דערמאנטן ארטיקל כאראקטעריזירט אמבעסטן דאס יידישע כזשאנאוו. און ווען מיר רעדן שוין. פון דער צורה פון יידישן כזשאנאוו, מוזן מיר צוגעבן, אז דעם הויפּט־חלק אין איר יידישן אויסזען און כאראקטער האט געהאט דער רעליגיעזער און חסידישער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג. מען דארף דערמאנען מיט וועלכן פארנעם און גלאנץ עס האבן אין כזשאנאוו „געטישט“ רביים מכל אפסי ארץ. מיט וואס פארא ברייטהארציקייט עס

איז צוגעגרייט געווארן זייערע קבלת פנים און געזעגנונגס־אוונטן בשעת וועלכע מען האט פראנק און פריי געטאנצט און געזונ־גען אין די גאסן. חדשים שפעטער נאך האבן גויים געקענט זינגען דעם חסידישן „קול רנה וישועה" מיט דער מעלאדיע און אינהאלט ווי א פאפולער לידל. יא, יידישקייט אין טאג־טעגלעכן לעבן האט מען אין כזשאנאוו ניט נור געזען, נור אויך געהערט. אין אונדזער זכרון ליגט נאך דער קול תורה, וואס האט אפגעהילכט אין די גאסן פון פארשידענע חסידים־שטיבלעך, וועלכע האבן זיך, א חוץ דעם קאנצענטרירטן געביט פון דער שול און תלמיד־תורה אויך געפונען אין צענטער פון דער שטאט.

אויב אונדזערע חז"ל, זאגן אז „כל עיר שאין בה עשרה בטלנים אינה כרך" (א שטאט, וואס האט ניט אירע סטאבילע צען תורה־לערנער, קען ניט גערעכנט ווערן פאר א גרויסע שטאט). טא האט אין כזשאנאוו זייער צאל דערגרייכט אין די צענטליקע און הונדערטע. דער רוב פון זיי זיינען געווען לומדים, וועלכע האבן זיך קונה שם געווען אין דער גאנצער וועלט מיט זייער חריפות און בקיאות ווי אויך דורך אייגענע חבורים. דער חסידישער פאקטאר, וואס האט שוין ווי געזאגט באאיינפלוסט דעם לבוש פון דער שטאט, איז געווען נור א פראגמענט פון יידישן אלגעמיינעם קולטור־לעבן. די אויסערלעכע צורה איז געווען, נור אן אפשפיגלונג פון טיפן רייכן יידישן אינהאלט.

אין כזשאנאוו איז געווען קענטיק די טעטיקייט פון יידישע ארגאניזאציעס מכל המינים שהוא. מיר האבן אין כזשאנאוו פארמאגט ניט בלויז א קערנדיקן יידישן מיטל־קלאס, נור אַויך א שפע׳דיקע יידישע אויבערשיכט און א שטארקן, ארגאניזירטן בעל־מלאכה קלאס. מיר האבן געהאט רייך אנטוויקלטע ציונים־טישע און סאציאליסטישע פארטייען. דאס מערקווירדיקסטע איז אבער דאס וואס אין כזשאנאוו האבן, ווי אין ווייניק אנדערע יידישע שטעטלעך אלע פארטייען געלעבט צווישן זיך ניט בלויז בשלום, נור אויך אין א געוויסער הארמאניע.

א באזונדער קאפיטל אויף וועלכן עס איז זיך כדאי אפ־צושטעלן איז דער שבת אין כזשאנאוו.

דער שבת איז געווען אזוי צו זאגן כולו יידיש, ביאליק׳ס „שבת המלכה" האט אין שבת בילד פון אונדזער שטאט גע־פונען איר פולן זין און איר פולשטענדיקעווירקלעכקייט. דער שבת אין כזשאנאוו האט אנטפלעקט דעם מהות פון יידישקייט אין אלע אירע אספעקטן. ניט בלויז די שטילקייט און די גע־שעפטלעכע מנוחה, וואס האבן געהערשט שבת אין די גאסן האבן געלייגט דעם הותם אויפן יידישן לעבן, נור אויך די באַ־וועגונג און דער שטראם פון יידן מיט שטריימלעך און כאלאטן פון און צום דאווענען האבן צוגעגעבן דעם לעבן קאלאריט און שפעציפיש יידישן חן. גיין שפאצירן אויף די „פלאנטן" מיט שטריימל און שבת׳דיקן כאלאטל האט געהערט צו די נארמאלע דערשיינונגען. די שילדערונג פון א ייד, וועלכער גייט אין שבת מיטן שטריימל אנטרינקן זיין פערד איז אין כזשאנאוו געווען א נארמאלע דערשיינונג.

טראצדעם וואס יידן האבן געבילדעט א שטרענג אפגעזונדערטע געזעלשאפט איז דער אנטיסעמיטיזם אין כזשאנאוו געווען א נישטיקער. פארקערט, די שטארקייט פון יידישן קבוץ האט אים געמאכט פאר א כח כלפי חוץ. דא ווילן מיר דערמאנען, ווי עס האט דער גויאישער שטאט־ראט מדקדק געווען, אז סיי פאליטי־שע פייערונגען און פאראנשטאלטונגען זאל דער רב, אדער דער פארטרעטער פון יידישן צבור רעדן און אפעלירן צו דער באפעל־קערונג אין יידיש. (מיר געדענקן נאך דאס ווערטל אין דער צייט פון פוילישן בירגערמייסטער גדולא, אז דער רב האט פאר־נומען ביי אים זיין פלאץ צו א דרשה איז געווען „תורה וגדולה במקום אחד"...) מיר זיינען געווען א כח אין כזשאנאוו ניט נור אן איכות׳דיקער, נור אויך א כמות׳דיקער. מיר האבן געהאט אונדזערע אייגענע ריש בריוני, וועלכע מיר האבן צום גליק קיינ־מאל ניט באדארפט אויסנוצן.

היינט ווען אט די אזוי פולסירנדיקע יידישע שטאט איז פארוואנדלט געווארן אין א בית־עלמין פון קדושים, היינט, פאראייניקן אונדז נור די זכרונות פונעם גלארייכן עבר. ניט קיין זכרונות זיינען דאס. עס זיינען לעבעדיקע סימבאלן פון יידי־

שער נצחיות, וואס .זיינען פארבונדן מיט אונדזער שטאט. דער טיפער נאציאנאלער באוווסטזיין, דער קולט פאר ליבע און גערעכטיקייט, וואס איז איינגעקריצט אין אונדזערע הערצער און מוחות פירט אונדז איצט אין א בעסערער צוקונפט. מיט דעם רייכן באגאזש פון אונדזער פארגאנגנהייט וועלן מיר בלי ספק זיין בכח צו שמידן אונדזער עתיד און דעם פאדעם פון נצח ישראל ווייטער צו שפינען. מיר קוקן דערפאר מיט שטאלץ צוריק צו אונדזער אמאליקן יידישן לעבן און הגם דאס הארץ טריפט פון ווונדן פון דער קאלאסאלער אבדה רופן מיר פארט מיט פולן פאטאס אויס: מה טובי אוהליך כזשאנאוו!

# ארייננפיר

הגם דער סיסטעם פון די היטלעריסטישע רוצחים און די אויסראטונגס מעטאדן זיינען אומעטום געווען כמעט די גלייכע, זיינען די מערדערייען דא אין כזשאנאוו, ווי בכלל אין דעם טייל פוילן, וואס איז אנגעשלאסן געווארן צום דייטשן רייך, אויסגעפירט געווארן כלומרשט „געזעצלעך" מיט „יורידישע" באצייכנונגען. דער גאנצער בארבאריזם אין כזשאנאוו איז געווען כלומרשט אין איינקלאנג מיט דער נארמאלער דייטשער געזעצגעבונג. עס האט פונקציאנירט די פאליציי מיט ארדנונגס־מעסיקע איינריכטונגען, זיכערקייטס־ארגאנען פארן שוץ פונעם יחיד, א לאנדראטס־אמט (סטאראסטווע) א דייטש ארבעטס־אמט א. א. וו. צו אלע דייטשע אמטן האבן יידן געהאט צוטריט. יידן האבן געצאלט נארמאלע שטייערן, באקומען אפילו לעבנסמיטל־קארטן צוזאמען מיט דער ניט יידישער באפעלקערונג. דאס שפעטערע געטא איז ניט געווען ארומגעצוימט מיט א פארקאן, אדער שטאכל־דראט. דער וועג ארויס איז געווען פריי און אפן.

דאך האבן כזשאנאווער יידן מאראליש מער געליטן ביז זייער אומקום ווי די איבריקע יידן אין אנדערע טיילן פון פוילן און ליטע. און דאס איז צוליב דעם, ווייל כזשאנאווער יידן האבן נאך פון דורות פריער, וווינענדיק אויף דער גרענעץ פון דייטשלאנד גוט געלעבט מיט די דייטשן, געפירט מיט זיי מסחרים, געגלויבט אין זייער אנשטענדיקייט און הויך געשעצט די דייטשע קולטור און אלס קאנסעקווענץ דערפון זיך ניט שטארק געשראקן פאר זיי. געוווסט האט מען, אז די דייטשן זיינען נאריש, טעמפ. אבער טוען דאס, וואס זיי האבן געטון, האבן כזשאנאווער יידן אין קיין פאל ניט געקענט און ניט געוואלט גלויבן...

מהאי טעמא איז אויך אנשטאנען צווישן כזשאנאווער יידן א פאלשער אפטימיזם, וואס האט דערפירט, אז נור זעער אַ קליינער טייל פון כזשאנאווער יידן האט זיך געראטעוועט פון דער שרעקלעכער שחיטה.

ניט איינער וועט זיך פרעגן, ווי קומט עס, אז איי אזא נאענטן מרחק פון אוישוויץ, אינגאנצן 18 קילאמעטער האבן כזשאנאווער יידן ניט געזען וואס עס טוט זיך?... די זעלבע פראַגע האבן מיר זיך אליין געפרעגט. אבער ערשט דעמאלט, ווען עס איז שוין געווען צו שפעט.

מען האט בשעת דער גאנצער אקופאציע־צייט געגלויבט, אז דאס, וואס איז געווען ערגיץ אנדערשוווּ וועט דא אין כזשאנאוו ניט פאסירן. ווייל דא, האט מען געמיינט, וועלן זיך די דייטשן באנעמען „קולטורעלער". די דאזיקע מיינונג האט געהאט א געוויסע בארעכטיקונג, ווייל ווי שוין דערמאנט האט דא געהערשט הגם א נאצישע, אבער דאך א געוויסע „געזעצלעכקייט". די שיקאנעס און אפילו די מערדערייען האבן געטראגן דעם סטעמפל פון א כלומרשטער לעגאליטעט. יעדע געמיינהייט איז אדורכגעפירט געווארן מיט א סדר, מיט ישוב הדעת, מיט מער געמיטלעכקייט און „זאכלעכע" תרוצים ווי אין איבריקן פוילן אַון גאליציע, וווּ די מאסן רציחות זיינען פארגעקומען אפן און ברוטאל לעיני השמש.

צו דעם דאזיקן אפטימיזם האט ניט ווייניק בייגעטראגן די טאקטיק פון דער צענטראלע פון די יודנראטן אין סאסנאוויץ. עס לאזט זיך בשום אופן ניט גלויבן, אז דער לייטער פון די יודנראטן מערין האט ניט געוווסט, וואס עס הייסט אויסזידלונג. ווייל פאקטיש זיינען די אויסזידלונגען אין כזשאנאוו פארגעקומען נאך דעם, ווי זיי זיינען פארגעקומען פריער אין סאסנאוויץ, אדער אין בענדין. אנשטאט צו קומען און ווארנען די יידן פאר דעם אומגליק, וואס עס גרייט זיך, אנשטאט צו רופן „יידן ראטעוועט אייך, ווייל איר האט ניט מער וואס צו פארלירן" — האט ער זיינע אייגענע ברידער באהאנדלט מיט שקרים, דערציילט זיי פארשידענע מעשיות, אבי ניט צו דערציילן

דעם רייגעם אמת, פון וועלכן א סך יידן וואלטן לויט אונדזער מיינונג געווען געצווינגן דערפון די געהעריקע קאנסעקווענצן.

מען קען דעריבער ניט האבן קיין צו גרויסע טענות צו די מיטגלידער פונעם כושאנאווער יודנראט, וועלכע האבן בעת דער טאטאלער אויסראטונג, אין קעגנזאץ צו דעם פריער אומגעקומע־נעם בצלאל צוקער, — געטאנצט ווי אויסדרעסירטע בערן לויטן טאקט פון דער סאסנאווצער מוזיק..

ווען עס וואלטן אפילו אויפגעשטאנען פון זייערע קברים די געלערנטע לאמבראזא און זיגמונד פרויד, וואלטן זיי ניט גע־קענט דערגרונטעווען די פסיכיק פון די מענטשן, וועלכע האבן אנגעפירט מיט דעם יידישן לעבן בעת דער אויסראטונג. מענטשן מיט א סטאזש פון געזעלשאפטלעכער ארבעט און טיפן פאר־שטאנד האבן ווי געטרייע הינט אויסגעפירט די דייטשע בא־פעלן, געגנוג צו דערמאנען כאטש איין טרויעריקן פאקט. דער לעצטער מיטגליד פון כושאנאווער יודנראט, וועמען די דייטשן האבן איבערגעלאזט צו ליקווידירן „טעכניש" דעם יודנ־ראט גופא, נאכדעם ווי מען האט שוין געהאט אלע כושאנא־ווער יידן אוועקגעפירט צו די גאזקאמערן; דער מענטש, וועלכער האט אליין געזען ווי מען פירט זיינע ברידער און שוועסטער צו דער שחיטה — האט אויפן באפעל פון די דייטשן צוויי טעג נאך דער לעצטער אויסזידלונג אויפגעפאדערט די עטלעכע יידן, וועלכע זיינען נאך געווען פארשטעקט אויף די בוידעמער און קעלערס זיי זאלן ארויסקומען פון זייערע באהעלטענישן און זיך שטעלן פרייוויליק צו דער דיספאזיציע פון דער פאליציי. ער א־ליין איז בכבודו ובעצמו ארומגעגאנגען אין די שוין לערע יידי־שע הייזער און געשריגן בקול רם, אז די יידן זאלן ארויסקומען פון זייערע פארשטעקטע מקומות, אז עס וועט זיי חלילה גארניט געשען. און די עטלעכע יידן, וועלכע האבן אויך דאס מאל גע־גלויבט זיינען ארייגעפאלן אין די בעסטיאלישע דייטשע הענט.

וואלטן יידן געקענט דעם נאקעטן אמת, די שרעקלעכע ווירקלעכקייט, וואלטן זיך פיל כושאנאווער יידן ובפרט די יונ־גערע געקענט ראטעווען אינדיווידועל פון אונטערגאנג. די מוש־

לים אין סאסנאוויץ האבן איינגערעדט זיך און אויך אנדערע, אז אויב מען וועט זיין גוט און פרום און דערפילן דעם ווילן פון די דייטשן, איז דא אן האפנונג פאר א טייל צו בלייבן לעבן. מיר ווילן ניט זאגן, אז דאס איז געמאכט געווארן מיט א כוונה, מיט אן עגאאיסטישער אויסרעכנונג, בכדי צו ראטעווען דאס אייגענע לעבן. גיכער איז עס געווען פון זייער זייט א נאאיווער גלויבן אין דער אויפריכטיקייט פון די דייטשן און א מאנגל פון אנטשלאסענער פאראנטווארטלעכער האנדלונג. אין פארגלייך צו אנדערע יידישע שטעט איז דא אין כזשאנאוו צוגעגאנגען די פארניכטונג פון די יידן לאנגזאמער, אויסגערעכנטער און צוליב דעם אפשר גרויזאמער ווי ערגיץ אנדערשוווּ.

אין צווייטן טייל האב איך זיך באמיט צו שילדערן כראנאלאגיש דעם אומקום פון כזשאנאווער יידן, מיין כוונה איז צו שאפן אין פשוטע ווערטער א בילד פאר די צוקונפטיקע דורות, וואס זאלן וויסן, אז עס איז אומגעקומען א שטאט מיט יידן, ערלעכע ארבעטסזאמע, וועלכע האבן ביז זייער אומקום נאך געגלויבט אין מענטשלעכן יושר.

# ערב קריג

דער אויסברוך פונעם קריג איז ניט געקומען פאר כושא־נאָו אומדערוואַרטעט. שוין אין אויגוסט 1939 האָט מען אָנגע־הויבן צו פילן די הייסע לופט און אַן אינערלעכן פחד פאַר דעם אָנקומענדיקן. די נאָענטקייט פון דער דייטשער גרענעץ און דאָס קאָנצענטרירן פון פוילישן מיליטער אין אויבער־שלעזיע האָט געמאָנט די באַפעלקערונג צו אַ חשבון הנפש. פון דעם 23־טן אויגוסט אָן, ווען עס איז געשלאָסן געוואָרן דער דייטש־סאָ־וויעטישער פאַקט האָט זיך די לאַגע אַזוי ווייט פאַרשאַרפט, אַז אַלץ איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון פאַניק און בהלה. כושא־נאָוו, וואָס ליגט אויף דעם הויפּט־וועג קאַטאָוויץ־קראָקע האָט מיט אייגענע אויגן געזען דאָס אַנטלויפן פון דער באַפעלקערונג ביי־דער דייטשער גרענעץ. לאַנגע אויטאָ־קאַלאָנעס האָבן זיך געצויגן דורך דער שטאָט, באַלאָדן מיט מענטשן און שטוב־חפצים. גע־צויגן וואָס טיפער אין לאַנד, כדי צו זיין וואָס ווייטער פונעם שונא. אכט טעג אַן אַן הפסקה איז דער פאַרקער ניט אָפּגע־שטעלט געוואָרן אויף קיין איין מינוט. דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן איז כמעט ווי אָפּגעשטאַרבן געוואָרן, מען האָט אויפגע־הערט צו גלויבן אין מאָרגנדיקן טאָג.

די מער פאַרמעגלעכע כושאַנאָווער ייִדן האָבן זייערע ווערט־פולע חפצים אַוועקגעשיקט צו זייערע קרובים און באַקאַנטע. ווער עס האָט געהאַט די מעגלעכקייטן האָט אויך זיין פרוי און קינדער געשיקט אויף אַ מער זיכער אָרט. די לאַגע פון די שלעכט־סיטואירטע סוחרים און קרעמער, קליינע אינדוסטריע־לער און בעלי מלאכות איז אין די לעצטע טעג פאַרן קריג גע־געוואָרן קאַטאַסטראָפאַל צוליב דעם געיעג נאָכן מזומנעם גראָשן.

דער דאזיקער מצב איז אנטשטאנען צוליב דעם, וואס די באַ־פעלקערונג האט זיך אפגעהאלטן פונעם קויפן. יעדער איינער האָט זיך געוואלט פארזיכערן מיט באר געלט אויף דער שלעכ־טער צייט אין פאל פון מלחמה.

אין די שטובן איז מען געווען שטארק באשעַפטיקט ביים פארטונקלען די פענסטער. די שטימונג ביי די פאלאקן איז גע־ווען א מער פעסימיסטישע. זיי האבן דעם קריג דערווארט מיט דער פולער זיכערקייט. ביי יידן זיינען די מיינונגען נאך געווען געטיילט. א טייל האט ניט געגלויבט אין אויסברוך פונעם קריג. עס איז כדאי צו פארצייכנען, אז איין אוונט פאר דעם קריגס־אויסברוך האבן פאלאקן פון דער רעגירונגס־פארטיי גערופן א מיטינג מיט לאזונגען פון קאמף קעגן דעם יידישן האנדל..

פרייטיק דעם 1־טן סעפטעמבער 1939 6 א זייגער אין דער פרי נאך איידער מען האט געוווסט פון קריגס־אויסברוך האבן שוין דייטשע פליער באמבארדירט דעם טשעבינער באן־הויף ביי וועלכן עס זיינען געפאלן די ערשטע קרבנות. די בהלה איז גע־ווארן שטארקער פון מינוט צו מינוט. די ראדיא ידיעות האבן שוין איבערגעגעבן, אז מען באמבארדירט קראקע. דער באן־פארקער איז כמעט אינגאנצן אפגעשטעלט געווארן. דאס גלייכע אויך די אויטאבוס ליניע קאטאוויץ — קראקע. דעמזעלבן טאָג נאכמיטאג און שבת דעם גאנצן טאג האבן געשטראמט פליטים מיט ווייבער און קינדער אויף פירן און דאס רוב צו פיס אין די פּוויזנטער דורך דער שטאט. גרעסטנטייל פאלאקן פון אויבער־שלעזיע. דאס געפיל אליין, אז אפילו די פאלאקן האבן מורא פאר די היטלעריסטישע חילות האט געווירקט דעפרימירנדיק אויף די כזשאנאווער יידן.

זונטיק דעם 3־טן סעפטעמבער האבן יידן שוין אנגעהויבן לויפן פאניקארטיק, ווער מיט א פור און ווער מיט אן האנט־וועגעלע, אדער ראווער. דער רוב אבער איז אוועק צו פוס זינ־טיק פארנאכט און מאנטיק אין דער פרי וואהין די אויגן האבן געטראגן, איבערלאזנדיק די שטוב מיטן פארמעגן אַויף הפקר.

# די ערשטע צייט מיטן דייטש ביז 1940

מאנטיק דעם 4־טן סעפטעמבער 1939 זיינען די היטלע־ריסטישע הארדעס ארום מיטאגס־צייט אריין געקומען און שטאט. זייער ערשטע ארבעט איז געווען כאפן מענטשן אין די גאסן, יידן מיט פאלאקן און זיי אלע איינשפארן. יידן אין שול און פאלאקן אין קאשציאל. וואס דער מיין איז געווען דערביי האט קיינער ניט פארשטאנען. געטון האט מען קיינעם גארניט. צו־מארגנס האט מען אלע ארויסגעלאזט אויף דער פריי. יידן דער־פילנדיק אינסטינקטיוו וואס עס דערווארט זיי פון דאזיקן „הערנ־פאלק" האבן זיך אויסבאהאלטן אין די שטובער, מורא האבנדיק ארויסצוווייזן דעם קאפ אויפן גאס.

באלד אין די ערשטע טעג האט זיך אנגעהויבן פילן א מאנגל אין עסנווארג. ווילנדיק, אדער ניט ווילנדיק האט מען געמוזט ארויסגיין אין גאס זוכן עסן, בכדי ניט צו הונגערן. ביי די בעקערס האט מען זיך געמוזט אָנשטעלן אין א ריי צו באַ־קומען א שטיקל ברויט דאס חיות צו דערהאלטן. און דא זאבן מיר דערלעבט די ערשטע אנטוישונג. מיר האבן געפילט און זיך אפגעגעבן א ניכטערן דין ־ וחשבון וואס עס דערווארט אונדז פון די דייטשן. מיר זיינען געווען פסיכיש צוגעגרייט אויף מאראלישע און פיזישע יסורים. אבער באלד האבן מיר באקו־מען דעם ערשטן קלאפ דוקא פון אונדזערע „ליבהארציקע", נעכטיקע שכנים, די פאלאקן. זיי זיינען עס געווען די, וועלכע האבן אויפמערקזאם געמאכט די דייטשע זעלנער, וועלכע האבן נאך ניט געקענט אונטערשיידן צווישן ייד און פאלאק — אז יידן שטייען אויך אין דער ריי אויף ברויט און זיי האבן, ניט קע־נענדיק קיין דייטש מיט שטים־לשון אנגעוויזן „יודע".

# דער ערשטער קרבן

דער ערשטער יידישער קרבן פון די דייטשע חיות אין כזשאנאוו איז געווען ר׳ חיים רייבער׳ס א־ידעם, א יונגערמאן אביסל א טויבלעכער. ביים אריבער גיין די גאס האבן אים די דייטשן געוואלט פארהאלטן. ניט הערענדיק זייער „האלט" האבן זיי דעם יונגערמאן דערשאסן אויפן ארט. טראץ דער מורא ארויסצוגיין אין גאס האבן זיך די וויניק אין שטאט פארבלי־בענע יידן מיט דעם חברה קדישה עסקן וואלף שיף הי״ד בראש מתעסק געווען מיט דעם קדוש און שטילערהייט אים קובר געווען אויפן בית־עלמין. נאך דער קבירה האט א פוילישער שגץ אנ־געוויזן די דייטשע זעלנער, אז יידן געפונען זיך אין א געהיי־מער מסיע אויפן בית־עלמין. די דייטשע זעלנער האבן מיט א קאלטבלוטיקער רציחה צונויפגענומען 15 יידן און אוועקגעשטעלט זיי נעבן דער מויער צו דערשיסן. עפעס על פי נס איז אנגע־קומען א העכערער אפיציר חוקר ודורש געווען וועגן וואס עס האנדלט זיך און די יידן באפרייט.

## די טשעבינער טראגעדיע

פרייטיק דעם 8־טן סעפטעמבער האבן די כזשאנאווער יידן, וועלכע זיינען אנטלאפן אין אנדערע מקומות מיט דער איבער־צייגונג, אז די פוילישע ארמיי וועט שטעלן א ווידערשטאנד, אנגעהויבן צוריקצושטראמען אין שטאט. די דייטשן זיינען שוין פאקטיש געשטאנען פאר די טויערן פון ווארשע. ווען די יידן זיינען שוין געווען אין טשעבין, א שטעטל 5 קלמ. פון כזשאנאוו האבן די דייטשן זיי מאסנווייז געכאפט און אומברחמנותדיק אלט

און יונג געשאסן, אריינוואַרפענדיק זיי נאָך לעבעדיגערהייט אין א גרוב נעבן דעם קלויסטער, ניט ווייט פונעם טשעבינער באַן־הויף. די דאָזיקע מאַסנווייזע דערשיסונגען האָבן אויך אנגעהאַלטן זינטיק דעם 10־טן און מאַנטיק דעם 11־טן סעפּטעמבער. דאָ זאָל פאַר דער היסטאָריע פעסטגעשטעלט ווערן, אַז די דאָזיקע קאַלטע און גרויזאַמע רציחה איז געוואָרן אויסגעפירט ניט פון ס. ס. געסטאַפּאָ, אָדער ס. ד., נור פון רעגולערע טיילן פון דער דייטשער אַרמיי. נאָך מער, עס איז געווען אַן אָפּטיילונג פון דייטשן אַרבעטס־איינזאַץ ביי דעם אַרמיי־קאָמאַנדאָ. מענטשן פון אַרבעטער קרייזן, וועלכע האָבן ניט איינמאָל אויסגעשריגן „פּריי־הייט" „ברידערלעכקייט" און „איינִיקייט". עס איז כדאַי צו באַ־מערקן, אַז קינדער פון מיצקיעוויטש'ס פאָלק האָבן מיט פרייד אַנגעוויזן די רוצחים, אַז דער, אָדער יענער איז אַ ייד. פון דער גרויזאַמער טשעבינער טראַגעדיע איז על פּי נס נצול געוואָרן איין איינציקער כזשאַנאָווער ייד שמחה שענבערג, היינט צו טאָג אין בעלגיע, ראַטעווענדיק זיך געשאָסענערהייט פון צווישן די הרוגים. אַט ברענגען מיר זיין גביאת עדות. מיר ציטירן ככתבו וכלשונו.

„אין יאָר 1939, אין צווייטן טאָג פון קריגס־אויסברוך מוצש'ק בין איך מיט מיין פרוי און זון אַנטלאָפן קיין קראָקע. מיטוואָך דעם 6־טן סעפּטעמבער 1939 האָבן די דייטשן אַריינמאַרשירט קיין קראָקע. אַרומוואַלגערנדיק זיך אַזוי ביז זינטיק, האָב איך באַשלאָסן צוריקצוקומען קיין כזשאַנאָוו, איבערלאָזנדיק מיין פרוי און זון אין קראָקע, בכדי זיך צוערשט אַרומצוזען וואָס עס טוט זיך אין שטעטל. אַרויסגייענדיק פון קראָקע האָבן מיר אַנגעהויבן צו פילן, אַז מיט די רוצחים איז ניט אַזוי פּשוט. דאָך האָבן מיר באַשלאָסן, איך און מיין ברודער מאָטל, וועלכער האָט אין דער צייט פאַרלאָזט די תפיסה צוליב אַ מסירה פון אַ ייד, ווייטער צו גיין (דער ייד געפינט זיך היינט אין תל־אביב) — מיט אונדז איז געווען נאָך אַ באַקאַנטער. אַזוי ווי מיר זיינען אַנגעקומען קיין בראָנאָוויץ 2 קלמ. הינטער קראָקע האָט מען אונדז געהייסן בלייבן שטיין מיט ווילדע אויסגעשרייען „באַנדיטן וווהין" ? „היר ווירד איר

קרעפירן" ! צום גליק איז אנגעקומען פון א שמאל געסל א קא־וואלעריע־רעגימענט און ווי דער דייטשער רוצח האט דאס דער־זען, האט ער אונדז געלאזט שטיין און זיך דערווייל אפגערוקט. און אין הארצן האבן מיר געדאנקט דעם רבונו של עולם פארן נס.

גייענדיק אזוי נאך צוויי קלם. באגעגנען מיר פון אונדזער שטעטל מאיר ראזענבוים מיט זיין גאנצער פאמיליע און האב און גוטס אויף א פורוועריק מיט א גויישן פורמאן. מיר האבן זיך געפרייט צו טרעפן אייניקע כזשאנאווער באקאנטע, בכדי צו־זאמען אהיימצופארן.

פארענדיק אזוי ווייטער האט מען אונדז ווידער אריינגע־גענומען אין א הויף ביי א קירכע צו ארבעט, נור אזוי ווי מיר האבן געזען, אז מען מיינט ניט ערנסט די ארבעט האבן מיר זיך באלד אויסגעלייזט מיט א פאר גילדן און מען האט אונדז ווידער פריי געלאזט. מיר זיינען ווידער אפגעפארן א היבש שטיק וועג און דא דערזען דעם ערשטן קרבן פון כזשא־נאוו, דעם באקאנטן קצב ר' קלמן זיגל הי"ד, ליגנדיק דערשאסן אין א רינטשאק.

מיר האבן באשלאסן וואס שנעלער א היים צו קומען, ווייל די לאגע קען פאר אונדז ווערן געפערלעך. 4 א זייגער נאכמי־טאג זיינען מיר אנגעקומען קיין קשעשאוויץ. דא האב איך ווי־דער באגעגנט מיין חבר חיים הירשטאל. ער האט געזאגט צו מיר: פאלג מיך שמחה, פאר ניט ווייטער. לאמיר איבערנעכ־טיקן אין קשעשאוויץ און דאן וועלן מיר זען וואס ווייטער צו טון. איך האב אבער געצויגן נור אהיים. איך האב געענטפערט, אז עס איז א שאד יעדע מינוט, עס ווערט שוין באלד נאכט, מען מוז זיך א ביסל צואיילן און אזוי האט טאקי פאסירט. איך האב זיך געזעגנט מיט חיים הירשטאל און מיר זיינען גע־פארן כמעט ביז דער לעצטער מינוט פון דער צייט־שפערע, ד. ה. ביז 7 א זייגער. און אזוי זיינען מיר אנגעקומען ביז טשעבין. אנקומענדיק קיין טשעבין אויפן רינג האבן זיך צו אונדז דער־נענטערט עטלעכע דייטשע רוצחים. מאיר ראזנבוים איז געווען זיכער, אז אלץ וועט אדורך אין בעסטער ארדנונג. איינער פון זיי

האט א פרעג געטון, „ביזטו יודע"? צוערשט האט ער געוואלט זאגן ניין. דער זעלנער א פנים, האט געמוזט דערקענען, אז ער איז א ייד, ניט ער א געשריי, וואס? „ביזט דו ניכט יודע"? און מאיר האט מורא באקומען און זאגט אוודאי גלייך „יא"! „דא פארסט מיט" האט זיך צו אים געווענדעט דער זעלנער. איך האב באלד אפגעצויגן מיט מיין ברודער פון דער פור. אויך ראזענבוים'ס פרוי מיטן זון און טאכטער זיינען מיט אונדז אוועק אין א קליין הייזל און מיר האבן פארקלאפט דאס טויער. דער לעצטער, וואס איז אריינגעקומען אין הייזל האט דערציילט, אז ער האט געזען, ווי די רוצחים האבן געהייסן גויעטעס זיך ארויפזעצן אויף דער פור און מאיר איז מיט זיי אוועקגעפארן. מיר האבן ביי זיך געטראכט, אז מאיר איז שוין פון לאנג אין דער היים. מיר האבן אים מקנא געווען. (מאיר ראזענבוים מיטן ברודער זיינען אויף אן אנדערע שטעלע דערמארדעט געווארן. באמערקונג פון מחבר).

זיצענדיק אזוי אין דעם שטיבל שטיל א גאנצע נאכט, ווענדעט זיך צו אונדז א פרעמדער ייד, וועלכער קוקט זיך גוט איין אין מיין ברודער מאטל. מאטל, דו דערקענסט מיך ניט? מיר האבן דאך צוזאמען געלערנט אין כזשאנאווער בית־המדרש! דער ייד איז געווען א טשעבינער. דעם ייד'ס פנים איז באגאסן געווארן מיט טרערן. וואס האט דיר פאסירט פרעגט אים מאטל. פרעג מיך ניט טייערער, איך דארף זאגן קדיש. איך האב געהאט אן איינציקן זון, ער האט געלערנט ביים טשעבינער רב. ביים אנטלויפן זיינען מיר אנגעקומען ביז קאליש. בשעת דער שריפה פון דער שול האט ער געוואלט ארויסראטעווען די ספרי תורות. ווי די רוצחים האבן דאס דערזען האבן זיי אים ניט מער ארויס־געלאזט פון דער ברענענדיקער שול און מיין קינד איז פארברענט געווארן מיט די ספרי תורות. איצט האבן מיר באשלאסן, אז מען טאר ניט ווארטן קיין איין מינוט. גאט וועט געבן טאג מוזן מיר פון דאנען עוקר זיין.

עס האט לאנגזאם אונגעהויבן צו טאגן, 6 א זייגער אין דער פרי האבן מיר באשלאסן, אז די טאכטער פון מאיר ראזענבוים

זאל ארויסגיין אין גאס א קוק טון, ווי די לאגע זעט אויס. דאס מיידל איז באלד צוריקגעקומען און געזאגט, אז אין גאס איז שטיל. מיר האבן אנגעפאנגען לאנגזאם ארויסצוגיין פונעם הייזל, און אנגעהויבן גייען ווייטער צו דער הויפט גאס, וואס פירט צום באן־הויף. אין דעם מאמענט האבן מיר פון דערווייטנס דערזען אין אן הויף מערערע זעלנער ביים וואשן זיך. מיר האבן פארקירעוועט אויף דער אַנדערער זייט גאס. און ווי מיר קומען שוין נאענט צו די זעלנער, הערט מען א געשריי: „קאמט מאל הער"! מען פירט אונדז אריין אין דער דארטיקער פאלקס־שולע. דארט זעען מיר דעם כזשאנאווער ייד זאגורסקי. ער דער־ציילט אונדז, אז דא איז זעער ביטער. מיט אונדז האט זיך אויך געפונען די פרוי זשימנאָוואדזקי. (א שוועסטער פון ראזענבוים) איר איז איינגעפאלן צו זאגן צו די רוצחים, גרים גאט! האט זי באלד באקומען א פאטש קוים זי האט זיך אויפגעהויבן. אונדז האט מען געהייסן זיך אויסטון נאקעט. אלע מענער און פרויען האט מען אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער וואנד און „די הענדע האך". זיי האבן אונדז צוגענומען אלץ, וואס מיר האבן נור געהאט. דעם גאנצן שמוק מיטן געלט און דער פרוי זשימ־נאוואדזקי האבן זיי מיט א מעסער אויפגעשניטן דעם ביוסטן־האלטער און אראפגעריסן א טאבעלע מיטן פארמעגן. עס דויערט ניט לאנג הערט מען פרישע מענטשן ברענגען.

די קולות זיינען דערגאנגען עד לב השמים. די שטוב איז געווארן פול מיט מענטשן. די טישן זיינען איבערדעקט מיט געלט אין די שווערע מיליאנען. די טאשן פון די זעלנער זיינען שוין געווען פול. מען האט אונדז פון דער שטוב ארויסגענומען און ארייגעפירט אין א שאפע און מיר האבן געמוזט קניען איבער 2 שעה. דאן האט מען אונדז געהייסן אויפשטיין און די רוצחים האבן געמאכט א שפאלער און אונדז פריי געלאזט.

ווי מיר זיינען שוין ארויס אויף דער גאס האבן מיר ערשט דערזען די כזשאנאווער אברהם קארנגאלד, יצחק גרובנער, יוסל קלאפהאלץ'ס זון און נאך אנדערע באקאנטע. יעדער האט זיך געוואונדערט און געפרעגט, ווי קומסטו דא אהער? און אזוי האבן

מיר א גרופע פון 13 מענטשן באשלאסן צו לויפן אהיים, אבי ניט אין דעם גיהנום צו פארבלייבן. ווי מיר קומען שוין אונטער דער בריק ביי דער ציגל־פאבריק פון גראף מישצעלסקי, פארט פארביי אן אויטא. מיר האבן דאס גארניט באמערקט. אין דעם מאמענט הערט מען א געשריי „האלט"! און עס שטייען שוין ביי אונדז עטלעכע מלאכי חבלה. „האבט איר וואפע"? מיר זאגן, אז מען האט אונדז ערשט רעווידירט, מיר פארמאגן גארניט מער. פלוצים זאגט איינער, „איר זענט דאס „אויסדערוויילטע פאלק"? רופט זיך אן קלאפהאליץ, „ניין"! זאגט דער דייטש וואס? ניין?. האבן מיר געמוזט שרייען 3 מאל „יא" און דאן האט ער געזאגט מיר זאלן שרייען 3 מאל „וויר זינד באנדיטן, וויר זינד דיעבע" און אזוי ווי מיר האבן דאס 3 מאל געשריגן, זאגט ער צו אונדז, „הענדע האך! איר ווירד וואס פאן אונדז ערלעבן, איר באנדיטן". און אזוי האט מען אונדז געפירט צוריק אריין אין דער ציגל פאבריק. דארט האט מען אונדז אריינגעשמיסן אין קעלער אריין.

נאך א קורצער צייט האט מען אונדז ווידער ארויסגעשלעפט פון קעלער אויפן הויף און ווידער געציילט. א זעלנער האט געפרעגט וויפיל האסטו? דרייצען „זאוואס! געסטערן האבן דיזע פערברעכער אונדזערע סאלדאטן מיט ראזיר מעסער געטעטעט, דאס מוס פערגאלטן ווערדן"! אין דעם מאמענט קומט ארויס נאך א זעלנער מיט א לאנגן פיסטאלעט, פרעגט אים דער אפיציר, האסטו געגוג פאטראנען מיטגענומען? יא, איז געפאלן דער ענטפער. מען האט אונדז ארויסגעפירט אויף דעם ספארט־פלאץ אין טשעבין און אזוי ווי מען האט געעפנט דאס טויער האבן מיר דערזען ביז 20 טויטע דערשאסן אין פארשידענע פאזיציעס. אונדז האט מען געיאגט „הענדע האך" ביז העט ארויף. די ערשטע 4 האט ער אנגעכאפט ביים קראגען און ארויפגעווארפן אויפן זאמד און געשאסן. דאן האט ער אונדז 9 מענער געהייסן אויסציען אויף דער ערד מיטן פ.ים אראפ. אין דעם מאמענט האבן מיר אנגעהויבן שרייען שמע ישראל. אויף דעם איז געקומען א חיה'יש געלעכטער: „זאל אייך דער יעהאווא העלפן" און

אזוי האט ער כסדר יעדן פון אונדז געצילט אין הארץ און גע־שאסן. איך בין געווען דער לעצטער. נאכן שיסן בין איך נאך געווען באוווסטזיניק. איך האב אויפגעהויבן דעם קאפ צו זען צו די רוצחים זיינען נאך דא. זעענדיק, אז זיי זיינען אלע אוועק האב איך מיט אלע כוחות מיך צוגערוקט ביז דעם פלויט און מיך איבערגעווארפן אויף דער אנדערער זייט. אויך מיין חבר יצחק גרובנער האט זיך איבערגעווארפן איבערן פלויט. מיט אלע כוחות האב איך מיך צוגעשלעפט צו א ייד קיין טשע־ביאנקא. פון דארט האט מיך מיין פרוי א פארוואונדעטן אהיימ־גענומען. 6 מאנאטן בין איך פארבליבן אין בעט.

דאס איז געווען כ״ז אלול, דעם 11 סעפטעמבער 1939, 10 א זייגער אין דער פרי. דער גאַנצער ספארט־פלאץ איז געווען באלאגערט מיט מיליטער, כדאי בייצוווינען די עקזעקוציע איבער טלעבע צענדלינג אומשולדיקע יידן.

* * *

גענויע צאל קרבנות, וואס די גרויזאמע שחיטה האט גע־פאדערט לאזט זיך שווער פעסטשטעלן. כזשאנאווער יידן אליין, וועלכע מען האט א צייט שפעטער מיט שווערע מי געבראכט צו א געמיינזאמען קבר ישראל האבן דערגרייכט אריבער 30. דער דעמאלטדיקער יודנראט האט געמאכט אלע באמיאונגען, כדי די דאזיקע קדושים צו עקסהומירן און זיי ברענגען קיין כזשאנאוו. פרעמדע יידן־הרוגים האט מען געבראכט צו קבר ישראל אויפן טשעבינער בית עלמין.

שוידערהאפטע סצענעס האבן זיך אפגעשפילט ביים עקס־הומירן די קדושים. דאס כזשאנאווער בית־דין האט ארויסגערופן די פארבליבענע פרויען, בכדי צו דערקענען זייערע אומגעקומענע מענער וועגן תקנת עגינות. (זיי זאלן שפעטער קענען חתונה האבן) נאך שוידערלעכער האט עס אויסגעזען ביי דער געמיינ־זאמער קבורה אויפן כזשאנאווער בית־עלמין. הימלען האבן זיך געמוזט שפאלטן פון די געוויינען און יללות פון די עלטערן, אלמנות און יתומים. אפילו די טלעבע פאלאקן, וועלכע האבן זיך דארט געפינען אלס צושויער האבן אויך מיטגעוויינט.



די מצבה פון די טשעבינער קדושים



דאס געמיינזאמע ברידער קבר פון די משעבינער קדושים
אויפן כזשאנאווער בית־עלמין.



אין יאר 1946 איז געשטעלט געווארן א מצבה פאר די ערשטע דערמארדעטע 30 כזשאנאווער יידן בשעת דער שחיטה אין משעבין. ארום דער מצבה די פארבליבענע שרידי כזשאנאוו.

# גייסלן

## (זאקלאדניקעס)

נאכדעם ווי ד׳ער קריג אין פוילן איז פארענדיקט געווארן און די מאסן רציחות פון איינצעלנע מיליטער אפטיילונגען זיינען אביסל איינגעשטילט געווארן, האט די דייטשע מיליטער קאמאנדע אין כזשאנאוו אנגעהויבן נעמען ערובניקעס, אנגעזעענע מענטשן פון דער ציווילער באפעלקערונג יידן און פאלאקן, האלטנדיק זיי פארשפארט אין בנין פון קרייז־געריכט. תחילת האט עס אויסגעזען ווי א פאריבערגייענדיקע דערשיינונג. אבער די דאזיקע קללה האט זיך אנגעהויבן אנטוויקלען צו א געוויסן סיסטעם. מען האט נאטירלעך גענומען אלס ערובניקעס די אנגעזעענסטע בירגער, וועלכע האבן זיך דעמאלט געפונען אין שטאט. אין אָנפאנג האבן די דייטשן זיי געהאלטן א קורצע צייט, ארויסגעלאזט אויף דער פריי און אויף דעם ארט פון די פריי געווארענע גענומען ווידער אנדערע. פארשטייט זיך, אז די יידן, וועלכע האבן דערוואַרט צו ווערן ערובניקעס האבן זיך באהאלטן, אדער אנטלאפן. קעגן דעם האבן די דייטשע סאדיסטן אויך געהאט אן עצה. זיי האבן פראסט פשוט ניט מער געזוכט קיין פרישע זאקלאדניקעס, נור געהאלטן די פריערדיקע פארשפארט אויף ווייטער און פארלאנגט פון זיי אז אויב זיי ווילן באפרייט ווערן מוזן זיי אליין צושטעלן אנדערע מענטשן אויף זייער ארט, ד. ה. צווינגען זיי צו ווערן מוסרים. אבער דער דאזיקער שפיל האט ווייניק וואס געהאלפן. די יידן, וועלכע זיינען געווען פארשפארט האבן זייער גורל געטראגן מיט כבוד.

## אביגדור קלאגסבאלד הי"ד

מען ווייסט עד היום ניט צו עס איז פארגעקומען א ווירק־לעכער סאבאטאזש־אקט, ווי די דייטשן האבן פארזיכערט, אדער עס איז געווען א נידערטרעכטיק שפיצל, כדי אפצושרעקן די באפעלקערונג. צו די פארשפארטע זאקלאדניקעס איז ארייננגע־קומען אן אפיציר און מיט א לאכנדיקער מינע געמאלדן, אז צוויי פון זיי דארפן דערשאסן ווערן. און על פי דייטשן יושר וועט ער נעמען די יונגסטע פון די זאקלאדניקעס. איין ייד און איין פאלאק. (ווי מען האט איבערגעגעבן איז דעמאלט איבער־געריסן געווארן א טעלעפאן דראט און די דייטשן האבן דאס אנגענומען פאר א סאבאטאזש־אקט) פון די פאלאקן האט גע־זאלט אויסגעוויילט ווערן דער באאמטער פון דער קראנקן־קאסע טשעפלא און ביי די יידן איז געפאלן דער ביטערער גורל אויף דעם 20 יעריקן אביגדור קלאגסבאלד, וועמען מען האט געכאפט אנשטאט זיין פאטער ר' יצחק קלאגסבאלד. דער קרבן איז געווען אן אקטיווער ציוניסט און מיטגליד פון ברית הצה"ר. דער דאזיקער ערשטער קרבן פון מכלומרשטער דייטשער יוסטיץ איז געגאנגען צום עקזעקוציע פלאץ ווי א העלד ניט לאזנדיק זיך בעת דעם דערשיסן פארבינדן די אויגן. אפילו דעם רוצחישן אפיציר, וועלכער האט אנגעפירט מיט דער עקזע־קוציע האט שטארק גערירט די שטאלצע און ווירדיקע האלטונג פון אביגדור קלאגסבאלד. ער האט דעריבער שטרענג באפוילן צו געבן אים דעם שענסטן ערן־קבר אויפן כזשאנאווער בית עולם.

## קאנטריבוציע

דער סיסטעם פון די דייטשן, ניט לאזן די יידן אפעטעמען האט זיי געמאכט דערפינדעריש אין אויסזוכן נייע צרות. עס איז ניט אדורכגעגאנגען קיין טאג, אז מען זאל ניט האבן קיין פרישע צרה. דאס גופא נעמען קאנטריבוציע און דאס נור ביי יידן האט מאראליש שטארק וויינעטאן. פון דער צווייטער זייט איז טעכניש שווער און ביטער אנגעקומען דאס צונויפזאמלען די



אביגדור קלאגסבאלר הי״ד, (מיט דער לאפאטע). אויפן זעלבן ארט איז ער דערשאסן געווארן.

פון דעם דעמאלטדיקן מיליטערישן שטאט־קאמענדאנט פארלאנגטע סומע, מחמת די גבירים און בעסערע סיטואירטע בעלי בתים, זיינען נאך ניט געהאט צוריקגעקומען אין שטאט. מען האט בוכשטעבלעך געמוזט ארומגיין מיט דער טארבע איבער דער שטאט, מיט דער טיפער איבערצייגונג, אז דאס איז די אמת־דיקע צדקה תציל ממות.

## דאס כאפן צו דער ארבעט

די צרה איז ניט באשטאנען אין דער ארבעט גופא, וואס די דייטשן האבן פארלאנגט. די מורא איז גיכער אנשטאנען צוליב דער עקלהאפטער באציאונג, שפיכת דמים און פשוטע מערדערייען, וואס די דייטשן האבן אויסגעפירט אויף זייערע קרבנות. אין אנפאנג פון דער דייטשער ממשלה אין כזשאנאוו האט די שמוציקע ארבעט צו כאפן יידן אין גאס און אין די שטיבער אויסגעפירט, די פון די דייטשן איינגעזעצטע פוילישע בירגער־מיליץ, וועלכע האט זיך אין תחילת גענומען מיט א סאדיסטישן ברען צו דער „היליקער" אויפגאבע. למען האמת דארף געזאגט ווערן, אז נאך עטלעכע טעג, האבן זיי אראפגע־לאזט די פליגל און זיך ארויסגעוויזן צו שוואך צו אזא מין אויפ־גאבע. האבן טאקע די דייטשע זעלנער אליין אנגעהויבן דעם כאפונעק. (סוצקעווערס אויסדרוק) מען האט געכאפט יידן אין די גאסן און אין הייזער, ווער עס איז נור אונטערגעקומען. אלט און יונג, קראנקע און שוואכע.

איינגעקריצט אין זכרון האט זיך דער ערשטער יום־כפור פון יאר 1939. הגם עס איז ניט געווען קיין בפרושער באפעל ניט צו דאווגען אין שול און אין בית המדרש, האבן זיך כזשא־נאווער יידן אינסטינקטיוו אפגעהאלטן דערפון, בכדי ניט צו ציען די אויפמערקזאמקייט פון די חיות רעות און געבן זיי א געלעגנהייט צו ווילדע מעשים, און אזוי האבן כזשאנאווער יידן אין דער שטיל, ניט אויפאלנדיק זיך פארזאמלט אין יום־כפור אין די קליינע חסידים שטיבלעך, אדער פריוואטע וווינונגען, מיט צעבראכענע הערצער אויסצוגיסן זייער ביטער הארץ פאר

גאט, וואס האט זיי אזוי גרויזאם געשטראפט. פלוצים האט מען דערהערט די באקאנטע קולות פון דייטשע זעלנער, „יודן צור ארבייט"! אין מיטן שחרית דאוונען האט מען די יידן אוועק־געריסן פון די תפילות אין קיטלען און תליתים, ועמען די גאסן צו רייניקן, וועמען צו וואשן די קלאזעטן אין די קאזארמעס פונעם הערן־פאלק. די בעסטיעס זיינען געווען גוט אינפארמירט, אז דער טאג איז באזונדערס הייליק ביי יידן און אז יידן פאסטן אין דעם טאג. נאָך איניקע שעה'ן פון עבודת פרך און טיפע באליידיקונגען האט מען די יידן אהיימגעשיקט. די יידן האבן זיך גענומען פארענדיקן דעם שחרית, ווי עס וואלט גאר ניט פאסירט. עס האט אפילו ניט געפעלט דערביי דער יידישער הומאר. אזוי למשל האט דער באקאנטער כזשאנאווער בעל קורא ר' שלמה פראפער הי"ד, וועלכער האט אויך געארבעט צוזאמען מיט אנדערע יידן, מיטגעבראכט דאס באקאנטע דייטשע ווערטל. שטעלנדיק זיך צוריק צום עמוד האט ער אויסגערופן צום עולם מתפללים „ווייטער מאכן"!

## די ערשטע הויז־רעוויזיעס

באלד ווי די דייטשן זיינען אריינגעקומען אין שטאט האט מען גלייך דערפילט, אז דאס פריוואט אייגנטום, פערזענלעכע פאמיליע גליק און ווארימקייט פון אן אייגענער שטוב איז ביי די דייטשן הפקר. דער מיטאס פון דער דייטשער דיסציפלין און דיי־טשער ארדנונג האט זיך ביי דער דייטשער סאלדאטעסקע ארויס־געוויזן פאר א פשוטן ליגן. דאס איינדרינגען אין פריוואטע וווינונגען אין שיינעם העלן טאג, אדער ביי דער פינסטערניש פון דער נאכט איז געווען אן אפטע דערשיינונג. דייטשע סאל־דאטן און אפיצירן פון דער ארמיי — און אין דער ערשטער צייט איז ניט געווען קיין ס.ס., ס.ד., אדער געסטאפא — זיינען אריינגעקומען אין די געשעפטן, אנגעקוקט די סחורה, געצייגט וואס קאפט אויס געוווינהייט — געהייסן זיך די אויסגעקליבענע געגנ־שטאנדן איינפאקן און איבערגעלאזט א נישטיקע מטבע כלו־מרשט אלס באצאלונג. אוועקגייענדיק האבן די מער אנשטענדי־

קע פון זיי זיך פאַרענטפערט, אַז זייערע קאַלעגן נעמען אין אַנדערע געשעפטן נאָך מער סחורה ניט באַצאָלנדיק לגמרי און דערביי שלאָגן זיי די סוחרים מכּת מרדות דערצו... זיי האָבן ניט געזאָגט קיין ליגן.

עס האָבן זיך אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט אָפּגעטון גרויזאַמע מעשׂים. געוווּג צו דעו־מאָנען צוויי אַזעלכע פאַקטן.

צו אַן אָנגעזעענער בעל בתּישער פאַמיליע, וועמענס נאָמען מיר דערמאָנען ניט צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים איז אַריינגעקומען אין מיטן דער נאַכט, אַ באַנדע פון עטלעכע דייטשע סאָלדאַטן. אָין שטוב איז ניט מער געווען, ווי די מוטער מיט איר דערוואַקסענער טאָכטער, אַ יונג און אינטעליגענט מיידל. איינער פון די סאָלדאַטן האָט ווידער אַריינגעבראַכט אַ באַקאַנטן יונגנמאַן פון דעם מיידל, וועלכער האָט צופעליק געוווינט אין זעלבן הויז, געצוווּנגען מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט דעם יונגנמאַן מאַנס זיין דאָס מיידל אין זייער געגנוואַרט און אין די אויגן פון דעם מיידלס מוטער, שלאָגנדיק דעם יונגנמאַן בשעת דער דאָזיקער עקלהאַפטער אַרגיע מכּת רצח.

צו דער פאַמיליע ראָזנער זיינען אַריינגעקומען אין אַ פרייטיק צו־נאַכטס דייטשע סאָלדאַטן. איינער פון זיי האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויפן טיש, ווו ס׳האָבן נאָך געלויכטן די שבת׳־דיקע ליכט, געטון זיין הצטרכות און די „צואה“ אַריינגעוואָרפן צו דער קראַנקער פרוי אין בעט.

דאָס אַלץ איז פאַרשטאַנען געוואָרן ווי איינצעלנע אַקציעס פון צעהוליעטע און דעגענערירטע סאָלדאַטן. אָבער דעם 6־טן אָקטאָבער אויף דער נאַכט, איז פּלוצים די גאַנצע שטאָט אַרומגערינגלט געוואָרן מיט מיליטער און אין אַלע גאַסן זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן מאַשינען־געווער און עס האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־רעוויזיעס ספּעציעל ביי יידן. די סאָלדאַטן זיינען געווען באַוואָפנט מיט אייזערנע שטאַנגען און העק, וואָס האָבן געדינט אויפצוברעכן די פאַרשלאָסענע געוועלבער, וועמענס בעלי בתּים זיינען נאָך ניט געהאַט צוריקגעקומען. מען האָט אויסגע־

ליידיקט פיל געוועלבער און די סחורה אוועקגעפירט. אין די שטוּ־בער האבן די דייטשן געזוכט געלט און ווערטזאכן. די פּראָים האבן זיך ניט געשעמט צוצונעמען ביי די סאמע ארעמסטע בוכ־שטעבלעך דעם לעצטן ביסן פון מויל. אזוי איז דעם שרייבער פון די שורות אויסגעקומען בייצוויין א סצענע ווי ייִדן, ביי וועמען מען האט רעקווירירט „לעבנסמיטל" האבן געמוזט זייער לעצטן זאפּאס פון עסן, וואס איז באשטאנען פון עטלעכע פונטיקע פּאפּיר טארבעס אליין ארויפטראגן אויפן גאס, פון וואנען דייטשן האבן דאס שפּעטער אוועקגעפירט.

די הויז־רעוויזיעס האבן אנגעהאלטן א גאנצע נאכט און ביז צומארגנס אן האלבן טאג. די רעזולטאטן פון דער רעוויזיע זיינען געווען נישטיקע. קיינער איז ניט ארעסטירט געווארן. ווי עס טרעפט זיך געוויינלעך אין אזעלכע פאלן האבן די דייטשן ניט געוואלט מאכן קיין געברויך פון זייער דורכפאל ביי דער העכערער נאטשאלסטווע, כדי ניט אפּצוליפערן די רעקווירירטע ווערטזאכן. די דאזיקע ערשטע רעוויזיע איז כדאי געווען צו פארצייכנען, ווייל דאס איז געווען, קען מען זאגן דער ערשטער ארגאניזירטער רויב־אנפאל אויף דער פרידלעכער יידישער באפעלקערונג. דער דאזיקער רויב־אנפאל האט געמאכט אפּצוגעבן זיך אַ חשבון, ווי מען האלט אין דער וועלט. עס זיינען אבער אין כזשאנאוו געווען נאך גענוג אפּטימיסטן, וועלכע האבן געטענה'ט, אז דער דייטש איז גאר ניט אזוי שרעקלעך, ווי מען מאלט אים.

# דער ערשטער יודנראט

מיט געמישטע געפילן שרייבט זיך דאס קאפיטל פונעם ערשטן יודנראט אין כזשאנאוו. געפילן פון בושה און כעס באַהערשן יעדן, ווען מען דערמאנט זיך און אט דעם באשעפניש, וואס נור דער טייוול אליין האט געקענט אויסטראכטן. אין אנפאנג האט מען געמיינט, אז עס וועט זיין אן אינסטיטוציע ענלעך צו א יידישער קהילה, וואס וועט האבן פילאנטראפישע אויפגאבן. א יורידישע קערפערשאפט, וואס וועט אין א געוויסער מאס פארטרעטן די יידישע באפעלקערונג ביי די דייטשע מאכטהאבער א.א.וו. אין פלוג איז עס טאקע אזוי געווען, אבער נור לשם דעקאראציע. פאקטיש איז דער יודנראט געווען א דעקמאנטל פאר די דייטשע פינצטערע פלענער, צו קענען לייכטער און אן רעש צו ליקווידירן די יידן. דער ערשטער יודנראט איז באשטאנען פון פאלגנדיקע פערזאנען: יוזעף אומלויף אלס פרעזעס און וועבער (פאסעק) אלס בייראט, דוד וואכסבערג, (בישטע) לוי קרויזקאפ און יוסף שמואל שענהערץ. די אייגנטלעכע בעלי דעה אין דאזיקן יודנראט זיינען געווען פאסעק וועבער און דוד בישטע, צוויי טונקעלע פארשוינען אן יידישן פאראנטווארטונגס־געפיל בכלל. ארויפדראפענדיק זיך אויף דער יידישער קלאטשע מיט געוואלד האבן זיי אין זין געהאט נור אייגענע אינטערעסן, ווייל קיינער האט זיי ניט געבעטן דאס צו טון. די דאזיקע חברה־לייט האבן באלד פון אנהויב אן געצויגן אויף זיך די שנאה פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג צוליב זייערע מעשים תעתועים, וואס איז א חרפה פשוט צו ברענגען פאר דער עפענטלעכקייט. יוזעף אומלויף אלס פרעזעס פונעם יודנראט, טראץ זיינע ערלעכע כוונות איז גע־

ווען אומפעאיק פאר אזא אמט. ער האט די גאנצע סיטואציע בכלל ניט געהעריק פארשטאנען. אלס אסימילירטער ייד איז ער געווען אפגעריסן פון דער יידישער מאסע, ניט געהאט די דער־פארונג פון א כלל־טוער און צוליב זיין 70־יעריקן עלטער איז ער געווארן ווי א מאנעקין אין דער האַנט פון פאסעק וועבער און געטאנצט לויט זיין פייפל... שענהערץ און קרויזקאפּ, הגם מענטשן מיט אחריות און גוטן ווילן זיינען ווידער געווען אין כאראקטער צו שוואך זיך אנטקעגן צו שטעלן דעם תקיפות פון די צוויי אויבנדערמאנטע, מורא האבנדיק פאר זייער צו אינטי־מער באקאנטשאפט מיט דער דייטשער פאליציי.

אט דעם דאזיקן יודנראט, איז דאס אַנפארטרויט געווארן דער גורל פון די 10.000 כזשאנאווער יידן. די הויפט־אויפגאבע פונעם יודנראט איז געווען, לויטן פארלאנג פון די דייטשן, צו זארגן פאר דער דייטשער באקוועמלעכקייט. דאס גימנאזיום און קינדערהיים, וואס זיינען פארוואנדלט געווארן אין קאזאר־מעס האבן יידן געמוזט טאג טעגלעך רייניקן, פוצן די שטיוול פון די, וועלכע האבן זיי פארפאלגט ב״י דער ארבעט. דער יודנ־ראט האט געדארפט צושטעלן יעדע צאל ארבעטער, וואס די דייטשן האבן פארלאנגט. און פארלאנגט האבן זיי אן א שעור. עס האט אפט פאסירט, אז די דייטשן, זאגאר די ציווילע באאמטע האבן אפגעשטעלט יידן אין גאס און גענומען יידן צו ארבעט פאר זייער פריוואטן געברויך.

נאך אנדערע אויפגאבעס האט דער יודנראט געהאט צו דערפילן, ווי למשל צושטעלן פארשידענע פראדוקטן פאר דער פאליציי, וואס איז געווען שווער צו באקומען, ווי קאַווע, טיי, שאקאלאד. פארשטענדלעך, אז ביי אזעלכע טראנזאקציעס האט זיך געשאפן א פעלד פאר קארופציע אין יודנראט גופא...

א דאנק דער כאאטישער ארבעט און אומפעאיקייט פון ערשטן יודנראט איז דער הויפט בעל־דעה דארט געווען די פא־ליציי מיט אירע פארשידענע מאכערס, וועלכע האבן זיך צוליב פרנסה געדרייט ארום דעם דאזיקן געמויזעכטס, כלערליי „בעלי



זשאק וועבער (פאסעק) דער יידישער קוויזלינג פון כזשאנאוו.

טובות", וואס א דאנק זייער באקאנטשאפט מיט דעב, אדער יענעם דייטש האבן פאר געלט אפגעווישט פארשי־דענע עברות, ווי כאפן א ייד מיט א בארד, אדער דאוונען בצי־בור וכדומה. די קארופציע פון די דייטשן, האט זיך נאך מער פארשטארקט מיטן אנקומען פון דעם פאליציי קאמענדאנט שינדלער מיט וועמען עס וועט אונדז נאך אויסקומען געגוג צו באשעפטיקן. דער דאזיקער מיאוסער נפש האט ליב געהאט געלט, שמוק און פרויען און דער יודנראט איז פאקטיש גע־ווארן א ווערקצייג אין זיינע הענט, העלפענדיק אים אין זיינע פארברעכערישע מאכינאציעס.

דער ערשטער יודנראט האט אויך געהאט פאזיטיווע מא־מענטן אין זיין טעטיקייט. א דאנק זיין אינטערווענץ איז געלונ־גען סוף נאוועמבער 1939 צו ברענגען די ערשטע קדושים פון טשעבין, וואס זיינען געלעגן דארט אין מאסן גרוב, צו קבר יש־ראל. אויך די פאלקס־קוך אין דער שול „אנשי חיל", וואס דער ערשטער יודנראט האט געשאפן איז פאר א גרויסן טייל פון דער יידישער באפעלקערונג געווען א וויכטיקע אינסטיטוציע. עס איז געגעבן געווארן א מעגלעכקייט פאר א געגוג גרויסער צאל פא־מיליעס צו באקומען איינמאל אין טאג א ביסל ווארעם עסן. דער יודנראט האט די פראדוקטן באקומען אויפן לעגאלן וועג און אונטער דער לייטונג פון דער אין כזשאנאוו באקאנטער „וויצא" טוערין פרוי קארנגאלד הי"ד האט זיך די פאלקס־קוך ארויסגעוויזן פאר א צייט־נויטווענדיקייט. דיזעלבע פראדוקטן, האט דער ייד ניט געקענט קויפן, ווייל זיי זיינען געווען פאר אים פארבאטן.

## כזשאנאוו א טייל פון דייטשן „רייך"

סוף דעצעמבער 1939 איז פעסטגעשטעלט געווארן די גרע־נעץ פון פוילישן „גענעראל־גאווערנעמענט" מיט קראקע אלס הויפט־שטאט. כזשאנאוו איז איינגעגלידערט געווארן אין „רייך" און די גרענעץ האט זיך געצויגן ביים דארף דולאווא אן ערך 6 קלמ. פון טשעבין. די עקאנאמישע לאגע פון דער יידישער בא־

פעלקערונג, וואס איז שוין אויך געווען גענוג שלעכט האט דער־מיט באקומען נאך א גרעסערן קלאפ, ווייל כזשאנאוו איז פון תמיד אן געווען געקניפט און געבונדן מיט קראקע, וואס איז איצט געווארן הערמעטיש אפגעשלאסן פון כזשאנאוו. צו פארן איבער דער גרענעץ קיין קראקע האט זיך געפאדערט א גרע־נעץ־שיין ווי קיין אויסלאנד. אזא דאקומענט האט מען געקענט לייכט באקומען פאר געלט — בעסער געזאגט פאר שוחד. די קארופציע פון די דייטשע באאמטע איז געווען א נארמאלע דער־שיינונג. עס זיינען געפארן יידן מיט פאלאקן,ביידע צדדים האבן געפירט סחורות מיט לעבנסמיטל, וואס איז געווען נאטירלעך פארבאטן. ביי דער רעוויזיע אין טשעבין האט מען יידן ספעציעל שטרענגער רעווידירט און גערודפט, ווייל די דייטשן האבן געוווסט, אז פון די יידן וועלן זיי באקומען „לא־יחרץ געלט", אויב מען וועט ביי זיי עפעס געפונען...

אן היבשער טייל פון כזשאנאווער יידן, וואס איז געבליבן אן פרנסה האט זיך געלאזט קיין קראקע, כדי צו פארדינען אויף חיונה. דאס דאזיקע „פארעכטס" האט אנגענומען א מאסן־כא־ראקטער. אין טשעבי׳ן זיינען פארגעקומען שרעקלעכע רעוויזיעס. דאס האט באווירקט א טייל פון דער יוגנט צו פארלאזן די שטאט ביחידות, אדער גרופנווייז אין דער ריכטונג פון דער סאוויעטישער גרענעץ. דארט האבן זיי מיט סכנת נפשות ארי־בערגעשווארצט דעם סאן. א דאנק דעם איז א טייל כזשאנאווער יונגע מענטשן געלונגען זיך צו ראטעווען פון א זיכערן אונ־טערגאנג.

# דאס יאר 1940

אויב מען זאל פארגלייכן די שפעטערע יארן מיטן יאר 1940 וואלט אויסגעקומען, אז דאס יאר 1940 איז געווען דאס נארמאלסטע אין אקופאציע־לעבן פון כזשאנאוו. די ערשטע באטויבונגס־קלעפ זיינען פאריבער. מען האט זיך שוין ווי צוגע־וווינט צו די פרישע טאג־טעגלעכע גזרות, וואס האבן זיך געשיט אויף אונדזערע קעפ. מען איז ווי צוגעוווינט געווארן צו דעם, אז אויפשטייענדיק אין דער פרי דארף מען דערוווארטן „נייס". דאס שמערצלעכסטע, וואס מען האט אין אנפאנג 1940 אנגענומען פאר א שווערע גזירה, איז געווען דאס טראגן דעם ווייסן ארמ־באנד מיטן בלויען מגן דוד... אויב ביז דעמאלט האבן יידן גע־קענט ווי עס איז זיך פארשטעלן פאר אריער אויף די באנען,ביים האנדלען און אפילו גיין פריי — האט דאס איצט אויפ־געהערט. מיט דער דאזיקער גזירה האבן די אנטי — יידישע געזעצן און פאראדנונגען באקומען א 100 פראצענטיקע ווירקונג און פארלייכטערט דאס שנעלע אויסכאפן און געפונען פון יידן.

אין אלגעמיין האט זיך די לאגע אין א געוויסער מאס סטאביליזירט. דאס וו״לדע כאפן צו דער ארבעט האט אביסל נאכגעלאזט. דער יודנראט האט געשאפן אן אייגענעם ארבעטס־אמט, וווּ די ארבעט פאר די דייטשן איז האלב־וועגס רעגולירט געווארן. עס איז איינגעפ״רט געווא״ן אן אבליגאטארישער ארבעטס־טאג פאר יעדן ייד. יעדער ייד האט געמוזט אפגעבן איין טאג אין דער וואך פאר שקלאפן ארבעט, אדער מען האט אויך גע־קענט צושטעלן א צווייטן פאר זיך, דורך איינצאלן אין קאסע פונעם יודנראט א געוויסן סכום, וואס זאל קלעקן צו באצאלן א צווייטן ייד אויף זיין ארט.

די געוועלבער האבן זיך בהדרגה געעפנט, באקומענדיק פרישע ליצענצן פון דער דייטשער מאכט. הגם עס איז געווען זייער שווער צו באקומען סחורה האט מען זיך ווי עס איז אן עצה געגעבן. שווער איז געווען די לאגע פון יידישן ארבעטער, ווייל כמעט אלע יידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען זיינען פארמאכט געווארן און די מאשינען קאנפיסקירט. פריוואטע בעלי־מלאכות האבן אין זייער פאך ניט געהאט וואס צו טון, ווייל מען האט ניט געקלערט וועגן מאכן זיך נייע זאכן. אין אנפאנג האט זיך נאך ווו ניט איז געפונען אַן אפגעשפארטער גראשן, שפעטער האט מען אראפפארקויפט פון זיך וואס עס האט זיך נור געלאזט. ווער חפצים און שמוק און ווער מלבושים. אבי דאס נאקעטע לעבן צו דערהאלטן. מען האט געלעבט מיט בטחון, אז מען וועט די שלעכטע צייט דורכהאלטן.

כזשאנאוו, וואס איז אין די ערשטע קריגס־וואכן געווען שטארק אויסגעליידיקט האט זיך אנגעפאנגען צוריק אנצופילן. די יידן, וועלכע זיינען אנטלאפן, בכדי אויסצומארדן די רוצחים האבן אנגעהויבן צוריקקערן אין זייער היים, ווייל עס איז ערגעץ אנ־דערש ניט בעסער געווען. להפך, דאס וואס כזשאנאוו איז אנ־געשלאסן געווארן צום „רייך" האט געדינט ווי א צוציאונגס־קראפט פאר פיל נאאיווע מענטשן, וועלכע האבן געגלויבט, אז דא וועט דער רעזשים זיין לייכטער און דערטרעגלעכער.

# דער רעארגאניזירטער יודנראט

אין מערץ 1940 איז אין כזשאנאוו איינגעזעצט געווארן א נייער יודנראט. ניט פון דער דייטשער לאקאַלער מאכט איז גע־קומען די איניציאטיוו, נור פון דעם צענטראלן יודנראט אין סאס־נאוויץ ווענעמנס הויפט פיגור עס איז געווען איר פרעזעס מאניעק מערין. פאר די ניט באהאוונטע איז נויטווענדיק א קליינע אויפ־קלערונג וועגן דעם פארנעם פון צענטראלן יודנראט. די דאזיקע אינסטיטוציע איז דאכט זיך געווען איינע אין אייראפע מיט וועמענס הילף די היטלעריסטישע חיה האט געצילט צו פאר־לייכטערן די ארבעט פון מארדן יידן. אלע קהילות, וואס זיינען געווארן אנגעשלאסן צום „רייך" האבן די דייטשן קאנצענטרירט אונטער איין צענטראלער פארוואלטונג, וואס איז איינגעארדנט געווארן אין סאסנאוויץ אלס די גרעסטע קהילה. צו דער דאזי־קער צענטראלע האבן געהערט די יודנראטן פון בענדין, דאמ־בראווא גורניטשא, זאוויערטשע, כזשאנאוו, אושפיצין, יאווארזשנא, טשעבין און אנדערע קלענערע קהילות. די צענטראלע איז גע־שטאנען אונטער דער פערזענלעכער אויפזיכט פונעם שעף פון דער קאטאוויצער געסטאפא ד״ר. דרייער ימ״ש, וועמענס שיינע רייד וועגן טוען טובות צו יידן האבן שטארק גע־ווירקט אויף דער צענטראלע און איר פרעזעס מערין.

דער דאזיקער מערין איז עולה לגדולה געווארן דורך א צו־פאל. ווען די דייטשן זיינען אריין אין סאסנאוויץ האבן זיי די יידן צוזאמענגעטריבן אויף איין ארט און נאך פארשידענע שיקאנעס

און פייניגונגען ארויסגערופן פון צווישן דעם המון איינעם, וואס געהערט צו דער קהילה־פארוואלטונג. גראד האט זיך דארט גע־פונען צווישן עולם א יונגערמאן, וועלכער האט פאקטיש אנגע־הערט צום פאר מלחמה׳דיקן קהילה־ראט אין סאסנאוויץ און וואס האט געהאט דעם מוט צו זאגן „איך בין עס". אט דער יונגערמאן איז געווארן דער טרויעריק בארימטער „לייטער מא־ניעק מערין דורך וועמענס הענט די דייטשן האבן באשטימט דעם גורל פון די אלע יידן פון די ארומיקע שטעט און שטעט־לעך, וואס זיינען אנגעשלאסן צום „רייך". מיט זיין מוטיקן אויפ־טריט האט מאניעק מערין נושא חן געווען ביי די דייטשן און זיי האבן אים באשטימט צו גרינדן און אנצופירן דעם צענטראלן יודנראט. מאניעק מערין איז דווקא דער געסטאפא צענטראלע אין קאטאוויץ אויסגעשטאטעט געווארן מיט אומבאשרענקטע פול־מאכטן. די דייטשן האבן זיך מיט זייער וואל ניט טועה געווען. זיי האבן אין אים געפונען דעם ריכטיקן און פאסנדיקן מענטש, וועלכער האט מיט זיין ארגאניזאטארישן טאלאנט במשך פון 4 יאר, ביז זיין אייגענער ליקווידאציע אין גאז־קאמער פון אויש־וויץ, — מען קען דרייסט זאגן — אנגעפירט מיט דער פאקטי־שער פארניכטונג פון איבער 100.000 יידן אין די אנגעשלאסע־נע געביטן פונעם „רייך".

מערין האט מיט זיין געזונטן ארגאניזאציאנעלן חוש באלד איינגעזען די אומפעאיקייט פון ערשטן כזשאנאווער יודנראט און אויפן ארט אים רעארגאניזירט, צוקאפטירנדיק נייע מיטגלידער פון בעלי־ביתישן עלעמענט. ביי אלע זיינע פעלערן האט מערין פארשטאנען, אז מען מוז אין די יודנראטן האבן פאראנטווארט־לעכע מענטשן און וואס איז נאך וויכטיקער, די הפקר־יונגען און אונטערוועלט פון דארט צובאזייטיקן.

דער נייער יודנראט, וואס איז אקארשט רעארגאניזירט גע־ווארן איז באשטאנען פון די שוין דערמאנטע פאסעק וועבער און דוד בישטע, מיט וועלכע מערין אליין האט זיך ניט געוואלט צופיל איינרייסן צוליב זייער צו אינטימער באקאנטשאפט מיט דער פאליציי. יוסף שמואל שענהערץ פונעם ערשטן יודנראט איז

געבליבן אויך אויף ווייטער פאר זיין ערלעכן און גוטן ווילן, וואס ער האט ארויסגעוויזן בעת זיין פריערדיקער ארבעט און די פריש צוגעקומענע בצלאל צוקער, משה נאגאשינער, קלמן טייכ־לער, זעליג גראַאווער, שמואל יוסף ווייס און מענדל נוסבוים.

מיטן אנקומען פון נייעם יודנראט איז איינגעטרעטן א גע־וויסע דערלייכטערונג אין שטאט. די נייע מענטשן האבן גא־ראנטירט, מיט זייער שטעלונג אין דער יידישער געזעלשאפט און סטאזש פון געזעלשאפטלעכער ארבעט א געוויסע זיכערקייט קעגן דעם הפקרות פון די ביז איצטיקע מושלים, (פאסעק וועבער און דוד בישטע) וועלכע האבן צוליב אייגננוציקע צוועקן, גיכער געוואלט קנעכטיש דינען דעם דייטש און בלינד אויספירן זיינע באפעלן, איידער מיט ערמה און אפנארן דעם דייטש, לייכטער מאכן דעם גורל פון די אייגענע ברידער.

דער הויפט־נערוו פונעם נייעם יודנראט איז בלי ספק גע־ווען דער פרעזעס בצלאל צוקער. א באוווסטזיניקער נאציאנאלער און שטאלצער ייד מיט באזונדערע פעאיקייטן אלס געזעלשאפט־לעכער טוער. ערלעך, יושר׳דיק קלוג און שטרענג, אבער מיט א ווארעם, יידיש הארץ. ער האט זיך אין משך פון א קורצער צייט דערווארבן די אכטונג פון דער יידישער באפעלקערונג, איינפירנדיק אין דער קהילה, אדער יודנראט א מוסטערהאפטע ארדנונג אויף אלע געביטן פון דעמאלט איינגעשרומפטן געזעל־שאפטלעכן לעבן. פאר אלעמען איז אויסגעבויט געווארן דער ארבעטס־אמט בראש פון וועלכן עס איז געשטאנען דער בשעת דעם קריג פארשטארבענער מאיר גאלדבערג ז״ל. עס איז איינ־געפירט געווארן א גענויע קארטאטעק מיט די נעמען פון אלע אן אויסנאם ארבעטס־פעאיקע יידן און דער ארבעטס־אמט האט געהאט די אויפגאבע, ערלעך און גערעכט צו פארטיילן די אויף די יידן אנגעווארפענע פליכטס־ארבעט. עס האבן אויפגעהערט די ווילדע סצענעס פון כאפן סתם יידן אין גאס און אוועקפירן זיי צו דער ארבעט, א ראציאנעלע ארבעטס־פארטיילונג האט געמוזט באין ברירה אלע צופרידן שטעלן, ווייל פריער איז געווען נאך ערגער...

דער ווירטשאפטס־אמט אונטער דער לייטונג פון מענדל נוסבוים האט געהאט די אויפגאבע, די דורך דעם צענטראלן ווירטשאפטס־אמט אין סאסנאוויץ באקומענע פראדוקטן צו פאר־טיילן אין די ספעציעל באשטימטע יידישע געוועלבער לויט א מארקן סיסטעם.

באגריסונגס־ווערט איז געווען דאס אנטשטיין פון דעם וויל־טעטיקן אמט אונטער דער לייטונג פון שמואל יוסף ווייס. דער דאזיקער אמט האט מיט יעדן טאג אויסגעברייטערט זיין טעטי־קייט, אויפנעמענדיק פרישע מקבלים. עס האט זיך אין דער אקו־פאציע צייט פולשטענדיק געענדערט די פינאנסיעלע סטרוקטור פון די כזשאנאווער יידן. די זעלבע יידן, וועלכע האבן ביז דער מלחמה אליין געגעבן צדקה האבן איצט געמוזט אנקומען צו דער צדקה־קאסע פונעם יודנראט און מען מוז מודה זיין, אז ש. י. ווייס, דרך אגב דער איינציקער לעבנגעבליבענער פון דעמאלטדיקן יודנראט האט זיין ארבעט אויסגעפירט מיט טאקט און טיפער פארשטענדעניש.

שווערע און אומדאנקבארע אויפגאבעס האט געהאט צו דערפילן דאס וווינונגס־אמט. די וווינונגס־באדינגונגען אין כזשא־נאוו זיינען ביז דער היטלער־מלחמה אויך ניט געווען באזונ־דערס גינסטיק. בשעת דער מלחמה האט דאס אריינגעדרונגענע מיליטער, פאליציי און דער באדייטענדיקער שטאב פון ציווילע באאמטע מיט געוואלט פארכאפט די שענסטע דירות אין שטאט. די „פלאנטן" מיט דער ארומיקער סביבה איז געמאכט גע־ווארן „יודנריין" און די מענטשן האט מען געמוזט איבערזידלן אין אנדערע דירות. דאס דאזיקע לעבן איז באשווערט געווען נאך מיט דעם וואס אין זומער 1940 איז א גרויסער טייל פון די אין פוילישן אויבער־שלעזיע פארבליבענע יידן, איבערגעזידלט גע־ווארן קיין כזשאנאוו. דער וווינונגס־אמט האט געמוזט פארשאפן א דאך איבערן קאפ די ערשטע נעונד'ניקעס.

מען דארף דערביי פארשטיין די פסיכיק פון דער מאסע אין יאר 1940. עס איז גארניט קיינעם איינגעפאלן, אז די דייטשן ווילן און וועלן אונדז אומברענגען. מען האט זיך ניט אזוי לייכט

און שנעל געוואלט אפזאגן פון זיין דירה און היים, וואס מען האט פארנומען פון כמה יארן. דער וווינונגס־אמט האט דערי־בער געמוזט אַרבעטן דעליקאט, אבער שטרענג. דיקטאטאריש, אבער יושר׳דיק, כדי צו פארשאפן דירות פאר די אומגליקלע־כע היימלאזע. פארשטענדלעך, אז עס איז אפט געקומען צו פארשי־דענע רייבונגען צווישן די צדדים מיטן יודנראט. עס האט זיך דעריבער געפאדערט פיל טאקט און קענטניש מצד דעם לייטער פונעם דאזיקן אמט משה נאגאשינער, בכדי אויסצוגלייכן די סכסוכים.

דער יודנראט האט א חוץ די אויבנדערמאנטע פונקציעס אויך געהאט צו דערפילן פארשידענע אנדערע אויפגאבעס. אינ־טערוועניצן ביי דער פאליציי און ציווילע מאכט, באזארגן די דייטשן מיט מעבל, וועש און מלבושים פאר זיך און זייערע משפחות, וועלכע זיינען אנגעקומען ווי די היענעס פון אלע עקן דייטשלאנד מיטן איינציקן ציל צו בעראבעווען און אויספלינדערן יידיש האב און גוטס. און ניט נור דאס. אפילו פרעסן און זויפן האט דער יודנראט געמוזט באזארגן פאר די דאזיקע בריאים, ווען זיי האבן עס נור פארלאנגט.

עס וועט זיין אינטערעסאנט דרך אגב צו באמערקן, אז אין יודנראט איז געשטאנען א שאנק אנגעפיקעוועט מיט כל טוב דהינו: קאניאק, וויין, ליקער, שאקאלאד, קאווע און אנדערע אין דער דעמאלטדיקער צייט זעלטענע זאכן. דאס אלץ איז געווען אנגעגרייט פאר די רשעים, ווען זיי זיינען געקומען מיט פארשידענע טענות. מערסטנטייל זיינען עס געווען פאליציי־לייט, אדער ווי מ׳האט זיי קורץ גערופן „שופא" מיט זייער קאמענדאנט, דער אויבן דער־מאנטער, תמיד לאבנדיקער און קיינמאל ניט זאט ווערנדיקער אויבערלייטנאנט שינדלער, וועלכער האט מיט זיינע שמן־זית ריידלעך און צביעות׳דיקער יודנפריינטשאפט פאקטיש אנגעפירט און אדורכגעפירט די פארניכטונג פון די 12.000 יידן אין כזשא־נאוו בעת דער מלחמה.

דער יודנראט האט געהאט קאלאסאלע הוצאות, וואס מען האט ניט געטארט, אדער ניט געוואלט עפענטלעך בוכן, א חוץ

אויסגאבעס פאר דעם ווױלטעטיקן־אמט ווי די אומזיסטע קוך און „אנשי חיל" שטיצע פאר נויטבאדערפטיקע בעלי־בתים, אויסהאלטן א באדייטנדיקן שטאב פון באאמטע און מיליציאנטן, האבן זיך געפאדערט גרויסע סומעס געלט פאר איבערקויפן די דייטשן. ווי שוין אויבן דערמאנט, האט מען די גזרות אין אמת'ן ניט געקענט אין גאנצן אפשרייען, אדער מבטל זיין. מיט דער הילף פון שוחד, א דאנק דער קארופציע פון די דייטשע מושלים האט מען די גזרות, נור א ביסל לייכטער און דערטרעגלעכער געמאכט און דאס אויך ניט שטענדיק מיט דערפאלג.

בדי ארויסצובאקומען די נויטיקע געלט־סומעס האט מען ביי די נאך פארמעגלעכע יידן ארויפגעלייגט אן עטאט לויט די מעג־לעכקייטן פון די געבערס. געוויסע הכנסות האט דער יודנראט אויך געהאט פון די זעער אפטע אינטערווענצן ביי דער מאכט, ווען עס האט זיך געהאנדלט וועגן פארמעגלעכע יחידים. מען האט געמוזט שאפן הכנסות פון אלעם, וואס עס האט זיך נור געלאזט, ניט קוקנדיק אויף דער מאראלישער זייט פון דער הכנסה. עס איז פארשטענדלעך, אז צוליב פארשידענע טעמים האט קיין קאנטראל איבער די אלע געלטער ניט געקענט זיין. פון דאנען האט זיך אויך גענומען דער געמורמל, אז די קהילה־מענטשן בארייכערן זיך אויפן חשבון פון יידישע צרות... דאס האט זיך דעמאלט ניט געלאזט פעסטשטעלן און היינט אוודאי ניט.

די ערשטע גרעסערע אויפגאבע, וואס דער נייער יודנראט האט געהאט צו דערפילן איז געווען, ווי מיר האבן שוין דער־מאנט, צו שאפן דירות פאר די אנגעקומענע אויבערשלעזישע יידן, בעסער געזאגט דייטשע יידן. צו די דייטשע יידן האט מען זיך געמוזט אנדערש באציען, צוליב זייער אייגנארטיקער מענטאלי־טעט. דאס זיינען מערסטנטייל געווען יידן, וועלכע האבן געהאט א קנאפע שיכות צום לעבעדיקן, צאפלדיקן יידנטום. מיט די דא־זיקע — באנוצנדיק דעם כושאנאווער אויסדרוק — פאריעקעטע יידן אומצוגיין האט זיך געפאדערט פיל שכל און טאקט. מען האט זיי געמוזט אזוי איינארדנען זיי זאלן קענען לעבען האלב־וועגס ריין און באקוועם. אין קעגנפאל איז געווען די געפאר, אז

זיי זאלן גיין אליין צום פריץ און אונטערגראבן דעם אויטארי־
טעט, וואס דער יודנראט האט זיך שוין געהאט פארשאַפט ביז
איצט. הגם מען האט זיי איינגעארדנט על צד היותר טוב, בע־
סער ווי היימישע יידן האט מען פון פיל דייטשע יידן שפעטער
קיין נחת ניט געהאט. עס האבן זיך געפונען צווישן זיי מוסרים,
וועלכע האבן מיט זייערע מסירות אומגליקלעך געמאכט פיל
משפחות.

נאך דער אדורכגעפירטער אקציע פאר די אויבערשלעזישע
יידן אנפאנג זומער 1940 איז די לאגע אין אלגעמיין געווען דער־
טרעגלעך. די טאג־טעגלעכע צרות האבן ניט אויפגעהערט. זיי
האבן זיך נור אויסגעווירקט אין קלענערע אינצידענטן צו וועל־
כע מען האט זיך שוין פשוט צוגעוווינט. גרויסע צרות און ענויים
קשים האבן געמוזט אויסשטיין פרומע יידן, וועלכע האבן זיך
בעד כל הון דעלמא ניט געוואלט אפגאלן דעם צלם אלוקים,
די בארד און פאות. אזא ייד איז געווען פאראורטיילט צו זיצן
אין שטוב פארשפארט, זומער און ווינטער. זיצנדיק אפילו אין
שטוב פארשלאסן איז אים אומצייליקע מאל אין טאג די נשמה
שיעור ארויסגעשפרינגען, הערנדיק א דייטש קול, אדער טריט
פון דייטשע שטיוול אויף די טרעפ, אדער קארידאר. ווי טרויע־
ריק און דערשיטערנדיק ביז גאר איז געווען אזא סצענע, ווען א
דייטש האט „געפאקט“ א ייד מיט א בארד.

דאס געיעג אויף בערד, פארשטייט זיך נור יידישע, איז
געווארן ווי א מין ספארט ביי דער דייטשער פאליציי און איר
קאמענדאנט שינדלער. דער דאזיקער ספארט איז געווען פאר־
בונדן מיט א נאך מער נוצלעכער באשעפטיגונג, נעמלעך מיט
הכנסות. אויב דער אינהאבער פון דער בארד איז געווען פאר־
מעגלעך האט ער זיין בארד געקענט אויסקויפן פאר געלט,
אדער מיט „באנען קאפעע“. מיט דעם לעצטן האט מען געקענט
אפילו זייער פארגעטערטן פירער אוועקקויפן...

ס'איז כדאי צו דערמאנען אויך קלענערע עפיזאדן, וואס
האבן זיך אין יענער „שטילער“ צייט אפגעשפילט. עס ווייזט
אונדז מיט וועלכע נידריקע און אומפארשעמטע מיטלען די דיי־

טשע פראפאגאנדע האט געארבעט. אין כזשאנאוו איז געווען אן אידיאט, א פרא אדם, שמוציק און ברודיק. פ ן געבורט איז ער געווען א פאלאק, גערעדט אבער יידיש. ער האט זיך אנגעגעבן פאר א גר מיטן נאמען אברהם. דעם דאזיקן נפש האבן די דייטשן גענומען און דערשאסן מיטן מאטיוו, אז מיט זיין שמו־ציקייט קען ער ארויסרופן אן עפידעמיע אין שטאט. פארן דער־שיסן האבן אים די דייטשן פאטאגראפירט און זיין בילד איז נאך א קורצער צייט דערשינען אין נירנבערגער שטירמער מיט אן איבערשריפט „דער רייכסטע יודע אין כזשאנאוו אונד זא שמוציק"...

א צווייט מאל האבן די דייטשן געכאפט דעם אין כזשא־נאוו באקאנטן בעקער און תלמיד חכם ר' מרדכי שיינאוויץ הי"ד. א קליין דאר יידל מיט א צער'פולן אויסדרוק. אויך ער איז פא־טאגראפירט געווארן און זיין בילד פארעפענטלעכט אין שטיר־מער מיטן איבערשריפט פון אזא אינהאלט: „דעם דאזיקן יודע האט מען געפאקט מיט געווער אין האנט, קעמפענדיק קעגן די דייטשע ארמיי"...

נאך די דייטשע נצחונות אין פראנקרייך האט זיך געדאכט א קורצע צייט, אז די דייטשן האבן עטוואס נאכגעלאזט פון זייער טעראר קעגן יידן. די פאליציי האט געקוקט דורך די פינגער אויף אזעלכע פארברעכנס ווי למשל דאוונען בציבור, אדער גיין שפאצירן פריי הינטער דער שטאט. עפעס זיינען די דייטשן סוף זומער 1940 ווי אויסגעשמירט געווארן מיט האניק. דער פחד פאר זיי איז אביסל קלענער געווארן ביי דער יידישער באפעלקערונג. מען האט זיך גיכער געטרויט ארויסצושטעקן דעם קאפ אין גאס, זיך אנקליידן א בעסער מלבוש און בכלל פרייער אפעטעמען. דאס האט פארשטייט זיך געגעבן יידן מער קוראזש זיך צונויפ־צוקומען און דאוונען מיט מנין אין קלענערע בתי מדרשים. אין דער דאזיקער צייט האט געקענט פאסירן אזא מין קוריאז.

דער באקאנטער סאדיסט און פאליציי־מייסטער גורץ, פאר וועמען אפילו די פאלאקן האבן געהאט אימת מות צוליב זיין נידערטרעכטיקן און גרויזאמען פייניקן מענטשן, איז על פי צופאל

אין א פרימארגן אריינגעקומען אין בית־המדרש פון „מזרחי“, וואס איז געווען ניט ווייט פון פאליציי־שטאב. אנטרעפענדיק דארט עטלעכע יידן האט ער זיי געפרעגט, צוליב וואס זיי האבן זיך דא פארזאמלט? די עטלעכע מתפללים, ציטערנדיק אינגאנצן פאר שרעק האבן אים אויפגעקלערט, אז זיי ווילן דאווענען, נור אזוי ווי עס פעלן נאך אוים צוויי־דריי יידן צום מנין, מוזן זיי ווארטן ביז עס וועט ווער קומען. דער דאזיקער צורר היהודים האט גארניט געזאגט, נור ארויסגייענדיק אין גאס האט ער אפ־געשטעלט עטלעכע פארבייענדיקע יידן, האָט זיי אריינגעפירט אין מזרחי בית־המדרש און געזאגט צו די דארט ווארטענדיקע יידן: דא האט איר דעם רעסט יידן, וואס אייך פעלט אוים צום מנין און איר קענט איצט „ווייטערמאכן“...

אין יענעם „גליקלעכן“ צייט־פעריאד איז דעם יודנראט גע־לונגען צו פועל'ן ביי דער מאכט צוריקצועפענען דאס יידישע באד, וואס איז געווען ביז איצט פארשלאסן. דאס איז געווען דאס איינציקע באד אין שטאט פאר דער יידישער באפעלקערונג בכלל. מען דארף ניט פארגעסן, אז אין די דעמאלטדיקע וווי־נונגס־באדינגונגען און אלגעמיינער היגיענישער לאגע פון דער יידישער באפעלקערונג איז די דערעפנונג פון באד פשוט אויפ־גענומען געווארן ווי א ישועה.

נאך א גרעסערן רושם האט געמאכט אויף די כזשאנאווער יידן דער פאקט, וואס אין יאר 1940, א דאנק די גוטע באצי־אונגען, וואס דער יודנראט האט געהאט מיט דער דייטשער פא־ליציי איז געלונגען צו באקומען א דערלויבעניש צו דאווענען אין די ימים נוראים בציבור און עפענטלעך לעיני השמש... און דאס, טאקע אין שוין דערמאנטן „מזרחי“ בית־המדרש, אפיציעל פאר די אויגן פון דייטשער פאליציי. שפעטער נאך, די פאליציי־לייט זיינען זאגאר געקומען צו מוסף און אונטערגעהערט דאס שיינע האר־ציקע דאווענען פון דעם יונגען מנגן און תלמיד פון ר' הירש לייבן שמחה שענבערג, וועלכער איז ווי שוין אויבן דערמאנט דורך א נס נצול געווארן פון זייערע הענט.

# ארבעטס־איינזאץ

ערשט אין אקטאבער פון זעלבן יאר, געגויער אין שמחת תורה תש״א האט זיך אנגעריקט ווי א פינסטערע כמארע די ידיעה, אז דער לייטער פון דעם צענטראלן יודנראט אין סאסנאוויץ מערין איז אנגעקומען מיט אן אויפטראג, וואס הייסט ארבעטס־איינזאץ, אין ספעציעלע דערצו באשטימטע יידישע ארבעטס־לאגערן. אן אומבאשרייבלעכער פחד האט יעדן ייד ארומגעכאפט. מען האט שוין מער ווייניק געהאט א באגריף, וואס עס הייסט ארבעטן ביי דייטשן. אויב ביז איצט האט זיך יעדער געקענט נאך דעם טאג ארבעט צוריקקערן אהיים האט עס דאס מאל גע־הייסן זיך אינגאנצן צו געזעגנען מיט די נאענטסטע און טייערסטע און גיין צום טייוול אין זיין נארע...

אין אלגעמיין האבן די דייטשן מיט א בהלה׳דיקער און איבעראשנדיקער שנעלקייט אדורכגעפירט אלע אקציעס. יעדעס מאל האבן זיי געהאט דערפאלג, ווייל צו זייער דיספאזיץ איז גע־שטאנען א מוסטערהאפטער אפאראט פונעם יודנראַט, וואס האט ליידער זעער פרעציז אויסגעפירט דייטשע באפעלן. מען קען שוין היינט געגוי פעסטשטעלן, אז די יודנראטן זיינען געווען די קברנים פון זייערע אייגענע ברידער. זיי האבן אין אנפאנג ניט פארשטאנען, וואס פאר א מיאוסע ראָל די דייטשן האבן פאר זיי צוגעטראכט. די יודנראטן האבן מיט קליינע אויסנאמען געגלויבט אין די נידערטרעכטיקע פארזיכערונגען פון די דיי־טשן, אז מיטן גיין אין די ארבעטס־לאגערן וועט זיך די יידישע לאגע פארבעסערן א. א. וו. אנדערש לאזט זיך ניט דערקלערן די התלהבות און ענערגיע, וואס מערין האט ארויסגעוויזן אין דער צייט פונעם ארבעטס־איינזאץ.

מערין ווייזט אויס האט ניט געטרויט אינגאנצן דעם כזשא־נאווער יודנראט, ביים אדורכפירן די אקציע. ער איז צו דעם צוועק בכבודו ובעצמו אליין אראפגעקומען. געהאלטן א רעדע פאר די פארזאמלטע כזשאנאווער יידן וועגן דער וויכטיקייט פון דער ארבעט פאר די יידן. די דייטשן וועלן ניט מער קענען

זאגן אויף אונדז פאראזיטן און פוילענצער. נאך בעסער. ער האט צוגעזאגט געבראטענע טייבעלעך אין די דייטשע ארבעטס־לאגערן און אז נאך עטלעכע חדשים וועט מען ווידער קענען אהיימקומען. מיט איין ווארט עס וועט זיין ווויל און גוט...

ביי דעם דאזיקן ערשטן ארבעטס־איינזאץ איז גענומען געווארן די בליענדסטע יוגנט פון שטאט און אויך באווייבטע, וועלכע האבן ניט געקענט נאכווייזן, אז זיי זיינען ביי עפעס וואס באשעפטיקט. צוזאמען 300 יונגע יידן סאמע „בלוט און מילך".

די פאר די ארבעטס־לאגערן באשטימטע יונגע מענטשן האט מען צוזאמענגענומען אין דער פאלקס־שול אויף מיצקעוויטשא. פון דארטן זיינען זיי דורך ברוטאלע ס. א. מענער אפטראנס־פארטירט געווארן אין א ספעציעלן צוג אין די יידישע ארבעטס־לאַגערן סאקרוי און גאגאלין אין אויבערשלעזיע. אויף די וואגא־נען פון דאזיקן צוג זיינען אנגעהאנגען געווארן שילדער מיט דער אויפשריפט „פרייוויליקע צור ארבעט פיר דויטשלאנד"...

די ערשטע גרוסן וואס זיינען געקומען פון די לאגערן זיינען געווען זעער טרויעריקע. די ארבעט שווער (יידן האבן געבויט די „רייכסאויטאבאן") און די באהאנדלונג ברוטאל. אין לאגער האבן געפעלט די פרימיטיווסטע היגיענישע באדינגונגען און במילא אלס פועל יוצא דערפון האבן שמוץ און לייז, געפרעסן יונגע מענטשן. דאס האט באווירקט דעם פרעזעס פון כזשא־נאווער יודנראט בצלאל צוקער, חוקר ודורש צו זיין די רעאלע טאט־זאכן אין לאגער. מיט זיין אייזערנער ענערגיע האט ער זיך צו־זאמען מיט משה נאגאשינער דערשלאגן צו א באזוך אין די אויבנדערמאנטע לאגערן. ער איז באגעגנט געווארן דורכן כזשא־נאווער עולם מיט פארביטערונג און ווילדע שנאה־אויסגע־שרייען וועגן זייער פינסטערן גורל. ער איז צוריקגעקומען מיט א צעבראכן הארץ אבער אויפטאן עפעס ממשות׳דיקעס לטובת זיי האט ער ליידער גארניט געקענט. דער ענין ארבעטס־איינזאץ, פאדערט נאך פאלגנדיקע באמערקונג. עס איז אמת, אז א גרויסער טייל פון דער כזשאנאווער יוגנט האט אין די לאגערן

אויסגעהויכט זייערע נשמות אין יסורים און פיין, אין הונגער און קעלט. מען דאַרף אָבער באַמערקן, אַז דער גרעסטער טייל פון לעבנגעבליבענע כזשאַנאָוועוּ יידן — און אין פאַר־העלטניש צו אַנדערע יידישע שטעט בילדן די כזשאַנאָווער אַ גרעסערן פּראָצענט־זאַץ — איז געבליבן לעבן אַ דאַנק די לאַגערן. וואָלטן זיי ניט געווען אין די לאַגערן, וואָלטן זיי אָן אַ שום צווייפל אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון נאָענטן אוישפּיצין. ווייל אַנדערע מעגלעכקייטן זיך צו ראַטעווען ווי פּאַרטיזאַנקע, וואַלד, בונקער, אַרישע פּאַפּירן זיינען דאָ זעער ווייניק באַנוצט געוואָרן. אַ קליין קערנדל פון אמת איז דאָך געלעגן אין מערינס באַהויפּ־טונגען, אַז די לאַגערן וועלן אונדז ראַטעווען פון פולשטענדיקן אומקום. די פראַגע איז נור צו מערין אַליין האָט אויפריכטיק געגלויבט אין זיין אייגענער נביאות....

מיטן גלויבן, אַז עס וועט זיך לאָזן אויסמיידן ווייטערדיקע דעפּאָרטאַציעס אין די אַרבעטס־לאַגערן האָט זיך אַנגעהויבן אַ שטאַרקע אַרבעט און אַגיטאַציע צו שאַפן כמו אַרבעטס־לאַגערן אויפן אָרט גופא. אינדיווידועל האָבן זיך יידן אָנגעהויבן פאַרזי־כערן אַרבעטס־פּלעצער, פיקטיווע און ניט פיקטיווע. מיט דער הילף פונעם יודנראַט איז געשאַפן געוואָרן אַ לאַגער אין גראַ־מיעץ ביי ליכיאַנזש פאַר דרענאַזש־אַרבעטן ביי דער ווייסל. אין ליביאַנזש גופא זיינען כזשאַנאָווער יידן אַנגעקומען אַלס אַר־בעטער ביי די שווערסטע אַרבעטן אין די דאָרטיקע שטיינהאַ־קעריי. אין פאַגאַרזשיץ ביי כזשאַנאָוו זיינען עטלעכע צענדלינג יידן געווען באַשעפטיקט ביים לייגן שאָסיי. שפּעטער צו איז גע־לונגען אַריינצופירן אַ צאָל יידן אין טשעבין אין דער דאָרטיקער גומי פאַבריק, וואָס די דייטשן האָבן געלאָזט אין גאַנג. עס האָבן ניט געפעלט קיין בעלנים אויף אַריינצוקומען אין די יאַוואָרזש־נער קוילנגרובן, צוזאַלענדיק נאָך געלט דערפאַר, כדי זיך צו פאַרזיכערן מיט עפּעס אַן אַרבעט. עס איז אַנגעגאַנגען אַ יאַגעניש אויף יעדן אַרבעטס־פּלאַץ און מען האָט דעמאָלט .געגלויבט בדחילו ורחומו, אַז דאָס וועט העלפן, ווייל אַזוי האָט פאַרזי־כערט דער דעמאָלטדיקער דייטשער אַרבעטס־אינספּעקטאָר קליי־

נעקע מיט זיין פארטרעטער נוקיש, וועלכע האָבן פאקטיש זעער פיל צוגעהאלפן — צו פאר געלט, אדער אומזיסט איז איצט פאר אונדז ניט וויכטיק — דער איבערשיכטונג פון די כזשאנאווער יידן. יעדער ארבעטס־פלאץ פון א ייד האט געמוזט באשטעטיקט ווערן פון סאסנאוויץ דורך דעם דארטיקן אזוי גערופענעם „זאנ־דער בעאויפטראגטן דער ס. ס. פיר פרעמדפעלקישן ארבעטס־איינזאץ" מיט גענעראל שמעלט בראש. דעם דאזיקן אמט האבן אנגעהערט די שפעטערדיקע פאקטישע מלאכי המות פונעם כזשאנאווער יידנטום ווי דער ס. ס. אבערשטורמבאנפירער און געוועזענער מאיאר פון דער דייטשער ארמיי היינריך לינדנער, זיין פארטרעטער ברונא לודוויק, וואכמייסטער קנאל די רומע־נישע דייטשן דר. מעסנער און קוטשינסקי. אויב עס האט ווער באקומען באשטעטיקט זיין ארבעטס־פלאץ דורך דעם דער־מאנטן אמט, האט מען אויך אין קורצן פאר דעם דאזיקן חסד געמוזט באצאלן א שיינעם סכום יעדן חודש פאר דער ס. ס. עכ האט געהייסן זאנדער. מיט אזא זאנדער אין קעשענע האט מען געפילט, — בעסער געזאגט זיך איינגערעדט — אז מען איז זיכער ניט ארויסגעשיקט צו ווערן אין די ארבעטס־לאגערן.

ווי אין אנדערע שטעט אין איבריקן פוילן האט זיך אויך אין כזשאנאוו סוף יאר 1940 אנגעהויבן צו ווייזן דאס געשפענסט פון געטא. קודם כל זיינען די „פלאנטן" געווארן טאטל „יודנריין". דער יודנראט, וואס האט זיך ביז איצט געפונען אין לאָקאל פון דער פריערדיקער יידישער קהילה, אין הויז פון ר' קלמן קליין האט זיך איבערגעטראגן אין בנין פון שטאטישן מאגיסטראט (געמיינדע) אויף מיצקעוויטשא. די „פלאנטן" זיינען אלזא גע־ווארן ריין אריש. אן אויסנאם איז געמאכט געווארן פאר די מיטגלידער פונעם יודנראט, וועלכע האבן באקומען ספעציעלע לעגיטימאציעס צו דעם צוועק און פאר אזעלכע, וואס האבן גע־דארפט גיין אין דער דייטשער פאליציי (אין ר' מענדל זעליג־גער'ס הויז).

# דאס יאר 1941

מיטן אנקומען פונעם דאזיקן יאר האט מען אנגעהויבן שפירן, אז דאס שטריקל ארום האלז הייבט זיך אן ענגער צונויפצוציען. אויסערלעך האט אלץ אויסגעזען רואיק. פאר מאנכע טרוימער פון אויטאנאמע קהילות האט די נאציאנאלע, קולטורעלע און פערסאנעלע אויטאנאמיע פונעם יודנראט אויסגעזען כמעט אידיליש. די טעטיקייט פון דעם יודנראט האט זיך וואס א מאל מער אנטוויקלט. דער יודנראט האט געהאט צו דערפילן נייע אויפגאבעס. אין דער צייט זיינען אלע יידישע הייזער פארמעל צוגענומען געווארן פאר דער „טרויהאנדשטעלע" ביי דער ס. ס. און אלע דירה־געלטער פון און פאר יידן האבן געמוזט איינגעצאלט ווערן אין א ספעציעלן דערצו אמט. דער דאזיקער אמט ווי אויך די פאסט, וואס האט זיך געפונען אויף די „פלאנטן" איז נאך דער אריזירונג פון די „פלאנטן" ניט געווען מער צוגענגלעך פאר יידן. אזוי האט דער יודנראט געמוזט שאפן א יידישע „טרויהאנדשטעלע" פאר אלע יידישע הייזער, (80 % אין שטאט) ווי אויך אן אייגענע פאסט מיט א יידישן פאסטמייסטער און באאמטע. די „טרויהאנדשטעלע" איז געווען אין סאמע צענטער פון שטאט, אייגנטלעך אין יידישן תחום, אויף בערקא יאסעלעוויטשא גאס (צווישן קאדלובעק און קשיסקא) און די פאסט אין מארק (מאנדעלבוים׳ס הויז) ווו דער איינגאנג איז אויך געווען דורך דער בערקא גאס. אלע יידישע געשעפטן אן אויסנאם זיינען „אריזירט" געווארן ד. ה. די געשעפטן זיינען ווייטער געווען טעטיק, נור יעדעס יידיש געשעפט האט געמוזט האבן א דייטשן פארוואלטער, וועלכער איז פאקטיש געווען דער בעל בהית פונעם געשעפט. דער ייד האט נור פיגורירט אלס משרת

ביים דייטש. (טרויהענדער) אן אויסנאם האבן געבילדעט די יידי־שע שפּייזגעוועלבער, וואס האבן געהאט צו פארטיילן די פאר דער יידישער באפעלקערונג באקומענע פּראדוקטן פונעם יודנראט.

אין פרילינג ארום פסח צייט אין יאר 1941 האבן די יידן פון אושפּיצין (אוישוויץ 20 קלמ. פון כזשאנאוו) באקומען א באַ־פעל תיכף ומיד צו פארלאזן די שטאט. עס זיינען געמלעך פער־טיק געווארן דארט די גאז־קאמערן מיט די קרעמאטאריעס און די אלע טייוולאנישע איינריכטונגען פאר דער טאטאלער פאר־ניכטונג פונעם אייראפעאישן יודנטום. די דייטשן האבן ווייזט אויס ניט געוואלט האבן אין אזא נאענטער סביבה קיין אומגע־וואונטשענע עדות, ובפרט יידישע. א טייל פון די אושפיצינער יידן זיינען אנגעקומען קיין כזשאנאוו. די איינקווארטירונג פון די אושפיצינער יידן, הגם די עגנשאפט אין שטאט איז שוין געווען גענוג גרויס, איז צוגעגאנגען גענוג גלאטיק און מיט ווייניקער שוועריקייטן ווי ביי די ביז איצטיקע איבערזידלונגען.

אין דערזעלבער צייט האט זיך אנגעהויבן דער גרויסער מארש פון די קאנצענטרירטע דייטשע ארמייען קעגן די סאוויעטן. טאג און נאכט, אן איבעררייס האבן געשמראכט די מלאכי חבלה, וואס האבן במשך עטלעכע חדשים געשוחטן און געמארדעט דאס מזרח־אייראפעאישע יודנטום. פארבייפארנדיק כזשאנאוו אין די ערשטע טעג פסח האט זיך דארט אפגעשטעלט אן אפטיילונג פון ס. ס. אויף אייניקע טעג. בעת זייער אויפנטהאלט האבן זיי אין שטאט אנגעטאן די יידן געברענטע צרות. מען האט ניט געהאט צו וועמען זיך צו ווענדן. די כזשאנאווער פא־ליציי מיט דעם פאלשן, נידערטרעכטיקן קאמענדאנט שינדלער, וועלכער האט ניט אויפגעהערט צו נעמען ביים יודנראט און יחי־דים מתנות און לא יחרץ געלט פאר מכלומרשטער יודנפריינטשאפט, האט פאר די דאזיקע ס. ס. געסט אויפגעשטעלט א ספעקטאקל, פון וועלכן עס ווערט נאך היינט קאלט אין דיביינער. אין שביעי של פסח האט די פאליציי בשותפות מיט די ס. ס. געסט ארומגעשטעלט דאס מנין פון דעם אין כזשאנאוו פאפולערן גוטן ייד ר' חיים יעקעלע ראזענפעלד הי"ד און אים מיט זיינע חסי־

דים — מתפללים ארויסגעפירט אין גאס און זיך לוסטיק געמאכט איבער די בערד און פאות פון די צעשראקענע יידן. דיזעלבע יידן נאכער ארויסגעשלעפט הינטער די שטאט און ביי דער צושטי־מונג פון דער פאליציי און ס. ס. מערדערלעך צעשלאגן צווינגנדיק זיי דערביי אויסצופירן די שווערסטע ארבעט אין יום טוב. דאס דאזיקע „שוישפיל" האט שפעטער שינדלער געזאגט, איז איינ־געארדנט געווארן, כדי אנצוזעטיקן די ס. ס. לייט מיט א ביסל יודנפרעסעריי...

## מאיאר לינדנער

שוין דער נאמען אליין האט באדייט שרעק, בהלה, פאניק פאר אלע יידן פונעם „רייך", וועלכע זיינען געווארן אנגעשלאסן צו סאסנאוויץ אונטער דעם אויבנדערמאנטן אמט פאר ארבעטס־איינזאץ. אין שפ׳יץ פון דעם אמט איז געשטאנען לינדנער. א חיה רעה אין מענטשן־געשטאלט, א קאלטער סאדיסט און מענטשן־פיינט פאר וועמען אפילו די דייטשן האבן געציטערט. מאיאר לינדנער איז אין כזשאנאוו ניט געווען קיין פנים חדשות. א טרויעריק ביטערער פאפולערער גאסט, וועלכער האט מיט זיינע אפטע און שרעקלעכע וויזיטן אין כזשאנאוו א:געיאגט אן אימה חשכה אויף אלע אן אויסנאם יידן.

די ערשטע באקאנטשאפט מיט דער דאזיקער מענטשן חיה האבן געמאכט די כזשאנאווער יונגעלייט, וועלכע זיינען מיטן ערשטן טראנספארט אוועק אין די אויבערשלעזישע לאגערן סאקרוי און גאגאלין. לינדנער, וועלכער איז דארט אנגעקומען אויף אינספעקציע האט פון די דארטיקע לאגערן ארויסגעפירט קיין אוישוויץ 2 צענדלינג יונגע מענטשן צו וועלכע ער האט געהאט לעכערלעכע טענות. די דאזיקע קרבנות זיינען שיינט זיך געווען פון די ערשטע, וועלכע זיינען אומגעקומען אין דארטיקן גרויזאמען גיהנום. די ביטערע גרוסן, וואס זיינען אנגעקומען פון די ארבעטס־לאגערן האבן די אנגעהעריקע און די עלטערן פון די דארטיקע ארבעטס שקלאפן שטארק דערשיטערט. אט אין דער צייט פלעגט אנקומען לינדנער נאך פרישע קרבנות. דאס

האבן די דייטשן משמעות שוין פארשטאנען, אז די שיינע דרשות פון מערינגען וועלן ניט מער ווירקן ,אז די יידן זאלן זיך, ווי ביז איצט, אליין צושטעלן אויף דער אויפפאדערונג פון יודנראט...

פארטאגס דעם 9טן מאי 1941 האבן די דייטשן ארומגע־שטעלט די גאנצע שטאט, אין יוצא ואין בא. אפגעשפארט די גאסן און ווי ווילדע חיות באפאלן די הייזער און די נאך שלאפנ־דיקע יידן ארויסגעשלעפט, איבערהויפט די נאך ארבעטס־פעאיקע מענער. אין די שטובן וווּ די מענער האבן נאך געהאט צייט נעלם צו ווערן אין די באהעלטענישן האבן די דייטשן גענומען פרויען אלס ערוב׳ניקעס.

די יידן זיינען קאמפאניעס־ווייז אפגעפירט געווארן צו דעם זאמל־פלאץ פארן גימנאזיום, אויסגעשטעלט אין רייען, ווי עס פאדערט זיך דער פרייסישער דריל. ארויסגעקומען מקבל פנים זיין איז ניט קיין אנדערער, ווי דער שונא ישראל לינדנער מיט שטאב־מיטגלידער קנאל און קוטשינסקי. (דער לעצטער איז נאך דער באפרייאונג דערקענט געווארן דורך כזשאנאווער יידן אין ווײדען, בייערן, אין דער ראָל פון אן אומשולדיקן פראפעסאר פון א דייטשער מיטל־שול. די פוילישע מאכט האט אים ארויס־געפאדערט און אין אקטאבער 1948 איז ער דורך דעם פוילישן געריכט אין סאסנאוויץ פאראורטיילט געווארן צום טויט) נאכן קאנטראלירן די „זאנדערס" האט מען די אלע פעסט־באשעפ־טיקטע אפגעלאזט אהיים. אויך אלטע, קראנקע און אזעלכע, וואס האבן געהאט באזונדערע פראטעקציע (דאס האט זיך אויך געטראפן) זיינען באפרייט געווארן. אלע איבריקע יידן, עטלעכע הונדערט אין דער צאָל זיינען אפטראנספארטירט געווארן אין די אויבערשלעזישע לאגערן.

גראד איז די דאזיקע אקציע צוזאמענגעפאלן מיטן 10־טן מאי. ווי באקאנט האט זיך היטלער׳ס שני למלך, רודאלף העס ימח שמו ארויפגעזעצט אויף זיין עראפלאן און אריבערגעפלויגן קיין ענגלאנד. ווי די ידיעה האט געווירקט אין אנדערע יידישע שטעט ווייסן מיר ניט, אבער אין כזשאנאוו האט עס געהיילט ווי א זאלב אויף א ווונד. די שמחה אין שטאט און די האפנונג,

אז אט אט וועט דאס באנדיטן־נעסט צוזאמענברעכן, האט א ביסל געמילדערט דעם ווייטאק פון די פארבליבענע משפחות, וועמענס מיטגלידער מען האט אקארשט אוועקגעריסן...

ווי מיר האבן שוין פריער דערמאנט, איז אין יודנראט גע־פירט געווארן א גענויע קארטאטעק איבער יעדן ארבעטס־ פעאיקן ייד. אין 9־טן מאי ביי דער אבלאווע האט זיך איינגעגעבן נאך עטלעכע הונדערט יידן זיך צו פארשטעקן אין די באהעלטנישן און ניט אנוועזענד צו זיין ביי דער „הויפט פאראדע". לינדנער האט זיך פארנאטירט די נעמען און זיי נאכער געלאזט רופן נא־מענטלעך אויף דעם 25 מאי. ווידער האט מען דאסמאל מיטגע־נומען א צאל קרבנות. דערונטער א געוויסע צאל מיידלעך אויף שקלאפן ארבעט אין די לאגערן.

אין שיכות מיטן ארבעטס־איינזאץ דארף אויך דערמאנט ווערן דאס אויפשטעלן פון א יידישער מיליץ. פאקטיש איז דאס געווען א פאליציייאישע קערפערשאפט אונטער דער קאמאנדע פון פאסעק וועבער. א פאליציי מיט אלע פיטשעוועקס, בלוי ווייסע היטלען, ספעציעלע אפצייכנונגען דינסט־שעה׳ן א. א. וו. די דאזיקע פא־ליציי האט רעגולירט דעם פארקער אין די יידישע גאסן, אויפ־געפאסט אויף ארדנונג און ריינקייט אין די הייזער, אויסגעפירט פארשידענע שליחות פונעם יודנראט. מיט אייןווארט, אן אויס־פיר־ארגאן פון א מאכט מיט וועמען מען האט זיך, ווילנדיק אדער ניט, געמוזט רעכנען, ווייל די דייטשן זיינען געשטאנען הינטער זייערע פלייצעס. אין אנפאנג האט זיך די פאליציי אויסגעוויזן פאר א פראקטישע און נויטיקע אינסטיטוציע, אבער ליידער האט מען פון איר געהאט שפעטער צו זינגען און צו זאגן...

דאס ערשטע דערשיינען פון דער יידישער מיליץ האט ביי די פאלאקן ארויסגערופן ניט ווייניק קנאה, טראצדעם וואס די מיליץ האט ניט געהאט קיין שום דעה ביי די פאלאקן. מיט גיפטיקע אויגן און נקמה געפילן אין האר־צן האבן זיי זיך צוגע־קוקט, ווי די יידישע פאליציאנטן רעגלען דעם אויטא־פארקער אויף די וויכטיקסטע פארקערס־פלעצער א׳ן שטאט.

אין כזשאנאוו איז בכלל בעת דער מלחמה ניט געווען קיין פוילישע פאליציי ווייל זי איז געווען א 80 פראצענטיק יידישע שטאט. מאנ־בעסמאל האט זי אויסגעזען — ווען א דייטש האט זיך ניט באוויזן — ווי אן אויטאנאמע יידישע מלוכה...

טרויעריק איז אבער געווארן, ווען עס האט זיך געמאכט אן אקציע וועגן ארבעטס־איינזאץ. דא האט זיך ארויסגעוויזן דער גאנצער אבסורד פון דער דאזיקער, נידערטרעכטיקער אינס־טיטוציע, וואס די דייטשן האבן פאר אונדזער פארניכטונג צו־געטראכט.

דער דייטשער איבערפאל אויף רוסלאנד האט די כזשאנא־ווער יידן גארניט איבעראשט, די כזשאנאוווער יידן האבן מ׳ט עטלעכע חדשים פריער געזען דעם גיגאנטישן אויפמארש פון די דייטשע חילות צו דער סאוויעטישער גרענעץ. אין הארצן האבן פיל אפילו געשפינען האפנונגען. ווער ווייסט? עס קען דאך גע־מאלט זיין א דייטשע מפלה און די רוסן וועלן אונדז אפשר בקרוב באפרייען?... און ווידער אומגעקערט, אויב די דייטשן זאלן חס ושלום זיגן, וועלן זיי מעגלעך נאכלאזן א ביסל פון זייער יידנפרעסערישן פראגראם, כאטש אויף א קורצער צייט, אזוי ווי עס איז געווען מיט א יאר צוריק בשעת די נצחונות אין פראנקרייך, בעלגיע...

ליידער האט דער קריגס־אויסברוך מיט רוסלאנד געברענגט אן ענדערונג לרעה. די לאגע האט זיך ראדיקאל געביטן. א חוץ די טרויעריקע גרוסן, וואס זיינען אנגעקומען פון איבריקן, פוילן, די מאסן שחיטות אין לעמבערג, סטאניסלאוו, טארנאוו, האט זיך אויך אין כזשאנאוו אונגעהויבן צו פילן דער ר״ח פון גאז. ווי מיט א קינאמאטאגראפישער שנעלקייט האבן זיך די דייטשן גע־נומען צו זייערע פינסטערע פלענער. עס האט ביי זיי ממש גע־ברענט אונטער די הענט. מעז האט זיך געאיילט וואס שנעלער אדורכצופירן די מערדערי׳ען. גזרות האבן זיך געשאטן איבער אונדזערע קעפ ווי אן האגל. די גזרות האבן נור געצילט אין איין פונקט: שווער מאכן די לאגע פון די יידן און צונויפטרייבן זיי אין אן ענגן געטא.

אין העברסט 1941 איז דאס געטא נאך פיל ענגער און איינגעשרומפּענער געוואָרן. די גאסן מיצקעוויטשא, קראקעווער־גאס, דער מארק, ווו דער רוב יידן האט געוווינט האט מען גע־מאכט „יודנריין". פאר יידן זיינען גור פּארבליבן די קליינע און שמאלע היגטער־גאסן ארום דעם מארק מיט דער קשיסקע־גאס און קאדלובעק. די קהילה איז איבערגעטראגן געוואָרן אין ר׳ יעקב לעמלער׳ס הויז (עק קראקעווער און פּיפּעק׳ס געסל) ווו זי איז שוין פאַרבליבן ביז צום אנטגילטיקן חורבן.

יידן האבן נאך שטארקער ווי פריער געמוזט יעדן טאג גיין צו דער ארבעט. אויך אין שבתים און ימים טובים האבן זיי געמוזט באדינען די פאליציי־לייט, ס. ס. מיליטער, פוצן זיי די שיך, וואשן די פאדלאגעס, רייניקן די אבארטן א. א. וו. א חוץ דעם האבן יידן געמוזט צושטעלן אלע טאג עטלעכע צענדליגג מאן פאר שטאטישע ארבעטן, ווי קערן די גאסן, אוועקרוימען דעם שניי א. ז. וו.

פלייש, אייער, פּוטער, מילך, הגם מען האט עס געקענט באקומען געגוג, האט א ייד ניט געטארט טועם זיין. דייטשע פא־ליציי־לייט זיינען ארומגעגאנגען אין די שטיבער גענישטערט אין די טעפּ, צו עס געפינט זיך ניט חלילה עפּעס פון דעם מין. די נשמה איז שיער ארויסגעשפּרונגען, ווען מ׳האט דערהערט דאס קלאַפּן פון די פאליצייאישע שטיוול. פיל, זעער פיל פון אונדזערע פרו׳יען און קינדער האבן באקומען אן הארץ פעלער פאר שרעק, א לאַנגע צייט פריער איידער זיי זיינען דערוואָרגן און פארברענט געוואָרן אין אוישוויץ...

אין דער צייט האט לינדנער מיט זיין ארבעטס־איינזאץ גיט גערוט. ווידער האט ער געפאדערט, ריכטיקער, געכאפּט די קר־בנות פאר די גאך אלץ ניט זאַטע דייטשע ארבעטס־לאגערן. דאס־מאל בלויז מיידלעך, ווייל די כזשאַנאַווער בחורים האבן זיך ניט געלאזט לייכט כאפּן אין זאק אריין. די אַפּטע אבלאַוועס פון דער דייטשער פאליציי האבן אפּט ניט געבראַכט דעם געוווּנטשע־נעם רעזולטאט, ווייל די באהעלטנישן זיינען כסדר פארפולקאַמט געוואָרן און עס איז פשוט געווען צו שטוינען איבער די דער־

פינדערישקייט פון די מענטשן, וועלכע האבן געוואלט לעבן און דערלעבן די נקמה אין אונדזערע פייניקער. די דייטשן זיינען זעלטן געקומען אויף די שפורן פון די מיט שארפזין קאנסטרוּ־ אירטע באהעלטענישן. לינדנער מיט זיין יידישן מיטהעלפער מא־ ניעק מארין האבן דאס פארשטאנען און דעריבער דורכגעפירט די לעצטע ארבעטס־איינזאץ אקציעס מיט דער הילף פון דער יידישער מיליץ. זיי האבן אפילו ניט געוואלט מער זיך סומך זיין אויף דער ארטיקער כזשאנאווער יידישער מיליץ אליין, נור אראפּ־ געבראכט צו דעם צוועק, א טייל פון דער סאסנאוויצער יידישער פאליציי. אין נאוועמבער 1941 איז טאקע אראפגעקומען א דרוּ־ זשינע פון דער סאסנאוויצער מיליץ און מיט אמת'ער איבער־ געבנקייט צו די דייטשע תלינים אויסגעפירט די דאזיקע שמוּ־ ציקע ארבעט, הגם עס האט אפיציעל געהייסן, אז מען וועט נעמען נור די מיידלעך, וועלכע זיינען דורך דעם יודנראט בא־ שטימט צו גיין אין לאגער, האט זיך, אבער די „אבלאווע" פון די סאסנאוויצער פארוואנדלט אין א יאגד אויף מיידלעך בכלל. די סאסנאוויצער מיליץ, אדער ווי מען האט זי באצייכנט „מע־ רינס לייבגווארדיע" האבן זיך אין פיל הינזיכטן ניט געהאט צו שעמען לגבי, זייערע דייטשע אויפטראג־געבער... ריקזיכטסלאז און מיט צינישער גראבקייט האבן זיי זיך אריינגעריסן (מיט קליינע אויסנאמען) אין יידישע שטיבער, געזוכט טאקע מיט „יידי־ שע" אויגן, די אין טויט־שרעק באהאלטענע מיידלעך, ארויסגע־ שלעפּט א גרויסן טייל פון די באהעלטענישן און אפגעפירט זיי קיין סאסנאוויץ אין דארטיקן דורכגאנגס־לאגער (דולאג). פון דארטן זיינען די מיידלעך מיט נאך אזעלכע קרבנות פון אנדערע שטעטלעך אפטראנספארטירט געווארן אין פארשידענע ארבעטסש־ לאגערן.

עס האבן זיך אויך גלייכצייטיק פארשארפט די דיסקרימי־ נאציע געזעצן קעגן יידן. די דייטשע פאליציי מיט שינדלערן בראש האט אנגעהויבן מדקדק צו זיין אויף די קלענסטע און נישטיקסטע חטאים, ווי קויפן אן איי, אדער אן עוף ביי א דארפס גויע, אדער פארקויפן צו א גוי א זאך, וואס איז ניט

געווען דערלויבט. די פאליציי האט געמאכט פראטאקאלן און מיט א קליינער געלט־שטראף באשטראפט די „זינדיקער“. גע־מיינט האט מען, אז די דאזיקע חטאים זיינען שוין אפגעווישט, אבער אין עטלעכע טעג אדער וואכן שפעטער האט זיך די פא־ליציי, ווי אויף קאמאנדע דערמאנט נאכאמאל אן די דאזיקע מענטשן. דער רעזולטאט פון אזא דערמאנען זיך איז געווען זעער א טרויעריקער. די אויבנדערמאנטע האבן באקומען פאוויעסט־קעס זיך צו שטעלן אין א געוויסן טאג אויף דער פאליציי וועגן זייער באגאנגענעם „פארברעכן“. ערשט אויף דער פאליציי האבן די מענטשן דערזען אין וואס פאר א פאסטקע זיי זיינען ארייג־געפאלן. די געסטאפא־לייט פון קאטאוויץ זיינען דאס אראפ־געקומען אויף א גאסטראל קיין כזשאנאוו און כלומר׳שט אדורכ־קאנטראלירט די אלע נישטיקע „פארברעכנס“. קיינעם פון די פארהאלטענע האט זיך אפילו ניט געחלומט, וואס אים דערוואַרט מען האט זיי אן א משפט אוועקגעשיקט קיין אוישוויץ, הגם מען האט דעמאלט נאך ניט רעכט געוווסט וואס דאס באדייט... פון צווישן די דאזיקע קרבנות פונעם דייטשן „רעכט“ איז כדאי צו דערמאנען, די פרוי פון משה ריכטער, א מאמע פון 4 קינ־דער, וועלכע האט געקויפט א הינדל ביי א גויע. פרוי גוטער, אויך פאר דעמזעלבן חטא. פרוי טייבל ציזנער, פארקויפט אין איר אייגן געוועלב פאר עטלעכע פעניק צוקערלעך צו א גוי א. א. וו.

די דאזיקע פראקטיק פון שיקן קיין אוישוויץ פאר אינדי־ווידועלע חטאים האט אנגעהאלטן פון 30־טן מאי 1942 ביז 18־טן פעברואר 1943. בדרך כלל האט מען די אויבנדערמאנטע אקצי־עס, גערופן „קיפא“־אקציע, (אפגעקירצט פון קרימינאל־פאליציי) וואס האט געהאנגען ווי א דעמאבלעס שווערט איבער די כזשא־נאווער יידן אין לעצטן יאר פאר זייער אומקום.

עס וועט זיין אינטערעסאנט פאר די לייענער דורכצופירן א געוויסן פאראלעל צווישן די פארשידענע „פארברעכנס“, וואס זיינען אין דער גלייכער צייט באגאנגען געווארן דורך כזשאנא־ווער יידן. כדי ניט צו פארהונגערן האבן זיך געוויסע יחידים

באשעפטיקט מיט וואַלוטע און גאָלד מסחר. די דאָזיקע סוחרים האָבן אַפילו באַקומען פאַר געלט פון דער דייטשער מאַכט פאַ־סיר־שיינען קיין בערלין און צוריק — ס׳זיינען דורכגעפירט גע־וואָרן פאַרשידענע טראַנזאַקציעס און פינאַנציעלע אָפּעראַציעס מיט וואַלוטע. ווען עס איז וועגן אַריינגעפאַלן פאַר אַזאַ מין חטא, איז ער געשטעלט געוואָרן פאַר אַ געריכט אין מיסלאָוויץ, אָדער קאַטאָוויץ. דער באַשולדיקטער האָט געקענט שטעלן זיינס אַ פאַרטיידיקער. די געריכטס־פאַרהאַנדלונג איז געפירט געוואָרן נאָרמאַל. אַזאַ באַשולדיקטער האָט באַקומען עטלעכע חדשים תפיסה און קאָנפיסקאַציע פונעם געפונענעם געלט. דאַקעגן דאָס „פאַרברעכן" פון קויפן אַן איי פאַר אַ קראַנקן, אָדער פאַר אַ קינד איז געווען פאַרבונדן מיט אַ זיכערן טויט אין אוישוויץ.

אַט אַזאַ מין שטראָף פאַרהעלטניש האָט געקענט עקזיס־טירן נור ביי די דייטשן. זיי האָבן דערביי געהאַט אַ ספּעציעלע כוונה פון אַרויספרעסן ביי יידן זייערע באַהאַלטענע אוצרות, געלט, שמוק, ווערט־פאַפּירן א. א. וו. דער דייטשער פינאַנץ־מיניסטער ווילטשעק, וועלכער איז געווען אַן אָפטער גאַסט אין כזשאַנאָוו איז גענוי געווען אינפאָרמירט וועגן די אַלע מסחרים. ער האָט געהאַט צו זיין דיספּאָזיציע אַ שטאַב פון יידישע מוס־רים צווישן די אויבערשלעזישע יידן (לעדערער) די סוחרים זיינען איינער נאָכן אַנדערן אַריינגעפאַלן אין דעם פון פריער גוט צו־געטראַכטן נעץ, נאָכשלעפנדיק מיט זיך אַ צווייטן און אַ דריטן. אַפילו נאָך דער „ליקווידאַציע" פון אַלע כזשאַנאָווער יידן האָבן די דייטשן זיך ניט מיאש געווען פון זוכן יידישע פאַרמעגנס איינגעמויערטע אין די ווענט פון די הייזער, אָדער באַגראָבענע אונטער דער ערד.

דער אויבן דערמאָנטער ווילטשעק איז אין זומער 1943, ווען כזשאַנאָוו איז שוין געווען „יודנריין" אַרומגעפאָרן אין די אַרבעטס־לאַגערן, ווו כזשאַנאָווער יידן האָבן זיך געפונען מיט צוויי פון זיינע יידישע מוסרים, דער כזשאַנאָווער שמואל קלאַפּ־האָליץ און דער סאָסנאָוועצער פינטשע פעלמאַן און דורך דער פאַרמיטלונג פון די דערמאָנטע 2 יידן אַפּעלירט צו די הונגע־

ריקע און אויסגעמוטשעטע כזשאנאווער יידן אין די לאגערן פון מארקשטעט, קלעטנדארף, לודוויגסדארף א. א. זיי זאלן אויסגעבן די ערטער, ווו ס׳ליגן באהאלטן די פארמעגנס, צוזאגנדיק פופציק פראצענט פון די געפונענע סומעס תיכף ומיד צוריקצוגעבן די אייגנטימער אין די לאגערן.

עס איז קלאר, אז אלע פארזיכערונגען זיינען געווען א ריינער שווינדל. דער רוב פון די כזשאנאווער יידן, האט זיך ניט געלאזט כאפן אויף דער „ווענטקע“ און מיט דעם געפיל פון גם לי וגם לך לא יהיה, מיטגענומען דעם סוד אין קבר אריין...



דאס ארבעטס־אמט ביים יודנראט. אין פאדער־גרונט דער ציוי־
ניסטישער עסקן הערש באכענעק.



שקלאפן ארבעט פאר די דייטשן בעת מלחמה.





שקלאפן־ארבעט פאר די רייטשן בעת מלחמה



כזשאנאווער מיידלעך אין ארבעטס-לאגער. טראָץ אלע צרות דעם מוט ניט פארלוירן.



—דער פרעזעס פון יודנראט בצלאל צוקער מיט י. ש. שענהעריץ אינמיטן דער קינדער־קאלאניע, וואס דער יודנראט האט אויסגעהאלטן.

# דאס יאר 1942

אין דעם יאר האט זיך ווי א גליענדיקע לאווע א שיט געגעבן אויף די כזשאַנאווער יידן די גרעסטע יסורים און פיין. די צאל פון די פרישע גזרות, האט קיינעם ניט מער איבעראשט. דער גורל איז שוין דאן ליידער געווען געחתמעט. ניט די פער־זענלעכע פרייהייט, נור דאס נאַקעטע לעבן איז געשטאנען אַין קאן.

אין יאנואר 1942 האט די געסטאפא פארארדנט, אז יידן דארפן אפליפערן גאלדענע חפצים פעלצן, טייערע מלבושים, וואס געפינט זיך אין זייער באזיץ. (פאקטיש האבן יידן שוין לאנג ניט געטארט באזיצן קיין גאלד) דאס אלץ האט מען באדארפט אפליפערן דעם יודנראט, וואס האט געהאט די פליכט דאס אי־בערצוגעבן די דייטשן. דעם יודנראט איז געזאגט געווארן מצד די געסטאפא לייט, אז וואס מער זאכן יידן וועלן ברענגען, וועט עס מאכן א בעסערן איינדרוק אויף דער דייטשער מאכט לטו־בת די כזשאנאווער יידן...

דער יודנראט האט אנגעווענדעט אלע כוחות, כדי די זאמ־לונג זאל ברענגען וואס מער, בעיקר פוטערווארג און וואלענע זאכן, וואס די דייטשן האבן אזוי נויטיק געדארפט האבן אין טיפן רוסלאנד פאר זייער ארמיי. כמעט אלע יידן האבן זיך בא־שטייערט פאר דער דאזיקער זאמלונג. דער יודנראט האט ווירקלעך צונויפגעזאמלט א באדייטנדיקן טראנספארט פון גאלד, פעלצן, וואלזאכן, וואס די דייטשן האבן איבערגענומען מיט זייער בא־קאנטן זיס־גיפטיקן שמייכעלע... אין געדאכט האט זיך, אז דער „קרבן" איז אנגענומען געווארן לרצון...

אין צוזאמענהאנג מיט דעם ווילן מיר אויך דא דערמאנען

א צווייטן פאל, וואס האט געהאט פאר כושאנאוו נאך פּאָטאָ־לערע פאלגן ווי דער ערשטער אין וואס האט זיך אפגעשפילט כמעט אין איין און דערזעלבער צייט. ווי מיר האבן שוין פריער דערמאנט האט דער יודנראט געהאט אין זיין רשות א ווירט־שאפטס־אפטיילונג מיט מאגאזינען פון לעבנסמיטל צו באזארגן די יידישע באפעלקערונג. אין איינעם פון די מאגאזינען האבן געלאגערט קארפיעלעס (קלאָקעס) און מחמת ליכט־מאנגל האבן די קארפיעלעס אנגעהויבן צו פוילן. דעם דאזיקן געווינלעכן צופאל האט די געסטאפא אויסגענוצט צו א מערדערישער אק־ציע קעגן דעם יודנראט גופא, צילנדיק הויפטזעכלעך אין די פערזאן פון איר פרעזעס בצלאל צוקער און די לייטער פון ווירטשאפטס־אמט מענדל נוסבוים און קלמן טייכלער,ביידע מיטגלידער פונעם יודנראט. די דאזיקע מענטשן מיט א יידישן און געזעלשאפטלעכן אחריות־געפיל, זיינען באשולדיקט געווארן ניט מער און ניט ווייניקער, ווי אין סאבאטאזש קעגן די דייטשן. געוווסט האט מען שוין אין שטאט, אז די געסטאפא האט אן „אויג" אויף בצלאל צוקער, וועלכער האט מיט זיין ווירדיקן און שטאלצן אויפטרעטן „גערייצט" די געסטאפא לייט קראנוי און פרייטאג. צוקער האט ביי זיין „משא ומתן" מיט די דאזיקע בעסטיעס זיך ניט געבויגן אין דרייען און ניט געשמייכלט אונ־טערטעניק, ווי דער רוב יידן אין יענער צייט, בעת זייער רעדן מיט א דייטשער שררה. ער האט אויך ניט מהאי טעמא שטארק נושא חן געווען ביי זיין „לייטער" מאניעק מערין, וועלכער איז ביי זיינע אלע פעאיקייטן געווען א פארקריפלטער גלות־ייד. עס איז א סברה, אז בצלאל צוקער, וועלכער האט געהאט א ווייטערן און רעאלן קוק אויף דער יידישער לאגע, איז פאר מערי־נען געווארן אומבאקוועם. בצלאל צוקער האט אנגעהויבן קוקן מיט אפענע אויגן ארום זיך און אויך טיף באגריפן די טראגישע לאגע און וועלכער יידן האבן זיך געפונען.

עטלעכע טעג פאר זיין גרויזאמען טויט האט ער זיך טרעפ־לעך אויסגעדריקט פאר זיינע נאענטסטע מיטארבעטער אין יודנ־ראַט, אז סוף כל סוף איז דער יודנראט ניט מער ווי אן עקס־

פאזיטור פון דער געסטאפּא און דער פּרעזעס זיינער צו ער וויל, אדער ניט — א מערדער פון זיינע אייגענע ברידער. דער פּיפּי־קער מערין האט מורא געקראגן פאר דעם קלוגערן פון אים בצלאל צוקער און ווי שמערצלעך דאס זאל ניט זיין אונטערגע־שטעלט צוקערן א „פוס“.

אן שום חקירה ודרישה האט מען די אויבנדערמאנטע מיט בצלאל צוקער בראש אפגעפירט אויף דער פּאליציי, זיי מערדער־לעך צעשלאגן און אוועקגעפירט קיין אוישוויץ. פון דארטן זיי־נען אין עטלעכע טעג ארום אנגעקומען אפיציעל פון דער לא־גער־פּארוואלטונג אין אוישוויץ אונטערגעשריבענע טעלעגראמעס אין וועלכע עס איז געמאלדן געווארן זייערע פאמיליעס וועגן דעם טויט פון זייערע מענער און טאטעס, אנגעבנדיק די „קראנ־קייט“ אויף וועלכע זיי זיינען „געשטארבן“.

דער דאזיקער קלאפּ איז משמעות געווען קאלטבלוטיק אויס־גערעכנט. דאס איז געווען אן ערנסטער קלאפּ פאר דער כזשא־נאווער באפעלקערונג. די פּאליציי־לייט האבן שפּעטער נאכדער־ציילט, אז ווען מען האט בצלאל צוקער אראפּגעבראכט צום געס־טאפּא־שעף האט דער געסטאפּאוויעץ זיך אויסגעדריקט ! „נון האבן מיר ענדלעך דעם שטאלצן און קאַלטן צוקער אין אונדזע־רע הענט“...

אין די ערשטע טעג פון חודש מערץ איז דאס גאנצע יידי־שע געטא ארומגערינגלט געווארן מיט פּאליציי און ס. ס. בכדי דורכצופירן א רעוויזיע, און פעסטצושטעלן צו יידן האבן אפּגע־געבן אלץ וואס מען האט געפאדערט פון זיי. ביי וועמען מען האט נור געפונען עפּעס פון פוטערוואַרג — האט עס געמעגט זיין אן אויסגעקראכענער אלטער פעלץ, אדער גאר א פוטערנער קינדערמאנטל — האט מען אפּגעפירט אויף דער פּאליציי, ווו מען האט די פארהאלטענע געשלאגן מכות אכזריות. אין אנ־פאַנג האט מען עס גארניט גענומען אזוי שטארק ערנסט און געדאכט האט זיך, אז מען וועט די מענטשן באלד באפרייען, אבער ווען די דייטשן האבן שוין געהאט א צענדליק פארהאלטן האט מען די דאזיקע אומשולדיקע נפשות אוועקגעשיקט קיין

אוישוויץ... עס איז כדאי צו באמערקן, אז צווישן די פארהאל־טענע האבן זיך געפונען, דער לאנגיעריקער מיטגליד פון כזשא־נאווער שטאטראט ר׳ חיים ריכטער הי״ד מיט דער באקאנטער „וויצא״ טוערין פרוי קארנגאלד הי״ד.

כדי צו פארפולן דעם בעכער פון טרערן, איז נאך צו די דאזיקע צרות צוגעקומען דעם 11־טן מערץ דער „באזוך״ פון מאיאר לינדנער. ווידער איז כזשאנאוו ארומגערינגלט געווארן מיט די באקאנטע מלאכי חבלה. מען האט ארויסגעשלעפט יידן פון די בעטן, גענומען וואס עס האט זיך נור געלאזט, מיט „זאנדערס״ און אן „זאנדערס״, צוזאמען עטלעכע הונדערט מע־נער, עלטערע און יונגערע און אפגעפירט אין פארשידענע אר־בעטס־לאגערן ווו דער רוב פון זיי האט געפונען דעם טויט.

מיטן ליקווידירן בצלאל צוקער אין וועמען די מער בא־וווסטזיניקע יידן האבן געזען א פארטיידיקער קעגן אויסערלעכע און אינערלעכע שונאים, איז אין יודנראט אנטשטאנען א בלויז, וואס האט זיך ניט געלאזט אויספילן. דער יודנראט איז געבליבן ראטלאז, עס איז אנטשטאנען אין אים א תוהו ובוהו און צו דעם האבן די דייטשן טאקע געצילט, ווייל אין דער דאזיקער צייט איז דער טאטאלער אויסראטונגס־פלאן שוין געווען ביי זיי אויסגעארבעט. פאר די דייטשן איז ניט געווען באקוועם צו האבן צו טון מיט באוווסטזיניקע און שטאלצע יידן פון שניט בצלאל צוקער.

צווישנצייט האט מערין אראפגעשיקט קיין כזשאנאוו דעם ד״ר בעם אלס קאמיסאר און זיין פארטרעטער אנצופירן מיטן יודנראט. סוף אפריל ניט קוקנדיק אויף די פאראייִנצלטע „קרי־פא״־אקציעס, וואס האבן ניט אויפגעהערט, האבן די דייטשן אראנזשירט א שוידערלעכן ספעקטאקל, אויפהענגנדיק 7 יידישע קדושים אין כזשאנאוו. ווי עס שיינט האט דאס געדארפט זיין דער סיגנאל פאר דער פולשטענדיקער ליקווידאציע פון כזשא־נאווער יידן. מיט די דאזיקע אקציעס האט מען געוואלט אַנ־ווארפן א שרעק, ארויסרופן א בהלה־שטימונג, איינברעכן דעם מוט און ווידערשטאנד קעגן זייערע פייניקער.

קרבנות צו דעם דאזיקן טרויעריקן שפיל האבן ניט געפעלט, ווייל תמיד איז די פאליציי תפיסה געווען „באזעצט" דורך עט־לעכע יידן און גראד האבן זיך דארט געפונען די, וועלכע מען האט שפעטער אויפגעהאנגען. וואלטן עס ניט געווען די יידן, וואלט מ'ן שוין געפונען אנדערע קרבנות אויף זייער ארט. אין דער צייט האט מען גענומען אין תפיסה אן אלטן בעקער ר' ישראל גערשטנער מיט זיינע צוויי זין, (איינער פון זיי איז גאר געווען א משוגע'נער) וואס לויט א מסירה פון א פוילישן קווי־מענקערער האט זיך גערויכערט פון זיין קוימען, בעת ער האט ניט געטארט בכלל באקן. ביי א צווייטן ייד, פייוול ווייסבערגער (פייוול יאשעס) האט מען געפונען אביסל קאָווע, ישעיהו שפאנ־געלעט האט געהאט „אומגעזעצלעך" א ביסל ציבל מיט פיעט־רישקע (אגב א ווילער ייד א בעל־צדקה). ישראל פריש איז געווען אן ערלעכער סוחר, צוליב א מסירה פון א דייטש איז ער אריינגעפאלן אין תפיסה. דער 7־טער איז געווען אן עלקישער ייד ביי וועמען מען האט געפונען א שטענגל וורשט צדה לדרך. אט די דאזיקע „פארברעכער" האט מען פאראורטיילט צום הענגען. אין מיטן מאי 1942 האט דער יודנראט באקומען א באפעל אָויפצופאדערן אלע יידן, זיי זאלן קומען און זען, ווי מען הענגט זייערע אייגענע ברידער און כדי צו זיין זיכער, אז די יידן וועלן קומען האט מען ביי א גרויסן טייל אפגענומען זייערע פערזענלעכע דאקומענטן, וועלכע מען האט געדארפן באקומען ערשט אויפן אזויגערופענעם, ספעציעל איינגעארדנטן „הענקער־פלאץ" אין דער קזשיסקער גאס.

די דייטשן האבן זיך צו דעם דאזיקן ספעקטאקל געגרייט מיט גרויס פאמפע. אן אויטא—דראשקע מיט א מעגאפאן איז ארומגעפארן איבער דער שטאט און מיט שמחה און טריומף אויסגעשריגן, „היינט הענגט מען 7 יידן, מארגן 100, איבער־מארגן אלע יידן" אלע אוניפארמירטע דייטשן זיינען געקומען אין זייערע שענסטע גאלא - אוניפארמען. די ציוויל דייטשן אין זיייער יום - טוב'דיקער קליידונג מיט זייערע פרויען און פריינ־דינס. אויפן „הענקער־פלאץ" האט מען אראפגעבראכט 7 האלב־

טויטע יידן, אפגעגאלט און מיט אנטבלויזטע העלזער, קוים וואס זיי זיינען געשטאנען אויף די פיס. 7 ספעציעל אראפגעבראכטע תלינים מיט 7 געהילפן האבן אויסגעפירט דעם עקלהאפטן מארד. 7 אלטע בוימער האבן געדינט אלס תליות. דער שוין דערמאנטער פאסעק וועבער האט געמוזט אויספראבירן צו די תליות זיינען גענוג שטאנדהאפטיק...

העכער צוויי שעה, וואס האבן זיך געצויגן אין די אומ־ענדלעכקייט האבן די אנוועזענדע יידן געמוזט שטיין און ווארטן אויפן „הענקער־פלאץ" און קוקן אויף זייערע אומגליקלעכע ברידער־קדושים, ווי זיי הויכן אויס זייערע נשמות. אלע ווי איי־נער האבן ביים אנציען די פעטליע אויסגעשריגן א שוידערלעכן „שמע ישראל". איינער פון די קדושים האט נאך באוויזן אויס־צושרייען, נקמה צו געמען איבער די מערדער.

ווי מיר האבן שוין דערמאנט איז דאס הענגען די 7 יידן געווען א סיגנאל צו דער שוין באשלאסענער ליקווידאציע פון די כזשאנאווער יידן. דעם 30־טן מאי האבן זיך אלע כזשאנא־ווער יידן געדארפט שטעלן אויף עטלעכע פלעצער. אנגערופן האט מען די אקציע אומשולדיק „אויסזידלונג". מען האט נאך דעמאלט ניט גענוי געוווסט וואס דאס באדייט אייגנטלעך. די דייטשן האבן געהייסן מיטברענגען יעדן איינעם זיינע זאכן אין א באשרענקטער צאל. עס איז אראפגעקומען דער לייטער פון דער סאסנאוויצער צענטראלע מאניעק מערין מיט זיין סעקרע־טארין פרוי טשארני, וועלכע האבן אין באגלייטונג פון געסטאפא לייט געמאכט די סעלעקציע ד.ה. באשטימען מי לחיים ומי למות. די יידן האט מען אויסגעשטעלט אין רייען און איינגעטיילט אין 3 גרופעס. גרופע 1 איז געווען נאך צו פארבלייבן, גרופע 2 באַשטימט צו שיקן אין די לאגערן, גרופע 3 אלטע און שוואכע צו דער אויסזידלונג. אן ערך 3000 כזשאנאווער יידן, דערונטער די סאמע אנגעזעענסטע עלטערע מענטשן ווי ר' נטע דיין, ר' יחיאל פערלשטיין דער אומדערמידלעכער בעל צדקה בשעת דער אקופאציע ר' משה ליפשיץ, מיט אייןווארט, דאס שענסטע און בעסטע, וואס דאס יידישע כזשאנאוו האט פארמאגט האט מען

פארשפארט אין דער פאלקס־שול און בתי־מדרשים, פון וואנען זיי זיינען אפטראנספארטירט געווארן אין דעם נאענטן אוישוויץ.

ווי מיר האבן שוין דערמאנט האט זיך א גרויסע צאל יידן פארשאפט „זאנדערס", אדער געארבעט ביי פארשידענע עבודת־הפרך. הגם די „זאנדערס" האבן שוין פיל פארלוירן פון זייער וויכטיקייט, ווייל א היבשע צאל פון זיי, איז נאך אין מערץ פון זעלבן יאר גענומען געווארן אין די לאגערן, איז אבער נאך פארבליבן א באדייטנדיקע צאל ביי אלערליי עפענטלעכע אר־בעטן, וואס עס האט ארגאניזירט דער ארבעטס־אינספעקטאר קליינעקע. דער דאזיקער דייטש האט אפשר געהאט א גוטן ווילן, מיינענדיק, אז די יידן, וואס זיינען ביי אים באשעפטיקט, וועלן קענען ביי אים פארבלייבן. ער האט אויך אלץ געטון, כדי אריינצוציען יידן אין א וויכטיקן ארבעטס־פראצעס. לויט זיינע הבטחות האט ניט געדראט קיין שום געפאר מען זאל ביי אים באשעפטיקטע יידן אוועקנעמען אין די לאגערן. אבער אין חודש יוני 1942 איז געקומען דער באפעל, אז אלע יידן, וואס זיינען באשעפטיקט ביי קליינעקע מוזן גיין אין די לאגערן. מען האט די ארבעטער ניט געגעבן קיין צייט אפילו מיטצונעמען דאס נויטיקסטע. גלייך פון דער ארבעט האט מען די אלע „זי־כערע" ארבעטער אוועקגענומען און אפטראנספארטירט אין די לאגערן. נאך א מאל האט מען זיך איבערצייגט, וואס פאר א ווערט עס האבן אלע דייטשע הבטחות...

די צרות, וואס האבן זיך אין דעם יאר 1942 א שיט גע־געבן אויף כזשאנאווער יידן לאזט זיך קוים שילדערן אין ווער־טער. ווי ביי איוב'ן אזוי האבן די צרות ניט לאנג געלאזט ווארטן איינע אויף דער אנדערער. אט האט מען נאך ניט אפגעאטעמט פון די פריערע זיינען שוין געקומען פרישע. מען האט פשוט קיין צייט ניט געהאט צו טראכטן אין וואס פארא מורא'דיקער לאגע מען געפינט זיך. דאס איילעניש און יאגעניש פון די דייטשן, וואס שנעלער אויסצומארדן די יידן האט אנגענומען אזעלכע שרעקלעכע פארמען, אז מען האט זיך שוין אויפגעהערט כמעט צו אינטערעסירן מיט די איינצעלנע אקציעס פון קריפא און געס־

טאפּא, וואס האט טאג־טעגלעך געפאדערט אומצייליקע קרבנות.

אונטער פארשידענע לעכערלעכע אויסריידן און צוטשעפע־נישן האט מען כסדר איינצעלנע יידן און נאכער אויך גאנצע משפחות אוועקגעשיקט אין אוישוועניטשימער גיהנום. כאראקטע־ריסטיש פאר די דייטשן איז געווען דאס אוועקשיקן קיין אויש־וויץ דוד וואכסבערג (בישטע) און פאסעק וועבער, צוויי פארשוי־נען אויף וועלכע די דייטשן האבן זיך באשטימט ניט געהאט צו באקלאגן. פארוואס מען האט זיי באזייטיקט האט מען ניט גע־קענט דערגיין. ווי מען האט זיך משער געווען האבן די לעצטע צוויי, וועלכע זיינען אויך געווען מיטגלידער פונעם יודנראט, צופיל סודות געוווסט פון דער פאליציי און די פאליציי האט זעט אויס געוואלט צעברעכן די כלים מיט וועלכע זי האט זיך בא־נוצט פאר ניט ריינע צוועקן...

משמעות, אז די לעצטע 3000 יידן, וועלכע די דייטשן האבן אקארשט אוועקגעפירט איז זיי נאך צו ווייניק געווען. דער מולך אין אוישוויץ האט פארלאנגט כסדר פרישע קרבנות אויסצופרא־בירן די ניי־אינסטאלירטע מאדערנע גאז־קאמערן און קרעמא־טאריעס. אזוי איז סוף יולי, אדער אנפאנג אויגוסט באקאנט געווארן פון דער פאליציי, אז די פארבליבענע נאך כזשאנאווער יידן דארפן זיך שטעלן אויף א באשטימטן פלאץ, ווו מען וועט סטעמפלען זייערע לעגיטימאציעס, כלומרשט א מין פאלקס־ציי־לונג, כדי „געגנוי" צו וויסן וויפיל יידן עס זיינען אין שטאט פארבליבן (אזוי האט פארזיכערט דער לייטער מערין). אבער בעת דעם סטעמפלען האבן די דייטשן ארומגענומען דעם פלאץ און ווידער אמאל דאס פאריקע „שפיל". צוגענומען נאך עטלעכע הונדערט יידן און זיי אוועקגעשיקט אין שאול תחתיות...

# שאָפּ

א באזונדער קאפּיטל דאַרף געווידמעט ווערן דער אינס־טיטוציע אויף וועלכע כזשאנאווער יידן האבן אזוי פיל האפ־נונגען געלייגט, איך מיין דעם שאפּ. היינט קלינגט שוין דאס ווארט שאפּ א ביסל פּרעמדלעך, ווייטלעך. אבער בשעת מעשה, האט זיך דער שאפּ איינגעגעסן אין אונדזערע ביינער, ווי א פּיאווקע ארויסגעצויגן אונדזער מארך און בלוט, אפילו פון די נאך פארבליבענע פרויען און מינדעריעריקע קינדער. דער שאפּ האט כלומרשט געזאלט זיין פאר אונדזער טובה וועגן און אַלס אזעלכן האט מען טאקע אים באטראכט אין דער לעצ־טער צייט פאר דער אנטגילטיקער ליקווידאציע. הגם דער שאפּ איז אין ים מיט צרות ניט געווען מער ווי א שוואכע שטרוי אין וועלכער מען האט זיך ווי א טרינקענדיקער אנגעכאפּט מיטן גלויבן, אז עס איז א פעלז איז עס קיין וואונדער ניט. אז מען האט זיך שנעל ארומגעזען, אז די „זאנדערס" טויגן ניט. די ארבעט ביי קליינעקע האט זיך ארויסגעוויזן ווי א זייפנבלאז. צו וואס מען האט זיך נור צוגערירט האט געשמעקט מיט טויט. עס איז דעריבער זיך ניט צו וואונדערן וואס אלע נאך פארבלי־בענע כזשאנאווער יידן האָבן זיך בלית ברירה געריסן צום שאפּ, וואס איז געווען ניט מער ווי א פאטא מארגאנא, וואס האט אלעמען פארבלענדעט, געגנויער בלינד געמאכט...

די צוציאונגס קראפט פונעם שאפּ איז באשטאנען אין זיין — ווי יידן האבן ליב צו זאגן — שכל׳דיקייט. די דייטשן פירן מל־חמה; זיי ברויכן מלבושים פאר דער ארמיי. דא האבן זיי א גרויסע צאָל שניידער, פאכמענער, וועלכע ווילן גערן ארבעטן אבי צו בלייבן ביים לעבן. דעם גרעסטן טייל פון לוין פאר דער

ארבעט נעמט צו די ס. ס. די אדמיניסטראציע קאסט כמעט גארניט, ווייל דאס באזארגט שוין דער יודנראט. די ארבעט ווערט שנעל, פונקטלעך און מיט פאכמענישער קענטניש אויס־געפירט. דער אויספיר איז, אז מען דארף די יידן האבן פאר דער ארבעט אין שאפ, ווייל אנדערש קען גארניט זיין...

אייגנטלעך זיינען געווען 2 שאפן. איינער א פיליע פון דער טשעבינער גומי פאבריק דער צווייטער שאפ ווידער איז געווען אן אפצווייג פון דער בערלינער פירמע ראזנער, וועלכע האט געהאט די הויפט־פיליע אין בענדינער שאפ.

דער שאפ — אין אלגעמיין גערופן בלשון יחיד — האט זיך געפונען אין בנין פון דער חברה קובע עתים, וואס איז אויך געווען אממיינסטן פאסיק פאר דעם דאזיקן צוועק און אין די דערנעבנדיקע בנינים ווי תלמיד תורה, מושב זקנים, ראדאמס־קער און באבאווער שטיבלעך. אקוראט ווי אין פרעה׳ס צייטן האבן די דייטשן אויך דא ניט געגעבן קיין שטרוי אויף ציגל. די דערצו נויטיקע ניי־מאשינען און אלע אנדערע מכשירים האט דער יודנראט געמוזט אליין באזארגן. מען האט פשוט געמוזט רעקווירירן אלע יידישע ניי־מאשינען אין שטאט, אדער דער ייד, וואס האט געוואלט ארבעטן אין שאפ, האט זיך געמוזט מיט־ברענגען א ניי־מאשין. 1500 יידן האבן געארבעט גאנצע 24 שעה אין מעת לעת אין 3 שיכטעס. געארבעט האבן אנשים, נשים וטף. דער לוין איז געווען א נישטיקער, די ארבעט א גענוג שווערע און פאראנטווארטלעכע. די ארבעטער איינגעטיילט אין גרופן, יעדע גרופע האט געהאט זיין מייסטער, א שניידער פון פאך, וועלכער איז געווען פאראנטווארטלעך פאר א פעלערלא־זער אויספירונג פון דער ארבעט, מוסטערהאפטער ארדנונג און שטרענגער, כמעט מיליטערישער דיסציפלין. מ׳האט געמוזט אר־בעטן אין שבתים און ימים טובים אריינגערעכנט ראש השנה און יום כפור.

דאס גאנצע יידיש געזעלשאפטלעכע לעבן אין דער לעצ־טער צייט (אן ערך פון יולי 1942 ביז פעברואר 1943) האט זיך אפגעשפילט אין שאפ. פריידן און ליידן, צרות און פארגעניגן

האבן אויסגעפילט די דאזיקע מויערן. ווער עס האט זיך פון הארצן אראפ גערעדט און ווער א נייעם וויץ דערציילט, אדער א פריש לידל געזונגען. דער געמיינזאמער גורל האט פארווישט דעם אונטערשיד צווישן אריסטאקראטיע און עמך, צווישן אמאַ־ליקן גביר און קבצן. מען האט אינסטיקטיוו געפילט, אז דאס לעבן הענגט סיי ווי אויף א האר, האט מען כאטש די צייט לוסטיק און פרייליך פארבראכט, געלאכט און געוויצלט זיך פון אייגענע צרות, געלעבט מיט גאלגן־הומאר, וואס קיין שום אומה ולשון וואלט עס זיכער ניט געקענט נאכמאכן.

אלס לייטער פונעם שאפ זיינען כדאי דערמאנט צו ווערן, שמעון ארענשטיין און ראזענבערג, וועלכע זיינען אויף א רעכט־זלהאפטן אופן פלוצים אוועקגעפירט געווארן אין אוישוויצער גיהנום תיכף ביים אנפאנג פון דער שאפ־עקזיסטענץ. אויף דעם דאזיקן פרט שטעלן מיר זיך באזונדער אפ, ווייל עס איז פאראן אן השערה, הגם עס לאזט זיך ניט היינט גענוי פעסטשטעלן, אז דא, ביי ארענשטיין און ראָזענבערג איז געווען עפעס ענלע־כעס ווי ביי דעם פאל בצלאל צוקער. פון די קארגע לוינען, וואס זיינען אנגעקומען פאר די ארבעטער פונעם שאפ האט די סאסנאוויצער צענטראלע געוואלט אראפשלינגען דעם גרעסערן טייל און די צוויי דערמאנטע לייטער פונעם שאפ האבן זיך שטארק אנטקעגנגעשטעלט און זיך אנגענומען די קריוודע פון די ארבעטער, ניט ווילנדיק צולאזן צו אזא מין משא ומתן. סאסנאוויץ, וואס האט ניט געדולדעט קיין אייגענע מיינונגען ביי אירע „אונטערטאנען" פון וועלכער זייט עס זאל ניט זיין האט אזא מין זאך באטראכט ווי א רעוואלוציע קעגן איר ממשלה און זיי געלאזט אפרוימען כלאחר יד. עס איז אויך ניט אויסגעשלאסן, אז דער מארד איבער ארענשטיין און ראזענבערג האט געהאט דעם ציל אנצווארפן א שרעק אויף די שאפ־ארבעטער, בכדי זיי צו האלטן אין צוים. דאס מיטל איז פון די דייטשן מיט דערפאלג באנוצט געווארן.

דער שאפ האט געארבעט ביז דער אויסזידלונג. פון דער ניי־מאשין און פרעס־אייזן זיינען די ארבעטער אפגעפירט געווארן צו די זאמל־פלעצער, ווער צום ארבעטס־לאגער און ווער צום גאז אויוון.

# דאס יאר 1943

נאכדעם ווי דאס יאר פון גרעסטן פיין פארן כזשאנאווער יידנטום איז פאריבער איז אין אנפאנג 1943 איינגעטרעטן א א געוויסע שטילקייט. דאס מיינט ניט, אז עס איז געווען אן אַבסאלוטע מנוחה. עס זיינען נור ניט פארגעקומען קיין מאסן אקציעס, הגם די טאגטעגלעכע קריפּא־אקציעס האבן ווייטער אנגעהאלטן. ביי די דאזיקע קריפּא־אקציעס האבן זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט צוויי העכערע פונקציאנערן פון דער קרימינאל־פּאליציי לאץ און וועסטפאל. זיי האבן מיט א באזונדערן סאַ־דיזם פארפאלגט זייערע קרבנות. הינטערליסטיק געלויערט אויף איינצעלנע יידן, כדי זיי צו כאפּן ביי עפּעס א חטא, וואס עס איז אויך די דערמאנטע רוצחים אין די מערסטע פאלן געלונגען. זיי האבן אפילו ניט געשוינט זייערע נאענטסטע יידישע באַ־קאנטע ביי ווען זיי פלעגן נעמען מתנות מיט לאפּווקע. (דרך אגב איז כדאי צו באמערקן, אז די צוויי רוצחים זיינען דורך כזשאנאווער יידן ערשט אין יאר 1948 דערקענט און אי־בערגעגעבן געווארן דער גערעכטיקייט, זיי האבן פון א פּויליש געריכט באקומען זייער פארדינטן פּסק) בכלל האט די לעצטע צייט פאר דער פולשטענדיקער ליקווידאציע געהערשט צווישן די כזשאנאווער יידן אן אפּאטישע שטימונג. ווי א ווילנלאזע טשע־רעדע געגאנגען אָין שפּאן, ניט טראכטנדיק וועגן גארניט. אלע חושים זיינען געווען איינגעטון אין דער ארבעט אין שאפּ און אין אנדערע נאך פארבליבענע עפּענטלעכע ארבעטן פון קליינ־עקע.

ווי עס זאל ניט קלינגען אלס אבסורד, איז אבער כדאי צו פארצייכנען דעם פאקט, אז די לעבנסמיטל צוטיילונג פאר דער

יידישער באפעלקערונג האט זיך אין דער סאמע לעצטער צייט באדייטנד פארבעסערט. יידן האבן באקומען דאס זעלבע וואס די ניט יידישע באפעלקערונג. דאס אליין האט שוין געפירט צו א געוויסן אפטימיזם, צו א גלויבן, אז די רעשט פארבליבענע יידן וועט מען שוין לאזן צו רו. צו דעם דאזיקן אפטימיזם אין די לעצטע גסיסה שעה׳ן האבן די דייטשן ווי עס זעט אויס טאקע געשטרעבט, כדי זייער אויסראטונגס־פלאן זאל איינגאנצן געלינ־גען. דער דאזיקער — ווילט זיך זאגן — אפאטישער אפטימיזם האט לויט אונדזער מיינונג כמעט אפגעקווילעט די נאך פארבלי־בענע 3000 יונגע כזשאנאווער יידן און ווי מיר האבן שוין אין אנפאנג באמערקט זיינען אויך די מושלים פון לעצטן יודנראט, ניט אין א קליינער מאס שולדיק און דעם, וואס עס איז אזוי געשען און ניט אנדערש...

דאנערשטיק פארטאגס י״ג אדר ראשון תש״ג, למספרם דעם 18־טן פעברואר 1943 האבן די דייטשן אפגעשלאסן די שטאט, צוזאמענגעטריבן אלע יידן אויפן מארק און אקוראט ווי ביי חורבן ירושלים זיינען מיט די רוימער מיטגעקומען פראפעסיא־נעלע שקלאפן הענדלער, אזוי איז אויך דא אין כזשאנאוו צו דער דאזיקער לעצטער אקציע מיטגעקומען לינדנער מיט זיין שטאב אוועקצוקלויבן יונגע, קרעפטיקע יידן אלס שקלאפן אין די דייטשע ארבעטס־לאגערן. (ביים שרייבן די דאזיקע שורות איז אנגעקומען די ידיעה, אז דער צורר־היהודים לינדנער איז אין האמבורג פארהאלטן געווארן און ביים בריטישן מיליטער גע־ריכט האט ער ניט נור ארויסגעוויזן קיין חרטה געפילן, נור להפך, באדויערט, וואס ער האט נאך צו ווייניק יידן אומגע־בראכט... א שעה פאר זיין פראצעס האט ער זיך אין זיין תפיסה קאמער אויפגעהאנגען, כן יאבדו) ווי טרויעריק עס זאל ניט קלינ־גען האט לינדנער בעת דער לעצטער אויסזידלונג געהאט קאנ־קורענטן אויפן פלאץ. אויך די געסטאפא איז געקומען, אבער מיט אנדערע אינטערעסן, נעמלעך, צו באקומען וואס מער יידן פאר די אוישוויצער גאז־קאמערן. עס איז כמעט פארגעקומען א שטילער קאנקורענץ־קאמף צווישן געסטאפא און לינדנער׳ס

שטאב. יעדער האט געוואלט באקומען וואס א גרעסערן קאנטי־
גענט פאר זיך...

צוליב דעם, וואס די לעצטע אויסזידלונג איז געקומען אזוי אומדערוואַרטעט פאר די כזשאנאווער יידן — ווייל ווידער האט מען געמיינט, אז אזוי ווי ביי די פריערדיקע אקציעס וועט מען אויך דאסמאל נור א געוויסן טייל אוועקשיקן און די איבריקע וועלן בלייבן — דאס האט אריינגעבראכט א צעמישונג אין די מוחות. בעת דער סעלעקציע אויפן כזשאנאווער מאַרק, ווען די דייטשן האבן געקליבן איינעם אויף רעכטס און דעם אנדערן אויף לינקס, זיינען פיל מענטשן בגנבה אריבערגעלאפן אויף דער אנדערער זייט, מיינענדיק, אז יענע זייט וועט בלייבן אין שטאט, דערביי האבן זיי אבער געהאט א פאטאלן טעות. פיל יונגע מענטשן, וואס זיינען באשטימט געווארן — ווי עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן — צו גיין; אין די לאגערן וו עס איז לכל הפחות געווען א שיינבארע האפנונג צו בלייבן לעבן, זיי־נען אויף אזא אופן — אליין ניט וויסנדיק — אריינגעפאלן צווישן די, וועלכע זיינען באשטימט געווארן פאר די גאז קאמערן.

די שוידערלעכע סצענעס אויפן מארק, ווען מען האט שוין געזען וואס עס קומט פאר איז שווער איבערצוגעבן אין ווערטער. א קאלטער שוידער גייט דורך די ביינער, ווען מען דערמאנט זיך בלויז, דאס געזעגנען זיך פון דערוווייטנס מיט דעם בליק פון טרויעריקע מאמעס, וועלכע זיינען אפגעקליבן געווארן צו די ארבעטס־לאגערן און ניט ווילנדיק זיך שיידן פון זייערע קינדער זיינען באוווסטזיניק אריבערגעלאפן פרייוויליק צו דער זייט פונעם טויט, באקומענדיק נאך דערצו געשלאגן פון די רוצחים.

אלע יידן, די פאר די גאז־קאמערן באשטימטע און די פאר די ארבעטס־לאגערן זיינען באזונדער אפגעפירט געווארן אין בנין פון גימנאזיע פון וואנען עס זיינען אפגעגאנגען 2 טראנספארטן. איין טראַנספארט קיין אוישוויץ און דער צווייטער אַין דעם טרויעריק בארימטן יידישן ארבעטס ־ לאגער פון מארקשטעט.



אין לאקאל פון יודנראט מיטן בילד פון דר. הערצל, מיטגליד פון יודנראט משה נאגאשינער (זיצט) ס׳שטייען פון רעכטס איוף לינקס, מאגעלע גלאזער, שמחה שענבערגער, אייזיק רויכווערגער, די חברה קדישה בעת דער אקופאציע.

די מיטגלידער פונעם יודנראט האבן די דייטשן איבערגע־לאזט אין שטאט נאך אויף עטלעכע טעג, כדי צו ליקווידירן די פארשידענע פארבליבענע יידישע אינסטיטוציעס און נאכער באשטימט געווארן צו פארן קיין סאסנאוויץ צו בלייבן אין דאר־טיקן געטא.

עס וואלט נאך כדאי געווען צו דערמאנען: דעם טרויע־ריקן גורל פון משה נאגאזשינער, וואס באווייזט אונדז די דייטשע פאלשקייט און נידערטרעכטיקע צביעות.

צווישן דעם טראנספארט־צוג, וואס איז באשטימט געווארן פאר די אוישוויצער גאז־קאמערן האט זיך אויך געפונען דער ציוניסטישער עסקן יוסף האכבוים מיט זיין פאמיליע, וועלכער איז אין דער לעצטער צייט געווען אן אנגעשטעלטער פון יודנ־ראט און לייטער פון פינאנס־רעסארט. משה נאגאשינער האט אינטערווענירט ביים געסטאפא שעף, וועלכער איז געשטאנען ביי דער באן נעבן דעם צוג מיט די אומגליקלעכע יידן, ובתוכם אויך יוסף האכבוים און אים געבעטן, אז ער זאל אים ארויס־געבן האכבוימען, ווען ער ברויכט נויטיק האבן, כדי צו קענען פארענדיקן די ליקווידאציע פון די פינאנסן. דער געסטא־פאוויעץ האט נאגאשינערן רואיק אויסגעהערט און מסכים גע־ווען מיט זיין פארשלאג. ער האט געהייסן נאגאשינערן ארייננגיין אין טראנספארט־צוג ער זאל אליין ארויסזוכן האכבוימען פון צווישן די צונויפגעדרענגטע יידן. נאגאשינער האט באמת ובתמים געגלויבט, אז ער האט שוין יוסף האכבוים געראטעוועט. אין דער רגע, אבער ווי נאגאשינער איז נור אריין אין וואגאן האט דער געסטאפאוויעץ געהייסן פארקלאפן די טירן און באפוילן דעם צוג אפצופארן מיט נאגאשינערן, לאכנדיק דערביי טייוולאניש...

אין דעם דאזיקן טאג איז כזשאנאוו געווארן אפיציעל „יודנ־ריין" — ווי די דייטשן פלעגן דאס באצייכנען — הגם עס איז נאך פארבליבן א געוויסע צאל יידן אין באהעלטענישן ווי מיר האבן שוין אין אנפאנג דערמאנט. א טייל פון זיי האבן די דייטשן אליין אויסגעשפירט מיט דער הילף פון עטלעכע מסירות פון פאלאקן. א טייל איז פרייוויליק ארויס פון די נארעס, גלויבנדיק

די דייטשע הבטחות, אז מען וועט זיי שפעטער פריי לאזן. די אלע רעשטלעך זיינען אין עטלעכע טעג שפעטער אונטער א וואך אפגעפירט געווארן קיין סאסנאוויץ, וו עס איז אין דאר־טיקן דורכגאנגס־לאגער איבער זיי דורכגעפירט געווארן די סע־לעקציע.

זאל נאך צום סוף דערמאנט ווערן א פאקט, וועלכער איז דעם שארית כזשאנאוו ווייניק וואס באקאנט. עס זיינען נאך היינט דא כזשאנאווער יידן, וועלכע גלויבן, אז שינדלער איז גע־ווען אן אוהב ישראל. נאכדעם ווי די פאליציי מיט איר קאמאנ־דאנט שינדלער האט פארענדיקט די לעצטע אויסראטונג פון כזשאנאווער יידנטום, האט זי זיך לכבוד דער „שמחה" געלאזט פאטאגראפירן אויפן כזשאנאווער מארק מיט שטראלנדיקע פני־מער. דאס דאזיקע גרופן־בילד מיט שינדלערן בראש איז געזען געווארן דורך א כזשאנאווער יידיש מיידל (פעלא שארף) אין יאר 1944 ביי א בערלינער דייטשן פאליציאנט אין אן ארבעטס־לאגער, וועלכער איז געווען ביי דער דאזיקער סצענע. דאס בילד טראגט אן איבערשריפט „ענדלעך איז כזשאנאוו יודנריין".

מגר. יעקב סילפען

# א ווארט וועגן עלטעסטן־ראט

ווען מיר האבן צום ערשטן מאל דערזען אויף די כושאנא־ווער גאסן די היטלעריסטישע באנדיטן זיינען אונדזערע צעבראכענע הערצער אנגעפילט געווארן מיט אן אומבאשרייבלעכן און ענדלאזן ווייטאק. אינסטינקטיוו האבן מיר דערפילט, אז עס קומט אן דער שרעקלעכסטער פעריאד אין אונדזער נייערסטער געשיכטע, א פעריאד פון טאטאלער פארניכטונג פון דער יידישער געזעלשאפט.

וואהין צו אנטרינען, ווו אוועקצולייגן דעם מידן קערפער מיט דער געפייניקטער נשמה?

אויף דער פראגע האט יעדער געזוכט אן ענטפער. אין נארעס, לעכער, בונקערס האבן זיך איינגעגראבן יידן פון שטעט און שטעטלעך זוכנדיק א שוץ קעגן דעם בארבארישן שונא. דאס בלוט זעצט זיך אין די אדערן פון די טראגישע ידיעות, וואס קומען אן פון אומעטום. אין מיעלעץ ברענט מען, אין טשעבין שיסט מען, ארום אונדז הערשט א ברוטאלער טעראר און חיה׳שער סאדיזם. און דעם מצב זיינען ווי לעבעדיק געווארן די ווערטער פון פוילישן דיכטער מיצקעוויטש׳ס „דזשיאדי“: „וואס וועט זיין, וואס וועט זיין“.

דער באגריף פון א יידישער פארשטייערשאפט איז געווען פרעמד פאר די יידישע מאסן. דעריבער האבן די יידן מיט א געוויסער פארוווּנדערונג אויפגענומען די ידיעה, אז עס איז אנ־שטאנען א יידישער קאמיטעט כלומרשט אלס רעפרעזענטאנט

פון יידישע אינטערעסן לגבי דער דייטשער מאכט.

יידן, וועלכע האבן זיך געפונען אונטערן איינדרוק פון די טרויעריקע ידיעות וועגן די בארבארישע פארפאלגונגען פון די יידן אין דייטשלאנד, האבן ניט געקענט באגרייפן דעם פאקט פון בארופן צום לעבן אן אינסטיטוציע, וואס זאל זיין נוצלעך פאר די יידישע מאסן. מען דארף פעסטשטעלן, אז די מאסע פארמאגט שטענדיק א געזונטן אינסטינקט און זי פילט דאס דערנענטערן זיך פון גרויסע געשעענישן.

דער ערשטער יידישער קאמיטעט, וועמענס אפיציעלער נאמען האט שפעטער געקלונגען:

„Aeltestenrat der Jüdischen Kultusgemeinde"

איז באשטאנען פון פאלגנדיקע פערזאנען: יוסף אומלויף אלס פארזיצער, שמואל קלוגער און יוסף שענהערץ אלס וויצע־פארזיצער, זשאק וועבער (פאסעק), דוד וואכסבערג (בישטע) לוי קרויס־קאפ און מנחם אונגער. נאך אייניקע וואכן עקזיסטענץ פון דעם קאמיטעט האט מען צוקאפטירט זעליק גראיאווער, דר. ריטער און דר. ווערנער.

די ארבעט פון ערשטן קאמיטעט אין די ערשטע וואכן איז געווען זייער כאאטיש. די פונקציעס פון די באזונדערע מיטגלי־דער זיינען געווען אומבאצייכנט, דאס ביורא ניט ארגאניזירט. די גאנצע טעטיקייט איז באשטאנען אין דער רעקווירזיציע פון מעבל און דיוואנען דורך וואכסבערגער (בישטע) און פאסעק וועבער און דורך צושטעלן יידן צו צוואנגס־ארבעט אין די רא־מען פון דעם דייטשן קאנטינגענט.

דער ערשטער פאזיטיווער שריט פון קאמיטעט איז געווען דאָס ארגאניזירן פון א פאלקס־קוך, וואס האט דורך ארויסגעבן זופעס דער ערעמסטער באפעלקערונג געראטעוועט א גרויסן טייל פון א זיכערן הונגער.

צווישן אלע מיטגלידער פון יודנראט האבן זיך נור צוויי, פאסעק וועבער און בישטע וואכסבערג געלאזט דערקענען אין זייער גאנצער „פראכט". דאס זיינען געווען מענטשן אן יעדן געפיל פון יידישער ווירדע, אן געזעלשאפטלעכער אחריות. נור



די פון יודנראט גענרינדעטע שולע בעת דער אקופאציע

דער טראגישער גורל און די פארשאלטענע נייע ווירקלעכקייט האט זיי דערמענגלעכט איבערצונעמען די מאכט איבער דער יידישער געזעלשאפט. די איבריקע מיטגלידער זיינען געווען מענטשן מיט א גוטן ווילן און אויפריכטיקן צוגאנג צו די לעבנס־וויכטיקע אינטערעסן פון די יידישע מאסן. זיי האבן אויך ניט געהאט קיין ממשות'דיקן איינפלוס אויף דער טעטיקייט פון יודנראט.

דאס קומען פון חיים מערין, דעם פארשטייער פון צענט־ראלן יודנראט אין סאסנאוויץ אין דעצעמבער 1939 איז געווען א גרויס געשעעניש אין דער געשיכטע פון כזשאנאווער יידנראט. חיים מערין האט זיך פארגעשטעלט אלס שליח פון דעם נייעם פירער פון שלעזישן יידנראט מאניעק מערין, וועמען דער שעף פון דער יידישער אפטיילונג אין געסטאפא קאמיסאר דרייער האט באאויפטראגט צו שאפן א צענטראלן יידנראט אין מזרח־שלעזן.

חיים מערין האט אין דער וווינונג פון זעליק גראיאווער אין לאנגע אויספירונגען פארגעשטעלט די באדייטונג פון דעם נייעם באשעפעניש, וואס וועט דינען ווי א פארטיידיקונגס־באזע פארן שלעזישן יידנטום. מיט דער גאנצער אנטשלאסנהייט האט מערין אונטערגעשטראכן די נויטווענדיקייט פון קאארדינירן די די גאנצע ארבעט פון אלע קהילות אונטער דער לייטונג פון מאניעק מערין וועמענס אפיציעלער אמטלעכער טיטל וועט לויטן: „דער לייטער דער עלטעסטן־רעטע דער יידישן קולטוס געמיינדן אין אסט שלעזיע, זיץ סאסנאוויץ". מאניעק מערין דארף זיין דער אפיציעלער פארשטייער פון אלע יודנראטן אין שלעזן און אלע פרעזעסן פון די יודנראטן דארפן געהארכזאם אויספילן אלע דורך אים ארויסגעגעבענע פאראָרדנונגען און באפעלן.

דער גאנצער ארויסטריט פון מערין האט ארויסגערופן א טיפע אומצופרידנהייט ביי אלע יודנראט־מיטגלידער. פאסעק וועבער און דוד וואכסבערג פאר וועמען דאס אריינמישן זיך פון מערין איז געווען אומבאקוועם, האבן פראבירט ניט צו דערלאזן צו דער רעארגאניזאציע פון יודנראט און זיין אונטערארדנונג

דעם צענטראלן יודנראט אין סאסנאוויץ. חיים מערין האט זיך בשעת דעם ארויסטריט פארופן אויף זיין ציוניסטישער טעטיקייט און אויף זיין געזעלשאפטלעכן און נאציאנאלן צוגאנג צו אלע פראבלעמען. ער האט גלייכצייטיק פארזיכערט, אז ביי דער רע־ארגאניזאציע פון קאמיטעט וועט ער זיך שטיצן אויף ערנסטע, אנגעזעענע מענטשן, וועלכע האבן אונטער זיך א סטאזש פון פרוכטבארער געזעלשאפטלעכער ארבעט לטובות די כזשאנאווער יידן. טראץ אלעמען האבן מערינס פלענער ניט געפונען קיין ווארעמען אפקלאנג ביי די יודנראטס־מיטגלידער.

אבער נאך לאנגע אונטערהאנדלונגען, אויפקלערונגען און דראאונגען איז געלונגען חיים מערין צו רעארגאניזירן דעם גאנצן יודנראט און אריינציען נייע, פעאיקע און ערלעכע מענטשן. און אזוי זיינען אריינגעצויגן געווארן אזעלכע באקאנטע ציוניסטישע עסקנים ווי: בצלאל צוקער, משה נאגאשינער, מענדל נוסבוים, קלמן טייכלער און שמואל יוסף וויס. נאך דער רעארגאניזאציע פון דער גאנצער ארבעט האט זיך דער יודנראט קאנסטיטואירט אויפן פאלגנדיקן אופן:

יוסף אומלויף — פארזיצער (נאמינעלע פיגור) בצלאל צו־קער — פארזיצער (פאקטיש אמטירנדיקער) משה נאגאשינער — ער־שטער וויצע־פארזיצער און לייטער פון דער פינאנס־אפטיילונג. קלמן טייכלער צווייטער וויצע־פארזיצער און לייטער פון סאצ־יאלער־הילף. זעליק גראיאווער — לייטער פון דער ווינטער־אקציע און הילף פאר קינדער. שמואל קלוגער — לייטער פון וווינונגס־אפטיילונג, מענדל נוסבוים — לייטער פון אפראוויזאציע און האנדל, יוסף שענהעריץ — געזונטהייטס־אמט, שמואל וויס — לייטער פון די געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס ביים יודנראט. דוד וואכסבערג — ארבעטס־אמט, דר. ווערנער — לייטער פון ביורא, פאכעק וועבער — פארבינדונג מיט דער פאליציי.

אין דעם צוזאמענשטעל האט דער יודנראט ארגאניזירט א ניי ביורא מיט א גאנצן שטאב באאמטע. אין דער צייט האט מען פארברייטערט די נעץ פון א ריי געזעלשאפטלעכע אינסטי־טוציעס, וואס האבן געהאט בלי שום ספק א וויכטיקע באדייטונג



זומער קאלאניע פאר יידישע קינדער בעת דער אקופאציע



גימנאסטישע לעקציעס אין דער קינדער קאלאניע, וואס דער יודנראט האט געשאפן בעת דער אקופאציע
אין דעם גרויסן האלץ־סקלאד פון ר׳ בערל גייפעלד הי״ד.

פאר דער כזשאנאווער באפעלקערונג. געגוג אנצווווייזן אויף איי־
ניקע אינסטיטוציעס.

ד י פ א ל ק ס ־ ק ו ך. אין דער ליגדערונג פון נויט און הונגער פון ברייטע יידישע מאסן אין כזשאנאוו האט באַ־ דייטענד געהאלפן די פאלקס־קוך אונטער דער לייטונג פון פרוי קאַרנגאלד. די קוך האט טעגלעך ארויסגעגעבן 1000 מיטאגן. די בירגער־קוך איז שפעטער געשאפן געווארן דורך דעם יודנראט אונטערן פארזיץ פון בצלאל צוקער. די דאזיקע קוך האט באַ־ דינט מער בעל־בתישע קרייזן, וואס זיינען אין די לעצטע יארן שטארק פאראָרעמט געווארן און וואס האבן זיך געשעמט אויס־ צושטרעקן די האנט נאך א נדבה. די מיטאגן פון דער בירגער־ קוך זיינען געווען שמאקהאפט און האבן געקאסט א קליינעם אפצאל, וואס האט אבער ביי אירע באזוכער געשאפן דעם איינ־ דרוק, אז זיי זיינען ניט קיין „אומזיסטע עסערס".

א מ ב ו ל א ט א ר י ו ם. די שווערע מאטעריעלע לאגע אין דער זיך אויסשפרייטנדיקער הונגער פון די יידישע מאסן האבן באַגינסטיקט די פארשפרייטונג פון כלערליי קרענק. עס איז דעריבער געווען פון ערשטראנגיקער וויכטיקייט צו שאפן אן אינסטיטוציע, וואס זאל דערטיילן אומזיסטע מעדיצינישע הילף דער כזשאנאווער באפעלקערונג. אין שפיץ פון אמבולאטאריום איז געשטאנען א באקאנטער ארצט. (דער ערשטער לייטער איז געווען דר. ריטער, דער צווייטער דר. גוטענטאג) דער ארצט האט געהאט צו זיין הילף צוויי פעלטשערס און איין שוועסטער.

ק י נ ד ע ר ה י י ם. די דאזיקע אינסטיטוציע איז געשאפן געווארן דורך דער אפטיילונג פון סאציאלער הילף. מיט איר טעטיקייט האט זי ארומגענומען די ברייטסטע יידישע קרייזן.

ביי דעם געזונטהייטס־אמט איז טעטיק געווען א וועשעריי פאר דער ארימער באפעלקערונג.

ק ל ו ב פ א ר ק י נ ד ע ר א ו ן י ו ג נ ט. די יוגנט אין שול־יאר האט אין רעזולטאט פון די קריגס־יארן און דער היטלעריסטישער אקופאציע ניט געהאט די מעגלעכקייטן

פון פארזעצן די לערע. די עלטערן, וועלכע האבן געקעמט פארן נאקעטן לעבן האבן פשוט ניט געהאט דעם קאפ צו פארנעמען זיך מיט דער דערציאונג פון זייערע קינדער. דער דאזיקער קינ־דער־קלוב האט אונטער דער לייטונג פון רוטינירטע פעדאַגאגישע קרעפטן ערגענצט דעם גרויסן בלויז, וואס איז געשאפן געווארן דורך דעם קאטאקליזם.

אונטער דער לייטונג פון ברוכה וואסערבערגער און פרוי וויס האבן די קינדער פארבראכט כמעט דעם גאנצן טאג אין א ווארימער, אנגענעמער אטמאספער. אומאפהענגיק פון דעם יוגנט־קלוב האט די אפטיילונג פאר סאציאלער הילף ארגאניזירט זומער קאלאניעס פאר דער אונטערוואקסנדיקער יוגנט, וואס זיי־נען איינגעארדנט געווארן אויפן פלאץ פון בערל נייפעלד ביי דער פישער גאס נר. 3.

קורסן פאר פאך־אויסבילדונג. א וויכטיקע ראָל האבן דערפילט די פאך און איבערשיכטונגס־שולן פאר דער עלטערער יוגנט. די קורסן זיינען געפירט גע־ווארן דורך פאכמענישע קרעפטן און זיינען געווען שטארק בא־זוכט. עס האבן זיך אויסגעצייכנט פאלגנדע קורסן: שלאסעריי אין עלעקטראמאנטעריי אונטער דער לייטונג פון אינזש. פלייסיג. קורס פון באפוצונגס־גאלאנטעריע אונטער דער לייטונג פון סאלא קאהן, צושניידעריי און נייען אונטער דער לייטונג פון רות וויינרייך. מאדן־קורס אונטער דער לייטונג פון פרוי נארמאן.

אויסער דער פראקטישער באשעפטיקונג זיינען אויך געווען אבליגאטאריש העברעאיש, מאטעמאטיק און פיזיק. נאך דער פארענדיקונג פון די קורסן האבן די שילער באקומען דיפלאמען אויף ספעציעלע פייערלעכקייטן איינגעארדנט דורכן יודנראט. די צאל פון געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס איז כסדר געוואקסן. אין דער לעצטער פאזע פון דער ליקווידאציע פון כזשאנאווער ישוב איז אנטשטאנען א שפיטאל אונטער דער לייטונג פון אפ־טייקער זילבערשטיין און די פאסט אונטער דער לייטונג פון שטייניץ.

עס אונטערליגט ניט קיין שום ספק, אז די אלע אינסטי־

טוציעס האבן דעו־פילט א וויכטיקע, נוצבארע ראל אין די דע־מאלטדיקע טרויעריקע באדינגונגען און האבן אין א גרויסער מאס געלינדערט די נויט פון די יידישע מאסן.

צוריקקערנדיק צו דעם פערסאנאלען צוזאמענשטעל פון יודנראט דארף באטאנט ווערן, אז דער אנטייל פון באקאנטע כלל־טוער מיט בצלאל צוקער בראש האט דערוועקט גלויבן און צוטרוי מצד די ברייטסטע שיכטן פון די כזשאנאווער יידן. בצ־לאל צוקער האט באמת אנטוויקלט א ברייטפארצווייגטע ארבעט. ער האט ארגאניזירט א נעץ פון געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס און געמאכט די גרעסטע אנשטרענגונגען אפצושוואכן דעם איינ־פלוס פון די צווויי ווארבאלן: וועבער און וואכסבערג.

צוקער, נאגאשינער, טייכלער, וויים, שענהערץ און אנדערע האבן בלי שום ספק באזיצט א מאראלישן קרעדיט ביי דער כזשאנאווער באפעלקערונג און זיי האבן אזוי לאנג געגאסן פון דער אלגעמיינער אכטונג ביז דער יודנראט איז ניט געווארן בא־לאסטעט מיט דער אקציע פון ארבעטס־איינזאץ.

די ערשטע אקציע פון ארבעטס־איינזאץ האט ארויסגערופן א טיפע פארביטערונג צווישן די כזשאנאווער יידן, ווייל די אק־ציע האט דאך רעאליזירט דער יודנראט. די צענטראלע פון שלעזישע קהילות אין סאסנאוויץ האט פארפליכטעט אלע אר־טיקע יודנראטן דורכצופירן הונדערט פראצענטיק דעם ארויפגע־לייגטן קאנטינגענט.

פון דעם מאמענט אן איז דער יודנראט פארוואנדלט גע־ווארן אין אן אביעקט פון שנאה און פאראכטונגען און אלע זיינע ווייטערדיקע אקציעס האבן ארויסגערופן מורא און פאר־ביטערונג.

צוקער איז געווען אן ערלעכער מענטש מיט א געזעלשאפט־לעכער איינשטעלונג. ער האט באזיצט אן איינגעבוירענע אינטע־ליגענץ. אפשאצנדיק אויבערפלעכלעך זיין טעטיקייט האט מען געקענט ארויסטראגן דעם אורטייל, אז ער איז שטרענג, קאלט און הארט ווי א שטיין. אבער דער אורטייל איז געווען אן אוי־בערפלעכלעכער און פאלשער.



אימפונג בעת דער אקופאציע

צוקער האט פאַרמאגט א ווארעם יידיש הארץ פון א נא־ציאנאל דענקנדיקן און פילנדיקן מענטש. אים האט אסך ווײ־געטון און געפייניקט. און זיין ווייטיק איז וואס אמאל שטארקער געקומען צום אויסדרוק. מאניעק מערין האט עס באלד דער־פילט, אז צוקער הערט אויף צו זיין זיינס א מענטש, אז ער איז צו געוויסנהאפט און פאראנטווארטלעך האט ער דעריבער אויפ־געהערט צו שענקן אים זיין צוטרוי.

אין ליכט פון די דאזיקע פאקטן ווערט קלאר, אז אלע שפעטערדיקע אקציעס פון ארבעטס־איינזאץ און אויסזידלונגען זיינען ארגאניזירט און דורכגעפירט געווארן דורך דער צענטרא־לע אין סאסנאוויץ און אירע דעלעגירטע מיט דער הילף פון פארטרויערלעכע באאמטע, וועלכע האבן צוזאמען געארבעט מיט דער סאסנאוויצער און בענדינער פאליציי.

צוקער האט געהאט א טראגישן סוף. צוזאמען מיט נוס־בוים און טייכלער זיינען זיי דורך דער כזשאנאווער פאליציי אפגעשיקט געווארן קיין אוישוויץ. נאך א קורצער צייט איז אנ־געקומען א ידיעה, אז אלע 3 זיינען אומגעקומען פון הארץ־שוואכקייט. נאך דעם ארעסט פון צוקער איז דורכגעפירט גע־ווארן א קאנטראל פון דער בוכהאלטעריע דורך די געסטאפא־לייט קראנאאו און פרייטאג. די קאנטראל איז דורכגעפירט גע־ווארן אין רעזולטאט פון אייניקע אנאנימע בריוו אין וועלכע מען האט פארגעווארפן דעם יודנראט דאס נעמען געלט פאר ווי־נונגען ווי אויך דאס באעול׳ן די איבערגעזידלטע פון שלעזען. די קאנטראל האט ניט באוויזן קיין שום אומפינקטלעכקייטן — קרא־נאאו זאל אבער האבן דערקלערט מערינען, אז צוקער האט לגבי די פארשטייער פון דער דייטשער מאכט ארויסגעוויזן צו פיל חוצפה און אנטשלאסנהייט. טייכלער האט מען באפרייט און באלד צוריק ארעסטירט כלומרשט דערפאר, ווייל ער האט זיינע נאענטע און דער צענטראלע איבערגעגעבן סודות פון דער אויספארשונג.

עס זיינען דעמאלט ארומגעגאנגען קלאנגן, אז מערין איז שטארק פאראינטערעסירט אפצורוימען צוקערן, וועלכער האט זיך

אנגעהויבן אנטקעגנשטעלן דער פאליטיק פון דער צענטראלע, וואס האט פאקטיש אנגעפירט מיט דער ליקווידאציע פון דער יידישער באפעלקערונג אין שלעזען.

עס איז אן אומבאשטרייטבארער פאקט, אז אין דער צייט, ווען מען האט ארעסטירט צוקערן און זיינע חברים האט נאך מערין געהאט גרויסע איינפלוסן אין דער געסטאפא. ער האט אבער ניט געמאכט די קלענסטע באמיאונגען צו אינטערווענירן לטובת זיי.

א נאענטער מיטארבעטער פון צוקער איז געווען משה נאגאשינער, וועלכער האט געפירט די פינאנס־אפטיילונג. א גע־וויסע צייט איז ער געווען פארזיצער פון דער קאמיסיע פאר וווינונגס־פראגן. נאכער האט נאגאשינער פארנומען דעם אמט פון פארזיצער פון יודנראט. נאכן ארעסטירן צוקערן האט ער זיך איבערגעטראגן אין דער גרויספערטיילערשטעלע, וואס האט בא־הערשט דעם גאנצן יידישן האנדל און האנדווערקעריי. נאגא־שינער איז געווען א גרויסער בעל־טובה און הערצלעכער מענטש. אלס פארזיצער פון יודנראט האט ער זיך שנעל צוזאמענגעבראכן ער איז דעריבער צוריק צו דער גראספערטיילשטעלע, א ריין ווירטשאפטלעכע אינסטיטוציע.

נאכן ארעסט פון צוקער האט די צענטראלע אין סאסנאוויץ גע־שיקט אירע פרעזעסן קיין כזשאנאוו. צוויי מאנאטן האט אין כזשאנאוו אמטירט יעקב ערליך. די לאקאלע באדינגונגען, אבער האבן אים פאריאגט פון כזשאנאוו. באלד נאכן איבערנעמען דעם אמט האבן די פארשטייער פון די טרויהאנדשטעלעס און גרונט־שטיק־געזעלשאפטן געדראט, אז זיי וועלן מאכן אלע באמיאונ־גען אויסצוזידלען די כזשאנאווער יידן דערפאר, ווייל זיי זיינען כלומר׳שט פארשפרייטער פון כלערליי אנשטעקנדיקע קרענק. אויף ערליך׳ן האט דער דאזיקער וויזיט געמאכט א שווערן איינדרוק. האבנדיק גרויס פראטעקציע ביי מערינען האט ער אויסגעפועלט מען זאל אים צוריקרופן קיין סאסנאוויץ צו דער פרי־ערדיקער ארבעט אין דער פינאנס־אפטיילונג.

נאך אים איז געקומען משה לעווקאוויטש דער ביז איצטיקער פארזיצער פון יודנראט אין אלקוש און זאוויערטשע. משה לעוו־קאוויטש איז ענערגיש צוגעטרעטן צו דער רעארגאניזאציע פון דער קהילה. אבער נאך א פאר מאנאטן האט ער אויך דעמי־סיאנירט. מערין האט אים פארגעווארפן, אז ער האט זיך בא־רייכערט מיטן ליקווידירן דאס אייגנטום פון די אויסגעזידלטע.

דער לעצטער פרעזעס פון כזשאנאווער יודנראט איז געווען דער אין יענע צייטן באקאנטער פרעזעס פון דער סאסנאוויצער און בענדינער קהילה וולאדעק בעם. זעט אויס, אז בעם איז ניט געווען זעער באקוועם מערינען אין דער צענטראלע וועלענ־דיק דעריבער מיט אים א סוף מאכן האט ער אים איבערגע־שיקט אין דער געפערלעכער כזשאנאווער אפטיילונג. דא האט גראסירט די „קריפא (קרימינאל פאליציי), וואס האט יעדן טאג צוגענומען א פאר צענדלינק יידישע פאמיליעס. הגם בעם אליי איז געווען א קרבן פון מערינס האנדלונג, איז ער אבער גלייכ־צייטיק געווען שטארק אונטערטעניק זיין שעף אין סאסנאוויץ, באטראכטנדיק אלע לאקאלע פראבלעמען פון דעם שטאנדפונקט פון דער סאסנאוויצער צענטראלע.

אים האט וויינעטאן, ווען ער האט ניט געקענט צושטעלן די געהעריקע צאל פרויען און מענער פאר דעם ארבעטס־איינ־זאַץ. בעם האט אבער גלייכצייטיק געמאכט גרויסע אנשטרענ־גונגען אויפצוהאלטן דעם כזשאנאווער ישוב. זיין איינפלוס האטן ער אויסגענוצט צו פארגרעסערן די צאל פון שאָפּן און אנדערע ארבעטס־ ווארשטאטן. בעם האט שטארק געגלויבט, אז דורך ארייננציען די יידן אין א פראדוקטיוון ארבעטס־פראצעס וועט אים געלונגען אויפצוהאלטן דעם קיום פון די כזשאנאווער יידן. אין דער איבערצייגונג האט אים געשטארקט די וויז׳ט פון קא־מיסאר דרייער אין כזשאנאוו, וועלכער האט פארגעלייגט בעם׳ען א מאפע מיט אנטשפרעכנדיקע צייכנונגען. די מאפע האט פאר־געשטעלט די יידישע געגנט (א. ג. געטא). אלע די פלענער האבן זיך ארויסגעוויזן א נידערטרעכטיקע אפנארעריי. אין פעב־

רואר 1943 זיינען כזשאַנאַווער יידן פולשטענדיק אויסגעזידעלט געוואָרן.

## דער יודנראַט און די דייטשע מאַכט

דער קאָנטאַקט צווישן יודנראַט אין די לאָקאַלע דייטשע אַמטן איז געווען ניט נאָר אַן אָפיציעלער. מיט געוויסע דייטשע אַמטן האָט דער יודנראַט אָנגעהאַלטן נעענטערע באַציאונגען אַ דאַנק די צאָלרייכע ווערטפולע מתנות און שוחד. דעם נאָענטסטן קאָנטאַקט האָט דער יודנראַט אָנגעהויבן מיט דער פּאָליציי. אין דער שפּיץ פון דער פּאָליציי איז געשטאַנען אויבער־לייטענאַנט שינדלער. ער איז געווען אַ קלוגער דייטש, וועלכער האָט גוט פאַרשטאַנען אויסצונוצן די קאָניוקטור פון מאַכן אַ גרויס פאַרמעגן. ער האָט סטאַביל באַקומען אַ פּענסיע פון יודנראַט און צאָלרייכע מתנות פון צענדליקע יידישע פאַמיליעס פאַר דערלעדיקן די קלענסטע זאַכן.

דורך און דורך איז ער געווען אַ פאַלשער מענטש, וועלכער האָט כלומרשט געשפּילט די ראָל פון אַ יידן־פריינט. אין די לעצטע טעג אָבער האָט ער געוויזן זיין אמת׳דיק פּרצוף.

דער פאַרבינדעטער צווישן דער פּאָליציי אין יודנראַט איז די גאַנצע צייט געווען פּאַסעק וועבער. נאָכן אָפּשיקן וועבערן קיין אוישוויץ האָט דעם אַמט איבערגענומען זעליק גראַיאַווער. פּאַסעק וועבער האָט אויף אַ נידערטרעכטיקן און ברוטאַלן אויפן אויסגענוצט זיין פונקציע, רייך ווערנדיק פון יידישע צרות און פּיין. זעליק גראַיאַווער דאַקעגן האָט זיין אַרבעט דערפילט אינטערעסלאָז, העלפנדיק ביי יעדער געלעגנהייט די געטראָפענע יידן.

דעם אַמט פון לאַנדראַט האָט פאַרנומען דר. קאַנמנער אַ יונגער פּאַרטיי־מיטגליד, וועלכער האָט שטאַרק פיינט געהאַט יידן.

נאָך אין 1939 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג אויפן סמך פון וועלכן יידן האָבן ניט געטאָרט שפּאַצירן אויף דער הויפּט גאַס, אַלעאַ הענריקאַ. דער יודנראַט האָט ניט גע־



יידישע פאלקס-קיך בעת דער אקופאציע, ערשטע פון לינקס, חיימשע לעווער - קאראל.

האט קיין צוטריט צו קאנטנערן. זיינע פארטרעטער דאקעגן זיינען געווען מענטשן עלטערע, מער דערפארענע, וועלכע האבן זיך פיל בעסער באצויגן צו יידישע ענינים. איך מיין די אויבער־אינספעקטארן לוטערלא און שארסעק. דער לעצטער האט ארויס־געגעבן זעער פיל דערלויבנישן צו פארן קיין קראקע, בערלין, טשעכן און מאראווע.

דער פארבינדעטער צווישן יודנראט און לאַנדראט איז גע־ווען יוסף שענהערץ, וועלכער האט ארויסגעוויזן זעער פיל הארץ און פארשטענדניש פאר די יידישע נויטן. א חוץ יוסף שענהערץ האט גרויס קאנטשאפט אין לאנדראט געהאט אשר פרידמאן, וועלכער האט אפט אויסגענוצט זיינע באציאונגען לטובת דער כזשאנאווער באפעלקערונג.

א גרויסע באדייטונג האט געהאט דער אזוי גערופענער Kreisbauamt אנגעפירט דורך דעם בארימטן קליינעקע. די באדייטונג פון „קרייז באו־אמט“ איז געוואקסן פון טאג צו טאג צוליב דעם, ווייל דער „קרייז־באאו־אמט” האט ארגאניזירט זיינע אייגענע ארבעטס־לאגערן אין ליביאז, קאשטשעלעף, פלאז, בא־רעק, באביצע, וואס האבן זיך געפינען ניט ווייט פון כזשאנאוו. דאס זיין אין די דאזיקע ארבעטס־לאגערן האט גאראנטירט דאס ניט אפשיבן אין דעם געפערלעכן ארבעטס־איינזאץ, וואס האט געהאט זיינע לאַגערן אין נידערשלעזיען אין צענטראל־דייטשלאנד.

פון קליינעקעס לאַגערן איז מען געקומען אהיים איינמאל אין א וואך אן אמאל עפטער. דעם יודנראט איז געלונגען אנ־צוקניפן אן ענגערן קאנטאקט מיט קליינעקען אן זיין שטאב. דער פארבינדעטער איז געווען נאגאשינער, וועלכער האט א־רויסגעוויזן טיפע פארשטענדניש און ווארעמקייט ביים דער־ליידיקן די יידישע ענינים.

צווישן די היטלעריסטישע אמטן האט ניט קיין קליינע ראל געשפילט.

## „Grundstückgesellschaft“ און „Treuhandstelle„

דער ערשטער אמט האט באשטעטיקט און צוגעטיילט ווי־

נונגען. זיין באדייטונג איז געוואקסן בשעת די איבערזידלונגען פון איין גאס אויף דער אנדערער און ביי דער אפרייניגונג פון דער א"ג ארישער געגנט. דער פארבינדעטער פון יודנראט איז געווען שמואל קלוגער, א גוטער און טיכטיקער מענטש.

די טרויהאנדשטעלע דאקעגן האט קאנפיסקירט דאָס מעבל און אנדערע ווערטפולע געגענשטאנדן פון יידישע הייזער. אין איר שפיץ איז געשטאנען דער גרויסער אנטיסעמיט געפערט. די טראגישע לאגע האט אביסל פארלייכטערט קלמן טייכלער, אן ארטאדאקסישער ייד וועמען עס איז געלונגען אנצוקניפן א קאנטאקט מיט דעם דאזיקן אמט און געפונען חן אין די אויגן פון גופערט. טייכלער האט זעער פיל געהאלפן יידן אויף דעם געביט. גאנצע טעג איז ער אפגעזעסן אין טרויהאנדשטעלע און ווי א לייב הארטנעקיג געקעמפט פאר יידיש האב און גוטס.

איך האב פארגעשטעלט אין קורצן די טעטיקייט פון יודנ־ראט און זיין סטרוקטור. איך האב מיר ניט געשטעלט פאר א ציל טיפער צו אנאלאזירן דעם כאראקטער פון דער דאזיקער אינסטיטוציע איןברייטן פארנעם. איך האב נור דערמאנט וויכ־טיגע פאקטן און געוויסע מענטשן, וועלכע האבן בלי שום ספק געהאט א גוטן ווילן און ריינע און ניט איינמאל קענען זייער ווילן געפאלן א קרבן פון ברוטאלע כוחות.

# ר׳ משה באכנער הי״ד

## א טרער נאך מיין טאטן

מיין פאטער האט געגלויבט באמונה שלימה, אז דאס מלכות הרשעה וועט בקרוב אונטערגיין, הגם א ייד קרוב לשמונים, האט ער קיין איין מינוט ניט מסיח דעת געווען, אז מיר וועלן נאך אין קורצן דערלעבן א נקמה אן דעם מערדער־פאלק.

טראצדעם, וואס ער איז געזעסן יומם ולילה על התורה, האט ער זיך נאך צייט גענומען פאר פאליטישע נייס און ניט קענענדיק אויף די עלטערע יארן אליין לייענען צייטונגען, — ווייל פון צופיל אנשטרענגען זיך איז ער געווארן א סגי נהור אויף דער עלטער, — האבן אים זיינע קינדער פארגעלעזן פארשידענע צייטונגס־ארטיקלען פון דער נאצישער פרעסע. און מערקווירדיק, אז אין יעדן באריכט פון היטלער׳ס אויבער־קאמאנדע האט ער גע־פונען א רמז פון א מפלה, געווען אן אפטימיסט אפילו דעמאלט, ווען היטלער׳ס חילות האבן שוין געהאט איינגענומען גאנץ איי־ראפע.

ארויסדרינגענדיק פון דעם פסוק, כי תש״א את ראש בני ישראל, האט ער מיט אן אומדערשיטערלעכער אמונה געגלויבט, אז יידן וועלן אין יאר תש״א אויסגעלייזט ווערן און ווידער אויפהייבן דעם קאפ נאך דעם שפלות און טארטורן, וואס זיי האבן פון די דייטשן געהאט אויסצושטיין.

זינט די דייטשע רשעים זיינען אריין אין כזשאנאוו, האט מיין פאטער ניט פארלאזט זיין שטוב, ניט ווילנדיק מפקיר זיין זיין הדרת פנים׳דיקע באָרד צו די רוצחים, וואס האבן געזוכט און

גענישטערט אין יידישע הייזער און הויפן, כדי צו געפונען א יידישע בארד און זי אפשניידן, און אויף אזא אופן צו באפרידיקן זייערע סאַדיסטישע תאוות.

בשעת די גרויסע אבלאוועס פון דער פאליציי און ס. ס. האט מען אים געלייגט אין בעט אריין, צוגעדעקט זיין בארד און געמאכט דעם אנשטעל, אז אין בעט ליגט א חולה מסוכן... דאס האט אין מערסטע פאלן געהאָלפן. מיין טאטע האט בשעת מעשה געהאט יסורי־גהינום, ניט קענענדיק די מנוו־לים שפייען אין פנים אריין, אדער לכל הפחות — זיי זאגן, דעם אמת אין די אויגן... מיין טאטע איז טראַץ אלעמען געווען אן אפ־טימיסט, ניט צוגעלאזט צו זיך אפילו דעם געדאנק פון אומקום...

מיט מסירת נפש האָט ער מיט די אנדערע שכנים פון זעלבן הויז, געשאפן א מנין מיט אן אפגעראטעוועטע ספר תורה פונעם בית־המדרש, געדאוונט שבת און יעדן טאג בציבור. דאס אימפראוויזירטע בית־המדרש׳ל אין הויז, איז געווען א מין בונ־קער. בשעת דעם דאוונען האט ווער פון די שכנים אין דרויסן אנגעהאנגען א שלאס מיט א צעטל געשריבן אויפן דייטשן לשון, אז דער בעל־הבית פון דער דירה, איז ביי דער ארבעט און ער קומט ערשט אהיים אויף דער נאכט...

אזוי האט מען עטלעכע קריגס־יארן געדאוונט, געלייענט, געלערנט, — און אפילו שופר געבלאזן. שבת ניט קוקנדיק, אויף דעם וואכזאם אויג פון די דייטשע סאדיסטישע פאליציי, איז זיך דער עולם צוזאמענגעקומען מיט מיין טאטן בראש, אין שבת׳דיי־קע בגדים, שטריימל און זיידענע יופיצע, געפראוועט יידישקייט אויפן אלטן שטייגער. מיין טאטע האט זיך ניט אפגעשראקן ניט פאר דער ממשלת זדון און אויך ניט פאר דער מורא פון איי־גענע יידן, וועלכע האבן געטענה׳עט „אל תפתח פה לשטן״. זיין געדאנקען־גאנג איז געווען לאגיש און אויסגעהאלטן, אויב דער דייטש וועט אונדז וועלן אויסראטן אויף אן אמת, וועט ער אונדז אלע אויסקוילן אן א שום אונטערשיד, דערמאנענדיק תמיד דעם משל, וואס ר׳ עקיבא האט געזאגט דעם מאַדערענעם און פרייען פפוס בן יהודה...

ער האט אויך זיינע שכנים אנגעשטעקט מיט דעם אמתן יידישן אפטימיזם און עקשנות פאר יידישקייט און טראדי־ציע. ווען די באנדיטן אין אוניפארמען פון פאליציי האבן זיך מיט ווילדע קולות ארייננגעריסן אין הויז און געוואלט אפשניידן די בארד ביי ר׳ יצחק מאלץ ז״ל, האט זיך דער דאזיקער 70 יעריקער זקן העלדיש פארטיידיקט און שטאלץ זיך אנטקעגן געשטעלט, ניט לאזנדיק זיך אראפרייסן דעם צלם אלוקים. זי האבן אים מיט אן אייזערנע קייט געשלאגן מכות אכזריות, אבער ר׳ יצחק האט זיינס אויסגעפירט.

פסח ביים סדר האט זיך מיין טאטע מיט זיינע שכנים געפילט ווי די אמתע אנוסים אין אמאליקן שפאניע, די טירן פארשלאסן די פענסטער און שפארעס פארשטעלט, כדי עס זאל חלילה ניט ארויסדרינגען א קאפ ליכט אין דרויסן און די אינקוויזיטארן פון 20־טן יארהונדערט זאלן זיך ניט כאפן, אז יידן פירן זיך ווי בני מלכים. אין די דאזיקע נעכט איז מיט עקסטאז און טיפן נשמה־ווייטיק געזאגט געווארן דער שפוך חמתך, ביי די ווערטער כי אכל את יעקב ואת נוהו השמו, האבן זיך טייכן טרערן גע־גאסן. נאכן פארענדיקן דעם סדר בשלום האט זיך יעדער געפילט ווי א גענעראל, וועלכער האט אקארשט א גרויסע שלאכט געוואונען.

אויב אין אנדערע ימים טובים האט מען זיך געקענט ווי עס איז פארשטעקן בחדרי חדרים און אפהיטן יידישקייט, האט אבער די מצות סוכה געשמעקט מיט סכנת נפשות. מען האט געמוזט ארויס אין גאס, אדער הויף, אויפשטעלן א סוכה לויטן דין. אויך אין דעם פאל, האט מיין טאטע געזאגט זיין וואגיק ווארט און שכנים האבן דעם גאנצן ערב סוכות געארבעט און אויפגעשטעלט א סוכה כדבעי.

די ערשטע נאכט, ווי אויך צומארגנס דעם ערשטן טאג סוכות איז אלץ אדורך בשלום. די פרייד, אז מען האט זוכה געווען אין דער דאזיקער ביטערער צייט מקיים צו זיין די מצוה אומגעשטערט האט אלעמען באגייסטערט און מען האט זיך שוין דערלויבט לכבוד שמחת בית השואבה צו זינגען די שיר המע־

לות׳ן מיטן גאנצן קנאק. דער שטן אבער האט זיך אריינגעמישט אין געשטאלט פון א דייטשן פאליציסט. דורכגייענדיק די גאס האט ער דערהערט זינגען. נאכגייענדיק דעם קול האט ער אנט־דעקט די סוכה. ר׳ משה מיט זיינע שכנים אין די שטריימלעך ארום דעם טיש ביי ליכט און ווייסן קוילעטש האבן זיך זייער דערשראקן, אבער געהאלטן זיך רואיק און מיט ווירדע. אויף דער שאלה פונעם דייטש האבן אים די יידן אויפגעקלערט, אז ס׳איז פאראן ביי יידן אזא יום טוב, בשעת וועלכן מען באדארף זיך פרייען, זינגען און אפילו טאנצן. דער גראבער דייטשער קאפ האט עס קוים געקענט באנעמען. ערשט נאך א לאנגן איינ־טענה׳ן מיט אים (זעט אויס געווען א טוב שבגויים) האט ער זיך אפגערופן; „א מערקווירדיק פאלק די יידן און אזוי ניט קולטו־רעל, ווען מען מאכט שוין א פעסט, טא דארף מען דאך אויך די פרויען איינלאדן און צוזאמען גיין אין טאנץ!” ...

דער דאזיקער ווונטש איז ליידער אין א קורצער צייט שפע־טער מקוים געווארן. דערזעלבער „קולטורעלער” דייטש, האט מיין טאטן צוזאמען מיט די אנדערע יידן, מיט זייערע ווייבער און טעכטער געפירט צו א שדים טאנץ אין דעם נאענטן אוישוויץ...

## אינזש. ש. שווארץ

אונדזער בן עיר, וועלכער איז יארן־לאנג גע־
ווען קארעספאנדענט פונעם קראקעווער „נאווי
דזשעננניק“ אין פראג, האט דעם דאזיקן ארטיקל
פארעפנטלעכט אין יידיש - ענגלישן זשורנאל
„Jewish Frontier“ אין ניו־יארק אין אפריל 1948.
מיר ברענגען דעם דאזיקן ארטיקל, הגם ניט אלץ
שטימט מיט די היסטארישע דאטעס.

מ. ב.

עס בלאזט א תקיעה אין די תפוצות ישראל און א ציטער לויפט דורך איבער די יידישע קערפערס. אויף די פנימער פאלט אן אומעט און די הערצער קלאפן מיט שרעק און פארטרייבן יעדן פריילעכן געדאנק, בלאזן אוועק אלע ערדישע שטרעבונגען און רעגן אן די רעיונות אויף „אבל מלך עליון“.

און עס טראגט זיך ווייט, ווייט דער ניט אִרויסגערעדטער געשריי. עס טוליעט זיך א קינד מיט צעשראקענע אייגעלעך צום ניט וויניקער צעשראקענעם טאטן: „וואס שוויגסטו, טאטע! זאג, קען דאס אמת זיין, אז מען וועט הענגען יידן אויפן מארק? וואָס האבן זיי געטאן? זאג, ווו איז אונדזער גאט?

און עס שווייגט דער טאטע, טרערן גיסן זיך איבער זיין באָרד. זיין באָרד זעט איצט אויס ווי א פעל נאכן רעגן, אויף וועלכער מען האט ארויפגעלייגט א פלעט. ער האט זי נאך אפגעהיטן די בארד, ביז אִיצט. ר' יאנקעלע, איינמאל האבן זיי אים געכאפט די דייטשע רוצחים און אוועקגעשלעפט צום קאסי־נא אויף די פלאנטן. דארט, אין גרויסן זאל, ווו ער האט זיי צום ערשטן מאָל געזען, האבן זיי אים אוועקגעשטעלט אויף א שטול אין אן עק. אַרומגעזעצט זיך ביי טישן, די הערן אין די

ברוינע און שווארצע מונדירן, און גענומען פרעסן און זויפן און דאן פארפירן מיט פרויען. ר׳ יאנקעלע האָט געמוזט שטיין אויפן שטול אין עק שעה׳ען לאנג און קוקן. נאר ר׳ יאַנקעלע האט אויף זיי ניט געקוקט, פארמאכט די אויגן און גענומען זאגן א קאפיטל תהילים. ער האט ניט געפילט ווי מען האט זיך ארום אים ארומגעשטעלט, ווי מען האט אים די קאפאטע ארומגע־שניטן, די פאות צעשויבערט און געשטופט צום מויל, דעם טלית־קטן ארויסגעצויגן מיטן העמד. ער האט אפילו ניט געפילט ווי מען האט געגאסן אויף אים בראנפן, אים שטיקער האר פון באָרד געריסן און דאן זי צעשניטן מיט באַגנעטן. דעם ווייטיק און פיין האט ער אויסגעגאסן אין זיין געבעט, אין זיין תהילים, אין זיין נעמען עס פאר ליב. מסתמא — האט ער זיך געטענה׳ט — מוז איך אפקומען א זינד. ביז מען האט זיך געכאפט: „וואס דו שלאפסט, דו לומפ״ — האט אַ געשריי געטאן איינער אין א שווארצן מונדיר מיט א גרויסן רויטן באנד און אן האקנקרייץ אויפן ארעם און אים א שטויס געטאן מיט זיין שטיוול. ר׳ יאנקעלע האט עס מער ניט געשפירט, א פארחלש׳טער איז ער אראפגעפאלן פון שטול ווי א קלאץ. ער ווייסט ניט ווי לאנג ער איז געלעגן, נאר ווען ער האט אויפגעמאכט די אויגן אַיז ער געלעגן אין אַ מעמד, — גאָט האַב רחמנות — איינגעגראבן ביז צום האלדז אין א בארג מיט אַש און מיסט. ער האט זיך אהיימגעוואָלגערט און אפגעלעגן א פאר טעג. פון דעמאלט אן האט ער צוגעבונדען זיין בארד מיט א רויט טיכל מען זאל זי ניט זען און מיינען, אז דאס טוען אים די ציינער ווי. ביינאכט פלעגט ער דאס טיכל אראפנעמען און די בארד האט דאן אויס־געזען פארווילדעט און ערטערווייז איינגעפרעסט. די טרערן, וואס זיינען איצט ווי א רעגן געפאלן אויף די האר, האבן זיי ווייך געמאכט און ענלעך געמאכט צו א נאסער פעל.

וואס האט ער ר׳ יאנקעלע, געקענט זאגן זיין טייבעלע, זיין קליין יינגעלע, מיט וואס פארשלאגן אים זיינע טרויעריקע געדאנקען ?

אויף דער גאַס איז געווען שטיל, נאר די שטילקייט און

פינצטערקייט האט פון צייט צו צייט איבערגעריסן א שאס פון א געווער; מען האט געוווסט, אז צוזאמען מיט דעם בליץ־שנעלן דונער צעגייט זיך אין דער שטילקייט א הייסער הויך און א טיפער זיפץ פון א מענטש.

און אויך איצט האבן זיך פאר די אויגן פון די פארשטעקטע יידן פון שטעטל, וואס זיינען געזעסן אין די שטיבער הינטער פארמאכטע טירן, געטראגן בוימער — תליות פארן מארגן, — ארייגעשטיפט זיך דורך פארדעקטע פענצטער צו די צעשראָ־קענע פנימער און שטימען שרעקלעכע האבן דורכן גערויש פון די צווייגן געווארנט: „מארגן וועט מען הענגען, קומט אלע זען, איר מוזט קומען: פארשטאנען?!"

און עס שאלט און עס בלאזט דער שופר אויף די נאקעטע פאריתום׳טע גאסן, אויף די אויסגעליידיקטע פעלדער און אפ־געשניטענע לעבנס.

האט דער קלאגלעכער, צעבראכענער שאל אזא גבורה, אז ער האט געקענט אנווארפן א שרעק אפילו אויף דער שטומער נאכט? פארוואס האט דער הימעל פארלאזן זיין פראכטפולן גלאנץ און באקומען אזא מרה־שחורה׳דיקן אויסזען? פאַרוואס האט דאס וואסער אין טייך פארלוירן זיין ווייסן, העלן קאליר און האט אנגענומען א טונקעל־רויטע בלוט־פארב? פארוואס זיינען אלע פנימער פארקרימט, די קערפערס איינגעקורטשעט, די אויגן געשוואלן? וואס באדייטן די העל ווייסע פעדעמלעך, וואס טראגן זיך אַרום אין דער לופט? איז דאס ניט קיין שטאף פאר תכריכים?

אמת עס זיינען שוין פארטריבן געווארן די שטיבלעך פון גער און ראדאמסק. די סוויטע און דער גלאנץ פון דעם נאענטן טשעֶבינער־באבאווער הויף מיט דעם קלוגן שיינעם רבין איז צעשפרייט. עס שרייט ארויס מיט דעם לעצטן ווייי־געשריי פון די, וואס זיינען שוין געפירט געווארן צו דער שחיטה און ליגן אויף די וועגן פון טשעבינא ביז כזשאנאוו, די שטאט פון דעם הייליקן ר׳ שלמה׳לע ז"ל.

פארשאטן איז היינט דאס שטעטעלע כזשאנאוו. אפגע־

שוואכט און פארבלאסט זיינען די יסורים, וואס מען האט אי־בערגעלעבט, ווען מען האט געטריבן מיט הינט און געזאמלט ווי סטאדעס אויף די פעלדער הינטער די סטאַדאלעס. אינגאנצן אויסגעטאן פון מענטשלעכקייט האט מען געהייסן קניען, צלמ׳ען זיך, גראבן גריבער און עסן ברויט. יא, היינט איז דער דייטש א גוטער און באפעלט צו עסן, ווייל ס׳איז יום־כפור. צעשלאגן צום טויט וועט מען די, וואס וועלן ניט פאלגן — האט באפוילן דער דיקער דייטשער שופאלייטנאנט שינדלער. נאך יעדן אכז־ריות און רציחה פלעגט ער זיך פארטיידיקן, אז ער איז א „גוטער", נאר באקומען א באפעל און געמוזט אויספירן.

און פאר זיין „גוטס" זיך געהייסן טראגן פון יידן גאלדענע מטבעות. היינט האט ער באפוילן, אז מארגן מוז זיך דאס גאנצע שטעטל יידן פון קליין ביז גרויס צוזאמענקלויבן אויף דער „קרומער גאס", וווּ מען וועט הענגען יידן, „פארברעכערס". אלע מוזן זיין און מען וועט שטעמפלען די קארטן אויפן הענקער־פלאץ. ווער עס וועט ניט האבן קיין שטעמפל „נו, ווייסט שוין, וואס עס וועט זיין".

גייען טאקע איצט די געפייניקטע יידן, געטריבן און גע־יאגט פון מוראַ. זיי גייען שטים מיט אראפגעלאזטע קעפּ, די אויגן בויערן זיך טיף אין דער ערד, ווי זיי וואלטן זיך וועלן דארט באַגראבן. די פיס באוועגן זיך פאמעלעך, ווי זיי וואלטן געוואלט, אז דער וועג זאל אייביק דויערן און די הענט אראפ־געלאזטע, געביילטע, פארקלעמטע און געליימטע — זיי האלטן נאך צוריק דעם גאנג.

* * *

אין א ווינקל אין דער קרומער גאס שטייען מענטשן מיט שטילע, ערנסטע אפווארטנדע פנימער, קעגנאיבער זיי ברענען ליכט אין א פענצטער, די פלעמלעך קוקן ציטערנדיק בלאס אראפ פון די פענצטער, די זון האט פארהאלטן אירע שטראלן, ס׳איז קאלט. ארויסגעגנבעט זיך פון א שלייער, גלאצערט זי ארום פארוואונדערט אויף די קרומע נידעריקע הייזלעך מיט זייערע

פארוועלקט־גרינע דעכער, אויף די מענטשן וואס קוקן אוןווארטן, ווי זי וואלט געפרעגט: וואס באדייט דאס און צו וואס נאך די בלינדע ליכטלעך אין די פענצטער? דאן האבן אין רייען אנ־געריקט דייטשע יונגע שילער מיט זייערע לערער און האקנקרייץ־פענער, געשרייען און געזאנג פון האַס און בלוט. מען האט זיי געבראכט זיי זאלן זיך זעטיקן מיטן בליק ווי מען הענגט יידן און זאלן לערנען מנהגים און די באפעלן פון זייערע פירער.

אן אויטא איז פארבייגעפארן. עס זיינען אויסגעשטיגן דייטשן אין שטיוול, אין ברוינע און שווארצע מונדירן, אויסגע־פוצט מיט פיל האקנקרייצן און גאלדענע באגנעטן איינגעהילט אין ברוינע פעלערינעס, שטייפע בליקן. דאָז זיינען די מערדער און מיט זיי דער תליון אין שווארצע הענטשקעס. און פון א צווייטן שווארצן וואגן האט מען דאן ארויסגעשטויסן זיבן קרבנות — יידן מיט נאקעטע העלדזער און אפגעשווירענע האר. מיר גע־דענקען די 7 קדושים פון דער שטאט, דעם טאַטן מיט זיינע צוויי קינדער, וועמענס הויז איז אנטקעגן הענקער־פלאץ גע־שטאנען און ווו עס האבן איצט געברענט די ליכטלעך, וואס זיין פרוי האט אנגעצינדן. מען האט זי מיט געוואלט געהאלטןביים פענצטער. זי זאל זען דעם טויט פון איר מאַן און קינדער. געריסן די האר, געוואלט א סוף מאכן מיט זיך נאר די שטאר־קע דייטשן האבן איר דאס מויל פארשטאפט. זי זאל ניט זייער שמחה שטערן. ארויסגעטריבן פון אויטא געבונדן אין קייטן האבן זיך די אומשולדיקע קרבנות ארומגעקוקט. מיר זעען נאך זייערע בליקן.

געטריבן האט מען זיי צום הענקער־פלאץ, ווו אויף יעדן האט געווארט א בוים. און מיר זיינען געשטאנען ווי פארגליווערט, ווי צוגעבונדן איינער צום צווייטן, מורא געהאט אויף זיך צו קוקן, געשטאנען ווי זינדיקע, מען האט אונדז דאך אהער־געיאגט. געשלאגן איבער די קעפ מיר זאלן זען. זען אונדזער אייגענעם פיין, אונדזער גורל.

אויפן פלאץ, צווישן הייזער פון וועלכן מען האט כמעט אין דער שטאט פארגעסן, זיינען נאך געשטאנען 7 בוימער, וואס

האבן זיך אריינגערוקט טיפער פון דער „קרומער גאס“ ניט וועלנדיק קוקן אויף די רציחות פון דער ציוויליזאציע. זיי האבן זיך געלעבט פארבארגן אן אלט לעבן, אוועקגעבויגן די צווייגן פונעם פרצוף פון דער גאס. אָפשר וועט די ארומקייט אן זיי פארגעסן. און מען איז טאקע טויזנטער מאל פארביי און מען האט זיי ניט באמערקט. היינט האבן זיי די דייטשע רוצחים אויס־געפונען. אומשולדיק, פארשעמט זיינען זיי געשטאנען, געשאקלט פארוווּנדערט מיט די צווייגן, ווי די צוזאמענגעשמאָלצענע מענ־טשלעכע מאסע מיט די קעפּ און מתפלל געווען צוזאמען מיט זיי פאר די 7 קדושים.

צוגעשטויסן האט מען זיי צו די בוימער מיט א טייוולאנישן תענוג. די פיס האבן אונטער אלעמען געציטערט און זיינען שוואך געווארן. די הענט זיינען געווארן שטארקער פארקלעמט, דער קאפ שווערער, א רעש אין מוח. די אויגן האבן א טייל צוגעמאכט און אנדערע האבן זיי געהאלטן ברייט אפן און האבן נאר געזען עפעס א פייער, וואס ברענט ארום זיי.

אין דער שוידערלעכער שטילקייט הערט מען א זיפצן און א שטילן „שמע ישראל!“ זעקס מאל האט מען דאס געהערט און דער זיבעטער האט מיט זיין לעצטן ווארעמען אטעם ארויס־געשריגן: יידן, אַ״ר האט דאַס אלץ געזען, אי״ר זאלט עס ניט פארגעסן און דער תליון האט עס פארשטאנען און האט האס־טיק אוועקגעצויגן דעם שטול.

* * *

מען האט אונדז צעיאגט, שטום ווי געקומען איז דער עולם אהיימגעגאנגען מיט אראפּגעלאזטע קעפּ, טרערן אין די אויגן, איינזאם, פארלאזן — נאר אין די הערצער האט געברענט נקמה!

דאס יינגעלע האָט פארביסן דיציינער און שטום געפירט זיין טאטן. ר׳ יאנקעלע, וואס האט שווער געשלעפּט די שווע־רע פיס האט זיך אפגעשטעלט אויף א ווײַלע, צוגעדריקט דאס קינד צו זיך און געזאגט.

משה׳לע געדענק, כל נדרי, אלע נדרים וואס מיר האבן איצט געטאן, זיי זאלן הייליק בלייבן, זאלסט זיי ניט צעשטערן, זיי זאלן בלייבן אין אונדז ביז מיר וועלן זיי דערפילן.

כל נדרי — עס איז געווען א נגון פון צארן און צער — א נגון וואס גליווערט דאס בלוט, וואס מאנט און וועקט — אן אנדערער פון אלע ביז איצט.



„די קלוגסטע" פון אלע, פרוי לאסק, וועלכע האט זיך ניט געלאסט אפנארן, ניט פין די דייטשן און ניט פון יודנדאט, ניט געגאנגען צו קיין שום אקציע נור זיך תמיד אויסבאהאלטן און א דאנק דעם, די איינציקע עלטערע פרוי אין כזשאנאוו, וואס איז געבליבן ביים לעבן.

# מרדכי שטריגלער

## אינזש. יעקב קורץ ז"ל

דאס בילד פון מרדכי שטריקלער איז א גלענ־צנדיקע כאראקטעריסטיק איבער אונדזער בן עיר יוקל קורץ הי"ד (א זון פון יידל קורץ (שווינקע) וואס איז געווען געדרוקט אין דעם יובל נומער „אונדזער ווארט" אין פאריז, אין 1945.

מ. ב.

1.

ווי א האמער האט א ידיעה א־בערן קאפ א שלאג געטון: — געשטארבן קורץ! און ס'ווילט זיך מיר אליין ניט גלויבן: איז אט דער אייביק־אומרואיקער מענטש שוין אויך אוועק צו זיין „אייביקער רו"?... א מענטש האט אזוי לאנג זיך געשפילט מיטן טויט אין יאגעלעך און געהאט די אמביציע שטענדיק דעם סכנה־לויער א פייג אויסצושטעלן; טא ווי אזוי נעמט עס אזא איינער און שטארבט גלאט אזוי־זיך אוועק, שוין נאך דער באפ־רייאונג?....

דערמאן איך זיך ווי אזוי ער פלעגט אין מיר שטענדיק אריינטענהן, אט דער קלוגער ציניקער און פעסימיסט: — וועסט זען.. איך וועל שטארבן נאך דער באפרייאונג... איצט, אונטערן יאך פון קנעכטשאפט, לעבט א געוואלדיקער בייגיר, א ווילן צו זען די וועלט א מינוט „דערנאך". דאס שפארט אין מיר, וועקט אין מיר טויזנטער חלומות אזעלכע, וואס גיסן מיך אן מיט לעבנס־חשק און טרייבן מיך אונטער ווייטער צו טראגן דעם שווערן פאק... דערפאר אבער האב איך גארניט מער אין לעבן אליין. ווען אלץ וועט געענדיקט זיין — וועט אויך מיין בייגיר אין מיר אפשטארבן — וועלכער כוח וועט מיך דאן טרייבן אין לעבנסראד?

און ס׳איז געשען. — — — — — —

און געשטארבן איז ער זיכער ניט מיט קיין קללה אויף די ליפן נאר מיט זיין ציניש־פילאזאפישן שמייכעלע פון וועלט־ביטול. אזא מענטש שטארבט, בכדי זיין מיטוועלט אפצוטון א שקאצעריי און זי בארויבן פון איינעם אזעלכן, וואס זי דארף נייטיק האבן...

ווייל ווי דען אנדערש?

יארן וואלגערט זיך א מענטש אוים אין תפיסות פון דייטש־לאנד, עסטרייך און פארמלחמה־דיקן פוילן; וואנדערט שפעטער פון איין געטא אין צווייטן; פון איין לאגער צום צווייטן; קריכט שטענדיק אפער דעם טויט פון אונטער די נעגל און דערלעבט אין בוכענוואלד די פריי.

אין אט, אין באפרייטן בוכנוואלד, נעמט א מענטש, וואס האט דער וועלט אזויפיל צו דערציילן און — שטארבט?...

און געשטארבן איז ער אזוי עלנט ווי די הונדערטער טויזנטער חברים אין די יארן פון היטלעריסטישער פיין.

* * *

ס׳איז ניט די פערזענלעכע טראגעדיע פון א מענטש. זייענדיק ביי די 50, ניט האבנדיק מער קיין פאמיליע און קיין פריינט. וואס קען שוין אזעלכן אין לעבן לאקן? גיכער איז עס א טראגעדיע פון זיין פאלק, וואס האט געמוזט צוזען דאס פאר־גיין פון די לעצטע אינטעלעקטואליסטן זיינע, שוין נאך זייער באפרייאונג. א פאלק, וואס איז בארויבט געווארן פון דעם קרעפ־טיקסטן און קערנדיקסטן טייל זיינעם און מוז נאך פארמאכן די אויגן, ווען די לעצטע פאטענץ־קערנדלעך זיינע ווערן צעריבן, הארט פארן אויפשפראָץ...

ביי מיין אפפאר קיין פאריז פילט ער זיך אין האלב־געזונט; קומט אויך גייסטיק צו זיך און גייט זיך נעמען צו גרויסע ליטע־ראַרישע און פאליטישע ארבעטן. ביים געזעגענען זיך קוקט ס׳ערשטע מאל, זינט יארן, פון זיין אויג ארויס א פעסט געפיל; בטחון אינם שפעטער, א ווידערגלויבן אין זיך... — וועסט זען,

— זאגט ער — טאמער זוימסטו הערן א גרוס פון מיר און פון מיין ארבעט...

און אט איז א גרוס געקומען: דער לעצטער.

.2

אין שעהן פון מנוחה אין לאגער, אין דער באראק - טונקל־קייט, האט ער מיר געפלעגט זיין לעבנס־געשיכטע איבערגעבן.

א געבוירענער אין א גאליציאנער קליינשטעטל ביי א רייכן טאטן, א ווייִן־סוחר — אנטלויפט ער אלס 17־יאריקער ישיבה־בחור „אין דער וועלט אריין". וואנדערט און קען קיין רו ניט געפונען. אט הונגערט ער אין פראג און אט וואלגערט ער זיך אין ווין, אין פאריז, אין בערלין... אט נעמט ער זיך שטודירן כעמיע און אט פארווארפט ער אלץ און לאזט זיך וואנדערן מיט דער טשעכישער באהעמע איבער בארג און טאל. די ארבעט ביי אומלעגאלער פרעסע און ליטעראטור פארשלינגט אינגיכן דעם זודיקן כזשאנאווער בחור. גנבעט ער גרענעצן; פירט ליטעראטור פון איין ארט צום צווייטן, שרייבט און אגיטירט... „פאלט אריין", קריכט ארויס און געוויינט זיך שוין צו א לעבן „אונטער־ערד"... איז עס א שפיל אזא ביים טעמפעראמענטפולן יונגן אגיטאטאר געווארן, אי דאס דרוקן ערגעץ־ווי אנטי־מלחמה ליטעראטור און הן דאס פארשפרייטן זי צווישן די דייטשע ארבעטער. ער פאר־שרייבט זיך אפילו אליין אלס ארבעטער אין די שלעזישע קוילנ־גרובנס, בכדי נענטער צו קומען אין בארירונג מיט די דייטשע און פוילישע קוילנגרעבער...

...דאס אויפגעוועקטע פוילן לאזט אים צוערשט זיך אויס־לאדן. קאנדיטירט ער אין די צוואנציקער יארן צום סיים און פארט ארום האלטן ראדיקאלע וואל־רעדעס. באלד אבער ווערט פאר אים באשטימט א „בעסער" ארט, ווו זיין ברויזיקע נאטור דארף אביסל געצוימט ווערן. צווישן איין פוילישער תפיסה און דער צווייטער באקענט ער זיך „גאנץ נאענט" מיט דער מעטאדע פון גיסן קאכיק וואסער דורך די נאז־לעכער, הענגענדיק מיטן קאפ אראפ און די פיס ארויף און ענלעכע „הייסע" מעטאדן פון דער פוילישער געהיים־פאליציי...

קומט ער ארויס מיד און צעבראכן. זוכט ער קליינמענטש־לעכע רו און חתונה האבן, אין א געעפנט אפטייקל... זיצט ס'ווייב ביי די קליינע רפואה־פלעשלעך און ער שליסט זיך אפ אויף גאנצע טעג און נעכט אין בוידעם־שטיבל. ווי אין די ישיבה־יאר; זיינע זיצט ער ביי א ליכטל, וואכן גאנצע, רויכערט, פארבייסט מיט א קלעצל צוקער און לייענט...

די גאנצע יידישע און העברעאישע ליטעראטור אזוי אדורכגעלייענט פון דער ערשטער ביז דער לעצטער שמה און יעדן פינטל זיך באמיט איינצוקריצן אין זכרון. און דאס געלייענטע וויל ניט פארבלייבן אין אן ענגן מח־ווינקל. לייוויק רייסט זיך איבער א שטיק מחשבה מיט טשאפעקן און ביאליק פארפירט א פארביטערטן אומגלייכן קאמף מיט געטען... דאן ווען יענע האבן זיך שוין איינגעבירגערט אין גדאנק זייט יארן...

...קען ער זיך פון דעם אלטן וועג ניט אפזאגן, וויל ער ווייטער צוהאלטן אין זיך דאס אלץ פאר וועלכן ער האט אזוי־פיל יארן אוועקגעגעבן. קומט אבער דאס אלט־נייע, אין וועלכן ר'האט אנגעהויבן ארייננבליקן אוים לייכטן נייגיר און בויערט, און פאדערט און נעמט זיך דעראבערן איין מחשבה־קעמערל נאכן צווייטן... לאזט ער זיך מיטן זעלבן לייכטן נייגיר אין דער יידישער סביבה אריין. צוערשט מיט דער דעה (וואס אונטער דער דעה שטעקט וויל ער זיך אליין קלאר ניט ווערן.) יענע איבערצוציינגן, מיטצוזרייסן... שפעטער דערשפירט ער אין זיך א געוויסע מורא: וועט ער אליין אמאל ניט מיטגעריסן ווערן? ביסלעכוויז, אבער פארלירט די מורא איר שרעקלעך פנים און ער לאזט שויןביידע כוחות, גלייכגילטיק אויסשפילן זייער שפיל פון פארמעסטן זיך... ווי א צושויער ביי א פרעמדן מעטש איז ער בלויז נייגעריק: ווער וועט זיגן? און ווען איין זייט אין אים שטעלט אן גרויסע פחד־אויגן, ווען ער ברומט, ניט־וויסנדיק אליין פון גאר, עפעס אן העברעאישע מעלאדיע; און ווען ער וויל נאך זיין יענער, דער פריערדיקער און פרוווט זיך אליין אויסמוסרן: וועסט דאך נאך ווערן א ייד מיט די

ביינער ! הערט ער שוין טיף אין זיך א דרייסטע, הילכיקע שטים : הלואי ! — — — — — — — —

...און אזוי ביז זיין אייגענער יחידישער געראנגל לאזט אים שטיין אין מיטן א געראנגל פון פעלקער און וועלטן...

.3

אין א לאגער־אוונט, נאך א טאג, אין וועלכן ס׳איז קיין „סעלעקציע״ ניט פארגעקומען און צו קיין נאכטיקער צוגאב־ארבעט כאפט מען ניט — זיצן מיר צוזאמען. מ׳איז שוין מיד פון פאליטיקירן. לאזט מען אויף א ווײַלע צורו דעם מח און מ׳לאזט קומען צוםווארט דאס געפיל.

קורץ איז דער ערשטער, וואס הויבט אן אימפראוויזירן מיט זיין אייביקן פאראפראזע־נוסח .

אונטער די גריניקע בוימעלעך

געשפילט האבן זיך משה׳לעך, און שלמה׳לעך...

און יעדער פון אונדז האט זיך עפעס דערמאנט. איך האב זיך דערמאנט אין די לעצטע משה׳לעך און שלמה׳לעך פון שכנים, פון גלאט־יידן, וואס זיינען געלעגן מיט אפענע מח׳לעך אויף די זעלבע ברוד־געסלעך אויף וועלכע זיי האבן זיך אמאל געשפילט... און אים, אים איז אויפן זינען געקומען זיינס איין אייגן אכט־יעריק „משה׳לע״, וואס וועט שוין קיינמאל ניט קוקן אויפן סטאשעווער הימל מיט די וואטענע וואלקענדלעך דורך זיינע „כשרע יידישע אייגעלעך״... און אין מיטן פארחלומטן פארציען זיך ווערט ער אויפגעשטורעמט :

— הערסטו ! קיינעם דארף איך ניט אויספאטשן נאר זיך אליין ! און די האר מיינע זעסטו ? זיי דארף איך איינציקווייז אויס־רייסן ! ווייסטו כאטש פאר וועמען און צוליב וועמען זיי זיינען גרוי געווארן ?...

א מינוט שווייגן האט אים געביסן אין האלז ביז אויסצו־שרייען — צוליב זיי האט מיין יעדן ווינקל אין פנים קנייטשן און צוליב זיי די דאזיקע בעסטיעס, איז יעדער האר אין מיין קאפ גרוי געווארן ! כ׳האב פאר זיי געוואלט אַ וועלט אויסבעסערן

און איצט זיינען מיר די אייגענע האר פרעמד געווארן, נמאס...

א ווײַלע האט זיך עפּעס ביי אים געטון אין קאָפּ, פאַר־שידענע מחשבות האבן דארט געוואַלט פאַרהאַלטן איינעם א דרייסטן געדאַנק, וואס האט זיך געפּרוווט אַדורכרייסן ביז צו די ליפּן... ענדלעך האט ער אַרויסגעפּלאַצט:

— ווייסטו וואס כ׳וועל דיר זאגן? א קורצן סך־הכל פון א לאַנג לעבן: מיר זיינען אליין און אינגאַנצן פרעמדע! פרעמד פאַר יענעם און פרעמד פאַר זיך; מיר ווילן יעדן איינעם הערן אויסער זיך אַליין יענעם קען מען ניט דערהערן אינגאַנצן — בלייבסטו פאַר אים פרעמד; ניט הערנדיק דערבײַ זיך אליין — ביזטו ניט דײַן, בלייבט דײַן פרוי ניט דײַן און דײַן קינד בלייבט ניט דײַן... כ׳האָב קיינמאָל ניט געוואַלט גלויבן אין דעם ביז ס׳איז ניט געקומען די ערשטע־בעסטע האַנט און האט צעשמעטערט מײַן קינדס לעבן אויפן ברוק... און האט אַוועק־געפירט מײַן פרוי וווהין זי, די האַנט, האט געוואַלט... און איך?.. און דאָס איז בלויז דערפאַר, ווײַל מיר האבן זיך אליין ניט גענומען אין די הענט אַרײַן — האבן זיי אונדז גענומען, מן הפקר...

א ווײַלע האט ער אַרײַנגעשוויגן אין באַראַק־פענסטערל אַרײַן. כ׳ האָב אים מיטגעהאָלפן שווײַגן און ווען ער האט ווידער אָנגעהויבן האט זיך מיר געדאַכט, אז די פאַרלייזיקטע שטרוי־זעק און די שטעכיקע דרויט־צוימען אַרום אונדז רעדן מיט:

— א רעוואָלוציע מוזן מיר אַרויסרופן ביי זיך אליין! מיר ייִדישע קאַצעטלער מוזן אַרײַנשרײַען אין זיך אַזוי הויך, אז אונדזערע ווערטער זאָלן אויף אַלע ווינטן אַוועקרײַטן איבער דער גאָרער וועלט און זיי לאָזן א מוראַדיקע בשורה ווערן פאַר אַלע ייִדן מיט מײַן פריערדיקן איך און מיט דײַן פריערדיקן דו... וועלן מיר עס באַווײַזן?

די ביימער אין דרויסן האבן צעשפּרייט זייערע צווייגן־הענט ווי זיי וואָלטן געזוכט אין אַלע זײַטן די תשובה אין אייגענעם אַרום.

*
* *

און אן עקשן געווען אויך אין לאגער. אפגענומען זיך אן עבודה: פאליטיקירן! האט ער זי אויסגעפירט ביי אלע אומ־שטענדן. פון אונטער דער ערד אבער האט דער מענטש באַוויזן צוזאמענצושטעלן די טעגלעכע פוילישע און דייטשע פרעסע. ער פלעגט זי אדורכלייענען פון עק ביז עק און שפעטער ארומקריכן פון איין פריטשע אין דער צווייטער אין די פארחושכטע באַ־ראקן און אנזאגן יעדן איינעם סקלעפּט אויף די פאר פארשימל־טע שטרוי:

— הע, א רעוואלוציע אין טשעכן! היידריך איז דערהרגט!

און כ׳האב קיינמאל ניט געקענט פארשטיין ווי אזוי אט דער בייסיקער ציניקער האט פארלוירן זיין סקעפּטישע איראניע דערביי. צום הונדערטסטן מאל האט ער געקענט ארויסנעמען דאס שטיקל צעקנייטשטע צייטונג און ווידער אמאל און נאכ־אמאל עס פארלייענען פאר א פריש־צוגעקומענעם נײַגעריקן... ווו האט ער דאן פארשטעקט זיין נערוועזן אומגעדולד?!

און ר׳איז אויך ניט מיד געווארן איבערצוחזרן פאר די האלב־אויסגעלאשענע גופים צום צוועלפטן מאל:

— שוין ניט לאנג, קינדער! אז איך זאג אייך — מענט איר מיר גלויבן!... און א פלא: אים האט מען געגלויבט!...

* * *

פייפנדיק אויף אלץ אין דער וועלט, האט ער אויך גע־פייפט אויפן גאנצן לעבן און אויף זיינע סכנות. איז ער אויך ניט געגנוג פארזיכטיק מיט דער צייטונג און פארשטעקט זי אין דער אויבערשטער קעשענע. איז דאס קעפל פון נארישן פאפיר נייגעריק און קריכט ארויס, ווילנדיק א שמעק טאן, וואס עס טוט זיך אויף דער וועלט... דערזעט גראד דער שכורער וואכ־פירער פון אונדזער סקארזשיסקער לאגער, דעם ייד מיטן שארפן, פילאזאפישן פנים און ווי די צייטונג ביי אים איז אין פאר־לעגנהייט: יא ארויסקריכן אדער ניט?... צעברילט ער זיך מיט צארן: וואס פאר א פאליטיק פירט מען עס דא אין לאגער, דא? א געגויע רעוויזיע אין יידס אומענדלעכער טאשן־טיפקייט אנ־דעקט א גאנצע קאלעקציע צייטונגען; אנהייבנדיק פון פאראיא־

ריקן ביזן סאמע פאר־נעכטיקן... באפאלט דעם שכור שוין א מין בייזער נייגיר: ווארום בראוכסטו דאס? פאליטיק? וואס? די קאלטע שטאלענע אויגן פון ייד קוקן אים אבער גלייך אין פנים אריין: טואלעט פאפיר! הער וואכפירער! ס׳זאל הייסן, אז דאס האלט ער ספעציעל פאפיר, ווייל ער וויל מהנה זיין דעם גאנצן לאגער מיט גוטן אשר־יצר... זעט דער וואכפירער, אז ער האט דא צו טאן מיט א משוגענער מאניע אזעלכע... קען ער בלויז איין זאך ניט פארשטיין: איין צייטונג איז דאך ערשט פון נעכטן? טאמער טרייבט ער דאָך פאליטיק, דער „שלויער יודע"?

די קאלטע אויגן פון איינציקן ייד, וואס קוקט גלייך אין פרצוף ענטפערן־אבער קלאר: איך קען ניט לייענען און פאר־שטיי ניט קיין דאטומס, הערן וואכפירער! — — —

...קומט ער אפ מיט א פאר בלויזע קלעפ פארן „פרעכן בליקן" און קריכט פון זיינע הענט אבער גלייך אין ערשטן־נאענטסטן באראק אריין און פלאצט ארויס נעבן ערשטן „בעטל" ביי דער טיר:

— דו! שלאפסט גאר? ווארא־ניעזש איז געפאלן! — — —

* * *

נאך דער באפרייאונג — אין בוכנוואלד. ער קריכט שוין ארום דעם שפיטאל, ווו ער ליגט און דערהערט, אז כ׳גרייט זיך צו פארן ערגעץ, אויפצונעמען קאנטאקט מיט דער יידישער וועלט. קומט ער צוגיין אט אַזוי אין העמד און גאטקעס: פארסט? ווייס איך אליין ניט וואס צו זאגן א לאגער־חבר פון איבער צוויי יאר... ער פילט זיך פארלוירן: וואס וועט זיין מיט מיר? כ׳בין נאך אלץ ניט פולשטענדיק ביים געזונט! כ׳טרייסט אים: וועסט ארויספארן אין „קיבוץ" אריין אויף דער פרישער לופט — וועסטו געזונט ווערן... קען ער זיך ניט בארואיקן: כ׳בין אליין אויף דער וועלט — סיידן די קרובים אין ארץ־ישראל... טרייסט איך אים ווייטער:ווארט אביסל... וועסט זען, אז איך וועל צוריקקומען וועל איך האבן ידיעות פאר דיינעטוועגן און מעגלעך, אז וועסט קענען שנעל פארן קיין ארץ־ישראל און

אנהויבן דארט א ניי לעבן ... דער עיקר — געדולד און ווארטן! ווייסטו וואס — שלאג איך אים פאר — נעם דערוויל שרייבן! איך וועל צוריקקומען — וועלן מיר עס מאכן צוזאמען, איבער־הויפט — איבער סקארזשיסקא ... א ווײַלע צעשמייכלט ער זיך ווי א קינד: ביזט גערעכט! טאקע וועגן סקארזשיסקא! אבער דו וועסט צוריקקומען?...

...און א משוגענע וועלט מיט א מאדנע לעבן: ניט איך בין אהין צוריקגעקומען און ניט ער האט זיך אויף עפעס דערווארט ...




א כזשאנאווער ייד (שלמה ווורצל) תיכף
נאך דער באפרייאונג.

# הוספה

אין לעצטן מאמענט, ווען דער „ספר כזשאנאוו" איז שוין געווען כמעט אפגע־דרוקט, איז אנגעקומען דער דאזיקער בייטראג צום בוך פון מרדכי שאר. צוליב דער וויכטיקייט פון דער פערזאָן פונעם שרייבער, וועלכער איז געווען און איז נאך איצט אן „אינטעגראלער באשטאנד־טייל" פון אונדזער שטאט און אויך צוליב דעם של פון היסטארישן מאטעריאל, וואס דערגענצט עט־לעכע בלויזן פונעם ערשטן טייל אין בוך, האב איך זיך אנטשלאסן דעם בייטראג אפצודרוקן און עס געבן אלס הוספה צום סוף. בעסער שפעטער איי־דער קיינמאל ניט ליבער מרדכי שאר! מיין שולד איז עס זיכער ניט...

מ. ב.

מרדכי שאר

# א קאפיטל כזשאנאווער זכרונות

ארום יאר 1900 האט זיך אין כזשאנאוו געגרינדעט דער ערשטער אפיציעלער ציוניסטישער פאראיין. דער גרינדער איז געווען דר. אדאלף ריזער. צו דעם פאראיין האבן געהערט בעל־הביתישע חסידישע בחורים און בעלי מלאכות, וועלכע האבן נאך געטראגן זיידענע יוביצעס אין שבת. צווישן די ערשטע מיטגלי־דער האבן זיך געפונען — אויף אזוי פיל ווי איך געדענק — זכריה שווארצבארד, חיים משה שיפער, די ברידער משה און חיים ריכטער (מיזשל) דר. שמואל ציפער, בונם זאנענשיין, אב־רהם בערגער פון קוואצאלע, הערשל קליין, שלמה גוטער, שמעון וואלף יונגענווירט א ברודער פון יוסף יונגעווירט, דעם פרעזעס פון כזשאנאווער לאנדסמאַנשאפט אין ישראל. די באגייסטערונג ביי די בחורים, ווען דר. ריזער האט געהאלטן זיין ציוניסטישע דערעפנונגס־רעדע איז געווען אין לשער. יעדן אויף דער נאכט זיינען זיך די מיטגלידער צונויפגעקומען, מען האט געלייענט די ציוניסטישע „וועלט" און דאס לעמבערגער טאגבלאט, די דייטשע ווינער פרעסע „די צייט" און „פרייע פרעסע". אויך העב־רעאישע צייטונגען ווי „המצפה" „השלוח" און סאקאלאוו׳ס „הצ־פירה" האבן ניט געפעלט. געווען א ביבליאטעק מיט דער יידי־שער קלאסישער ליטעראטור, פרוג׳ס און ביאליק׳ס שירים, פרץ׳ס און שלום עליכם׳ס דערציילונגען זיינען געווען די גייסטיקע שפייז, וואס די בחורים האבן אין זיך איינגעזאפט אין ערשטן ציוניסטישן פאריין.

אין יאר 1905 האט זיך געשאפן אן אפאזיציע. מאטל ראז־

נער און יחיאל אונגער, וועלכע האבן געארבעט אין קראקע. האבן זיך צונויפגערעדט און געגרינדעט דעם פועלי־ציון אין כזשאנאוו. פון די ערשטע מיטגלידער איז כדאי צו דערמאנען, וואלף כץ, א שוסטער אין א זיידענער בעקישע, משה, דער זון פון קובע עתים, שמש ר׳ יעקב יוסף, א שניידער אין א זיידענע יופיצע, הערשל לויפער, אברהם שאר, איטשע בעקער פון וואדנע, און שמואל יאסל שולזינגער, א זון פון לייזער גאלדשמיד מיט מרדכי שאר. מען האט געדונגען א שטוב אויף דער קראקעווער גאס ניט ווייט פונעם רב׳ס הויז, די קראקעווער אפטיילונג האט אונדז שטארק געשטיצט, אראפשיקנדיק רעפערענטן, וועלכע האבן געהאלטן פארטראגן אויף פארשידענע יידיש־נאציאנאלע און סאציאל־פאליטישע טעמעס.

פון דעמאלט פאנגט זיך אן די נאציאנאלע און ציוניסטיש־סאציאליסטישע טעטיקייט פון כזשאנאווער פועלי־ציון אויפן קול־טורעלן און פאליטישן געביט, עס זיינען צו אונדז צוגעשטאנען — א חוץ בעלי־בתישע בחורים — ארבעטער פון אלע פאכן, וועלכע האבן זיך ארגאניזירט אין אונדזער פאריין. דאס לעבן האט פשוט דערצו געצוווּנגען — מען האט געדארפט עסן — און די ארבעטער זיינען דעמאלט אויסגענוצט געווארן אויפן ערגסטן אופן. מיט דער מלאכה האט מען זיך נאך דעמאלט א ביסל געשעמט. איך געדענק ווי די יידישע מאמעס פלעגן זאגן, „מיין קינד דארף זיין א שניידער, אָדער א שוסטער? גארניט! ער האט ניט וואס צו טון, אין בית המדרש וויל ער ניט לערנען, איידער ער זאל ארומגיין פוסט און לעדיק, זאל ער שוין בעסער ווערן א בעל מלאכה" און מיט א זיפץ אפגעווישט די טרערן פון די אויגן... פאר מיינע אויגן שטייען נאך די בילדער, ווי אונדזערע בעלי־מלאכות אָרגאניזירטע אין א מאדערנעם פאריין גייען צוויי מאל אין טאג צום דאווגען, אין דער פרי מיטן תפי־לין זעקל אונטערן ארעם און פארנאכט צו מנחה־מעריב, ווי שיין און דערהויבן א׳ז געווען דאס שבת׳דיקע בילד, ווי בעלי־מלאכות אין זיידענע יופיצעס מיט סאמעטענע קאפעלושן, ארומ־געגורט די לענדן מיט טונקל־רויטע זייסענע גארטלן האבן מיט

שטאלץ און פרייד, מיט נשמה יתרה׳דיקן באוווסטזיין מארשירט צו דער שול, אדער בית־המדרש קובע עתים, אדער חברה תהי־לים געהאט טאקע הנאה פונעם דאווגען און גענאסן מיטן פולן מויל פון דעם יום שכלו שבת...

אונדזערע וויכטיקסטע אויפגאבע איז געווען צו ארגאניזירן די לערן־יינגלעך. אין יענע יארן פלעגט מען אפגעבן א יינגל צו א בעל־מלאכה אויף 2 – 3 יאר ער זאל זיך אויסלערנען דאס פאך. די לאגע פון אזא לערן־יינגל איז ניט געווען קיין פויגל־דיקע — אז דער מייסטער האט אליין ניט געהאט גענוג, היינט וואס האט ער שוין געקענט געבן דעם לערן־יינגל צו עסן? דאס לערן־יינגל איז געווען א משרת, האט געמוזט טון הויז־ארבעט, ווי וואשן די פאדלאגע, ניאנקען דאס קליינע קינד, פארהערן די עלטערע קינדער צו זיי קענען עברי און שפעט ביינאכט, ווען אלץ איז שוין געשלאפן, האט דער מייסטער זיך דערמאַנט, אז עס איז דא א לערן־יינגל און מען דארף אים עפעס לער־נען. אזוי איז דאס יינגל געזעסן ביז 12 א זייגער אויף דער נאכט און געארבעט. קוים איז דאס יינגל איינגעשלאפן א מידער און צעבראכענער, האט ער שוין געמוזט פארטאגס אויפשטיין, נעמען די קאנען און ברענגען וואסער פון פלומפ. די קאנען מיטן וואסער זיינען אפטמאל שווערער געווען פונעם וואסער־טרעגער און דער יונגער קערפער פון דעם יינגל האט זיך גע־בראכן אין צווייען פון דער שווערער ארבעט. אפגעפאַרטיקט זיך מיטן וואסער ט־אגן, האט דער לערן־יינגל געמוזט ברענגען אנ־בייסן פאר די געזעלן און אויב דאס אנבייסן האט דעם געזעל ניט געפאסט, האט דאס יינגל באקומען פעטש... אז די לערן יארן זיינען שוין אדורך, האט דער לערן־יינגל געדארפט קריגן א לערנבריוו פון דעם צעך. דעם צעכמייסטער האט מען ווידער געדארפט „שמירן", כדי ער זאל ניט מאכן קיין שאלות און אויב ניט, האט מען געדארפט אנפאנגען אויפסניי, פארשטייט זיך, אז אונטער אזעלכע אומשטענדן, האט אזא יינגל ניט געקענט קלערן פון וועלכע ניט איז גייסטיקע אנטוויקלונג, ווי לעזן א צייטונג א בוך — וויסן וואס עס טוט זיך אויף דער וועלט? זיין בעל

הבית האט שוין צוגעזען, אז מער ווי שבת, זאָל דער יינגל ניט האבן קיין פרייע צייט, ווייל באלד נאך הבדלה, האט דער יינגל געמוזט זיך נעמען צו דער ארבעט. איז אבער געווען א געווער־בע שול פון דער רעגירונג, וועלכע האט געצוואונגען דעם אר־בעט־געבער צו שיקן דעם לערן־יינגל 3 מאָל אין דער וואך אויף אוונט־קורסן, ווען איך דערמאן זיך היינט, ווער די לערער זיינען געווען?... א באנדע אנטיסעמיטן, וועלכע פלעגן שלאגן די יינגלעך פאר יעדער נארישקייט און דער בעל הבית צוזאמען מיטן לערן־יינגל האבן שוין געפונען א וועג, ווי ניט צו באזוכן די אוונט־קורסן...

און דא, האבן מיר זיך גענומען צו ארגאניזירן די יידישע ארבעטס יוגנט. איך דערמאן זיך אצינד ווי איך בין אמאל גע־גאנגען צו דר. קעפלער — ער איז דעמאלט געווען דער ביר־גערמייסטער פון כזשאנאוו — און פארלאנגט פון אים, אז ער זאָל זיך פאראינטערעסירן מיטן לערן־יינגל פראבלעם, הן אין אלגעמיינעם בילדונג סיסטעם ווי אויך, אז דאס לערנען גופא, זאָל זיין צוגעפאסט צו די גייסטיקע אויפנאמס־פעאיקייט פונעם יינגל. דר. קעפלער, וועלכער איז אליין געווען אן אינטעליגענ־טער מענטש, אבער אן אסימילירטער ערב משומד, האט מיר געענטפערט, אז אויב איך וועל מאכן רעוואלוציע אין כזשאנאוו, וועט ער מיך לאזן ארעסטירן און אנקלאגן פאר סאבאטאזש פון עסטרייכישן בילדונגס־מיניסטעריום, וואָס האט ארויסגעגעבן דעם פראגראם פאר אלע אוונט־שולן אין גאנצן לאנד... מיר האבן זיך פון דעם אויבנדערמאנטן ענטפער ניט אפגעשראקן, נור גע־נומען ארגאניזירן די יידישע ארבעטער יוגנט פון כזשאנאוו, נאך א פיבערהאפטיקע טעטיקייט איז אונדז אויך געלונגען צו דער־צילן גלענצענדע רעזולטאטן. מיר האָבן אפגעשאפט די שווערע נאכט־ארבעט פאר די יונגע קינדער, דאס שלאגן די יינגלעך האט אויפגעהערט. נאך דער ארבעט זיינען די לערן־יינגלעך געקומען אין פאריין ווו עס איז אפגעהאלטן געווארן פארשידענע קורסן, די בחורימלעך האבן זיך אויסגעבארגט ביכער, אבאנירט צייטונגען, אזוי איז דערצויגן געוואָרן א שיינע יידישע יוגנט אין

כזשאנאוו מיט וועלכע מיר אלע זיינען געווען שטאלץ. צווישן די, וועלכע האבן געהאלפן אין דעם ענין, זיינען געווען די טייערע חברים מיינע, מאטל ראזנער, קארפל גאלדשטיין, מיין ברודער אברהם שאר, וואלף כץ, שלמה גרובנער, שמעון לויפער. און אנדערע אונדזערע אויפגאבעס זיינען געווען: 1. צו פאראנשטאלטן עפנטלעכע פארטראגן איבער יידיש־נאציאנאלע פראגן. 2. ליטעראראישע שמועסן. 3. צו פארשפרייטן דאס יידישע בוך, 4. רעדן און שרייבן א שיינעם יידיש. 5. טעאטער פארשטעלונגען. 6 עקאנאמיש צו פארבעסערן די לאגע פון די פראלעטארישע יוגנט אין כזשאנאוו. וועגן די רעדנער, וואס פלעגן צו אונדז קומען, קען איך דערמאנען די ליכטיקע פערזענלעכקייטן ווי זרובבל, אלעקסאנדער כאשין, כזשאנאוויטש (כתריאל) נחמן מיפעלעוו, וועלכער איז אומציילינגע מאל געווען אין כזשאנאוו און דאס שטעטל שטארק ליב באקומען, יעקב קענער, וועלכער האט אמאל צוזאמען מיט בנימין קאהן פארשפעטיקט דעם צוג קיין קראקע, האט זיך געמוזט ארומדרייען א גאנצע נאכט איבערן שטעטל, ניט האבנדיק וווּ צו שלאפן, ווייל קיין שום יידישער האטעל האט ניט געוואלט די „שקצים" אויף צו איבערנעכטן. איז געקומען קוץ דער נאכטוועכטער און זיי געוואלט ארעסטירן.

מען האט מיך אויפגעוועקט אין מיטן נאכט און מיטן חזד פון בעריש קלעבער (א יידישער נאכטוועכטער) די צוויי חברים געראטעוועט פון קאזע... צווישן די הערלעכע יידישע פערזענלעכקייטן האט כזשאנאוו געהאט די זכיה אפטמאל צו הערן דעם דר. יצחק שיפער, וועלכער האט כזשאנאוו זעער ליב געהאט און געווען צו איר צוגעבונדן. ווען דר. שמואל ציפער איז ביים ערשטן וועלט־קריג גערופן געווארן אין דער עסטרייכישער ארמיי, האט דר. יצחק שיפער געפירט זיין קאנצליי און שיפער איז געווען פאר א צייט א כזשאנאווער תושב. בערל לאקער איז תמיד מיט פרייד געקומען קיין כזשאנאוו. צום אייביקן אנדענק ברענג איך די דעראינערונג פון דער ליבטיקער געשטאלט פון דר. נתן בירנבוים ע"ה, וועלכער האט אלעמאל דערציילט, ווי אלס יונגערמאן פארנדיק דורך כזשאנאוו

קיין ווין, האט ער זיך תמיד אפגעשטעלט אויף א פאר שעה אין כזשאנאוו.

איינמאל, דאס איז געווען אין פורים, האט ער זיך שטארק אנגעלאכט, זעענדיק ווי א „פארשטעלטער" ייד אין א זיידע־נער קאפאטע מיט א שטריימל אויפן קאפ רייט אויף א פערד, האלטנדיק אן אתרוג מיט א לולב אין האנט. דר. נתן בירנ־בוים האט כזשאנאוו זעער ליב באקומען און אפט געהאלטן פארטראגן אויף פארשידענע יידישע טעמעס. כזשאנאוו האט בירנבוים געזאגט, האט אים געגעבן א שטויס צוריק צום יידנ־טום. אין ווינטער 1917 אדער 1918 בין איך געווען אין ווין. איך בין געגאנגען צו דר. בירנבוים אים איינצולאדען אויף א פאר־טראג קיין כזשאנאוו. זאגט צו מיר דר. נתן בירנבוים, שאר! צו אייך האב איך ניט מער וואס צו ריידן, ווייל מיין אנשויאונג איז אצינד א גאנץ אנדערע... האט איר געלייענט מיין ניי בוך, „גאט׳ס פאלק"? לייענט עס — יא, איך וועל קומען רעדן קיין כזשאנאוו, אבער צו אייערע טאטעס און צו אייער פרומע... בירנ־בוים איז שוין מער קיין כזשאנאוו ניט געקומען.

בעת דר. חיים זשיטלאווסקי איז געווען אין כזשאנאוו האט ער רעפערירט אויף דער טעמע „ייד און מענטש". איך געדענק נאך די אויפרעגונג, וואס האט ביי אונדז געהערשט ביים צו־גרייטן דעם אוונט. מיר האבן געזוכט א יידישן אינטעלעקט׳א־ליסט, וועלכער זאל זשיטלאווסקין באגריסן און כדי אים צו בא־גריסן, האט מען געדארפט קענען זיינע שריפטן, נו. ווער האט געקענט און געוווסט אין כזשאנאוו, ווער און וואס דר. זשיטלאווסקי איז?... איז געווען אין כזשאנאוו אן העברעאישער לערער — איך האב זיין נאמען פארגעסן — האט ער אונדז דערקלערט, אז ער איז א בקי אין זשיטלאווסקיס שאפונגען און ער וועט אים באגריסן — נור בתנאי, אז מען וועט אים לאזן רעדן אויף עב־רית. ס׳איז אונדז געווען ווי איינער גיט א קלאפ אויפן קאפ. זשיטלאָווסקי איז געווען א שטארקער יידישיסט און מיר האבן פארשטייט זיך דעם חוצפה׳דיקן לערער ניט דערלויבט צו בא־גריסן. איז דער גורל געפאלן — אזוי האבן די חברים באשלאסן

— אויף מרדכי שאר צו באגריסן זשיטלאווסקין. איך געדענק זיכער ניט, וואס איך האב אין מיין באגריסונג געזאגט, איך גע־דענק אבער, אז אין אנהויב פון זיין רעפעראט האט ער מיך צוגערופן און געדרוקט מיין האנט, געדאנקט מיר פארן גאנצן עולם פאר די פאר הארציקע, ווערטער וואס איך האב געלאזט פאלן. דאס צווייטע פראבלעם איז געווען, אין וועלכן זאל מאכט מען דעם אוונט?

מיר האבן באשלאסן צו קריגן דעם זאל פון מאגיסטראט. נאך גרויסע אנשטרענגונגען איז עס מיר געלונגען. דארט איז געווען א באדינער, פאלקא האט ער געהייסן, א גוי א פייערלע־שער געווען. זאג איך צו אים כ׳וועל דיר גוט באצאלן און זע, אז די בליצלאמפן זאלן זיין אויסגעפוצט און דער זאל זאל אויס־קוקן ריין, ווייל אין דעם זאל וועט רעדן א פילאזאף פון אמע־ריקע. האט זיך פאלקא גענומען צו דער ארבעט, אויפגערוימט דעם זאל ווי ס׳דארף זיין פאר אזא וויכטיקע פערזענלעכקייט. דער גוי האט זיך אין זיין פאנטאזיע פארגעשטעלט, אז א פי־לאזאף און נאך דערצו פון אמעריקע, זעט אנדערש אויס ווי א פשוטער בשר ודם...

און ווען ס׳איז געקומען דער אוונט און אז פאלקא האט געזען א יידל מיט א שפיציק בערדל מיט א גאלדן קייטל אנ־געהאנגען איבער זיין וועסט און גאנצן זעט ער אויס ווי א יידי־שער סוחר — האט ער צו מיר א געשריי געטאן „טא פשיא־קרעוו זשיד ניע פילאזאף"... אז איך האב דאס צומארגנס דערציילט זשיטלאווסקין, האט ער זיך צעלאכט. מיט א סך יארן שפעטער האב איך עס אים דערמאנט אין ניו־יארק.

אונדזערע „ליטעראַרישע שמועסן" דאס איז א קאַפּיטל פאר זיך. יעדן פרייטאג צו נאכטס פלעגן מיר איינארדנען „ליטערא־רישן שמועסן" אין דעם גרויסן זאל, וואס מיר האבן געהאט אויף פלאנטן און עס איז ניט איבערגעטריבן, ווען איך זאג. אז דער זאל איז געווען איבערפולט. אפילו אויף די ראמען פון די פענסטער איז מען געשטאנען. נאך היינט זע איך פאר מיינע אויגן די זיסע און שיינע יידישע מיידלעך מיט די גוטע בחורים.

וועלכע פלענן אויפמערקזאם צוהערן די שיינע ליטעראַטור, וואָס איך פלעג פאַרלעזן פון אונדזערע קלאַסיקער. מיינע צו־הערער האָבן געשלינגען יעדעס וואָרט און אליין אַנטייל גענו־מען אין דער דיסקוסיע. עס בלוטיקט מיר מיין האַרץ, ווען איך דערמאָן זיך, אַז די אַלע פּנימער זיינען ניטאָ מער צווישן די לעבעדיקע... עס דערמאָנט זיך מיר דעם אָוונט, וועלכן מיר האָבן איינגעאָרדנט פאַר דעם דיכטער אברהם וועוויאָרקע — וועלכן די נאַציס האָבן אַזוי טראַגיש אומגעבראַכט — האָט זיך די חסידים פאַרגליסט צו מאַכן; אויף אונדז אַן אָנפאַל. זיכער, אַז מיר האָבן זיי אָפּגעשטויסן, אָבער איך בין דעמאָלט אַוועק אַהיים אַ פאַרוווּנדעטער פונעם הייכן יאַסקע׳ס נעגל, איך טראָג אים חלילה ניט נאָך קיין האַס, ווייל ער האָט אונדז טראַצ־דעם גאָרניט געשטערט...

מיר האָבן באַשלאָסן צו שפּילן יידיש טעאַטער. ביי דער געלעגנהייט זאָל דאָ דערמאָנט ווערן אַ פּריזיער געהילף, וואָס האָט געאַרבעט ביי יאָהאַן טוויזאָוויטש. זיין נאָמען איז געווען קעסלער און ער האָט געהאַט שוישפּילערישע נייגונגען. דאָס ערשטע, וואָס מיר האָבן געשפּילט איז געווען „אַן עצה" פון שלום עליכם׳ן, אַן איינאַקטער, וועלכער איז אונדז גלאַטיק אָפּ־געלאָפן און מיר האָבן געהאַט אַ גוטן דערפאָלג — פאַלט מיר איין אַ געדאַנק. מיר זאָלן שפּילן עקידת יצחק פון גאָלדפאַדען. נו. דאַרף מען דאָך האָבן פרויען ראָלן — און וועלכעס כּושאַ־נאָווער מיידל וועט דאָס וועלן שפּילן מיט בחורים אויף דער בינע?...

די ערשטע פּיאָנערקע צווישן די כּושאַנאָווער מיידלעך איז געווען יאַכטשע ראָזנער — גאָט ווייסט אויב זי איז נאָך צווישן די לעבעדיקע? — זי איז געווען יוסף מעלאַק׳ס טאָכטער און זאָגט מיר, „אויב מיין מאַמע וועט עס מיר דערלויבן, וועל איך מיט אייך שפּילן". און איך בעט איר מוטער און פאַרשפּרעך איר, אַז איך נעם איבער די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער מאָראַלישער זייט פון דער אויפירונג. די מוטער דערלויבט איר בתנאי, אַז זי זאָל שפּילן נור מיט מיר. אַזוי, שפּיל איך אברהם

און זי שרה. חיים׳ל גרובנער — לוט, שלמה גרובנער — אליעזר, און אלס יצחק האט געשפילט דער רויטער, אבער שיינער דוד וואכסבערג, (פאניע) וועלכער איז געפאלן אין ערשטן וועלט־קריג. אין זיידן העמדל און רויטן קאפ האר איז ערווירקלעך געווען א שיינער יצחק. איך געדענק ניט די אנדערע, וועלכע האבן מיטגעשפילט.

אבער א געשעעניש, א קאמישע פאסירונג זאל דא דער־מאנט ווערן. מיר ברויכן אן אייזל, וואס זאל יצחק׳ן פירן צו דער עקידה, נו, ווו נעמט מען אן אייזל אין כזשאנאוו?...

טא, הערט א מעשה, ר׳ יהיאל מרדכי בליצער האט גע־האט א צאפ, דוד און לייב בליצער זיינע זין, זיינען געווען חברים אין אונדזער פאריין. דוד איז געווען דער סופליאר ביי אונדזער פארשטעלונג — און טאקע א גוטער סופליאר. אויך האבן זיי אונדז אויסגעבארגט דעם צאפ ער זאל דינען אנשטאט אן אייזל...

געשפילט האבן מיר אין א גרויסן זאל פון בעריש פרים־טער׳ס הויז אויף א בינע צוזאמענגעקלאפט אויס ברעטער. צווישן פובליקום האבן זיך געפונען די צוויי טעכטער פונעם בעל הבית פון צאפ, זיינען זיי געזעסן און הנאה געהאט פון דער סצענע. און אז ס׳איז געקומען דערצו, ווען יצחק דארף רייטן אויפן אייזל צו דער עקידה, איז, כאטש גיב דעם צאפ א טויט, ער וויל ניט גיין אויף דער בינע. נעמט לייב בליצער דעם צאפ ביים עק און ברענגט אים מיט כח אויף דער בינע ארויף — און גאט שרייט צו אברהם „אל תשלח ידך אל הנער", די סצענע גייט אזוי שיין און רואיק, דאס פובליקום איז גע־שפאנט, ביי מאנכן הערט זיך א כליפען פאר רחמנות און פלו־צים — דער צאפ האט דערקענט זיין בעל הבית׳טע מאלציע בליצער און מיט איין שפרונג לאזט ער איבער יצחק׳ן און אב־רהם׳ן אין מיטן דער עקידה און ארויף אויף מאלציען און מעקעט ווי איינער זאגט „וואס ווילן זיי פון מיר?" דער צאפ ווערט ווילד און לויפט צווישן פובליקום און צעטרייבט דעם עולם פון זאל... מיר זיינען געבליבן שטיין אויף דער סצענע ווי אפ־

געשמישענע, א נארישער צאפ האט אונדז די פארשטעלונג צע־
שטערט, דאס איז געווען די ערשטע דערפארונג פון כזשאנא־
ווער שוישפילעריי...

שפעטער צו, האבן מיר זיך גענומען אויפירן שלום אש׳ס
„מיטן שטראם". מיר האבן פלייסיק געארבעט און שטודירט
יעדן כאראקטער ראל באזונדער, די מיידלעך האבן ניט געקענט
יידיש לייענען. האט מען זיי די ראלן איבערגעשריבן אויף לא־
טיינישע אותיות און זיי האבן זייערע ראלן גוט געדענקט. אז
מען איז שוין פארטיק געווארן מיטן לערנען די ראלן, דארף
מען דאך האבן קאסטיומען פאר יעדן טיפ באזונדער. איך דארף
שפילן די ראל פון ר׳ זרח אין א זיידענער קאפאטע, וואס טוט
מען? איך גנבע צו ביי מיין טאטן ע"ה זיין שבת׳דיקע זיידענע
יופיצע. צום שלימזל האב איך פארגעסן נאך דעם שפיל די
יופיצע צוריקצוברענגען און מיין טאטע האט געהאט א פאר־
שטערטן שבת. ער האט זיך נור געוואונדערט, ווער האט אים
געקענט אוועקגנבענען די יופיצע, א גנב איז עס דאך זיכער
ניט געווען? אויב א גנב, פארוואס האט ער ניט אויך גענומען
דעם טייסטער מיטן געלט אין דאס זילבער, וואס איז געווען אין
דער זעלבער שאנק?...

איך האב נאטירלעך די יופיצע געבראכט איבער דער וואך
אהיים בשתיקה אזוי מען זאל ניט מערקן. עס אוועקגעלייגט
אויף אן אנדער ארט. שבת אין דער פרי, מיין טאטע איז מעביר
די סדרה מיט א זיסן נגון, געזאגט א קאפיטל תהילים, ער
שעמט זיך אבער גיין צום דאווענען אין וואכנדיקן מלבוש. איך
האב זיך געמאכט זוכן און מיט כלומרשטער פרייד „געפונען"
די יופיצע... מיר האבן אבער די אנדערע וואך נאכאמאל גע־
דארפט שפילן דאס זעלבע. דאס צווייטע מאל גנבענען ביים טאטן
האב איך ניט געקענט, ווייל ער האט שוין מוצאי שבת אויס־
געהיטן זיין יופיצע. א פארצווייפלטער טרעף איך אויף די „פלאנטן"
פרץ קליין (פאלעק) און דערצייל אים וואס דא טוט זיך, זאגט
ער צו מיר ווייסט :וואס? איך וועל צוגנבענען ביי מיין טאטן
זיין זיידענע יופיצע, און אזוי, האב איך צום צווייטן מאל גע־

שפּילט ר׳ זרח׳ן אין ר׳ קלמן קליין׳ס יופיצע. (אגב דער גרעס־טער עושר געווען אין שטעטל).

ווען איך דערמאָן שוין פאָלעק קליין, וועלכער איז געשטאָרבן פון הונגער אין רוסלאַנד, זאָל דאָ זיין נאָמען דערמאָנט ווערן צום גוטן. ער איז דאָך געווען אַ קינד פון רייכע עלטערן. ער איז אָבער געווען אַ שטאַרקער אַנהענגער פון אונדזער אַמאָ־טאָרישער טרופּע. ער האָט אמת׳דיק און אויפריכטיק אונדז גע־האָלפן. מיר האָבן געברויכט פּאַריקן, בערד, שמינקע, מאַסטיק און אַנדערע זאַכן, וואָס שוישפּילער דאַרפן האָבן. אַזוי ווי קליין איז געפאָרן אָפט קיין קאַשאָוויץ, איז ער אַריינגעגאַנגען אין דאָרטיקן שטאָט־טעאַטער, איינגעקויפט די אַלע זאַכן פאַר זיין אייגן געלט און דאָס געלט ניט געוואָלט צוריקנעמען. איך גע־דענק, ווען ער האָט מיר געבראַכט אַ פּאַריק צו שפּילן ר׳ זרח׳ן אין „מיטן שטראָם" זאָגט ער צו מיר: אין דעם פּאַריק האָט גע־שפּילט לעאָ שלעזאַק, (אַ באַרימטער זינגער און שוישפּילער) ווען ער האָט גאַסטראָלירט אין קאַטאָוויץ און ער האָט מיך מקנא געווען, וואָס איך האָב די זכיה צו שפּילן אין שלעזאַק׳ס פּאַריק. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר מיר איז עס געווען אַ גרוי־סער כבוד...

די אויפפירונג פון שלום אַש׳ס „מיטן שטראָם" איז געווען די סענסאַציע פון שטעטל. אויף צוזאַמענגנס דערציילט מיר מיין מוטער ע״ה, אַז צוויי מיידלעך זיינען געשטאַנען ביי איר קראָם און איינע האָט געפרעגט די צווייטע, צו זי האָט געזען די פאָר־שטעלונג „משה מיטן שטרימפּ"? (געמיינט נאַטירליך מיטן שטראָם) ווען מיין חבר שלמה גרובנער האָט די מעשה צעפּויקט איבערן שטעטל, האָט מען מיך אַ צייט לאַנג גערופן משה מיטן שטרימפּ ...

אַ צייט שפּעטער האָבן מיר געשטעלט „דער ווילדער מענטש" פון גאָרדאָן. דעם משוגע׳נעם האָט געשפּילט שלמה גרובנער מיט אַזוי פיל האַרץ, אַז טיילמאָל האָב איך ווירקלעך געגלויבט, אַז „למך" איז משוגע אויף אַן אמת. אין שפּיל האָסט למך זיין פאָטער, אַזוי ווי איך האָב געשפּילט דעם פאָטער,

נעמט למך (שלמה גרובנער) אין צווייטן אקט און רייסט מיר אויס אן האלבע בארד. איך לויף אראפ פון דער בינע, כדי צו־רעכט מאפן מיין בארד, אבער דא, שרייט דער סופליאר, משה לייב שויפעלד שאר ! אויפטריט, נעמט מאטל ראזנער א פאט־שיילע און אויף דער גיך בינדט ער מיר ארום דעם באק מיט א האלבע בארד אויף ארויס און זאגט צו מיר, שריי, אז די ציינער טוען דיר ווי. ארויסקומענדיק אויף דער סצענע מיט א געשריי „אוי מיינע ציין" האט דער זאל אנגעהויבן צו לאכן און מיין חבר שלמה גרובנער (למך) האט פארגעסן, אז ער איז משוגע און פאלט אריין אין אן היסטעריע און לאכט אויף וואס די וועלט שטייט. דער סופליאר, אנשטאט צו סופלירן, קייכט פון געלעכטער און וואס מער ער קוקט אויף מיר פלאצט ער ארויס אין פרישן געלעכטער. דאס פובליקום מיט די אק־טיארן האלטן אין איין לאכן... ביז נאך א געוויסע פויזע, האט זיך דער עולם בארואיקט און מיר זיינען ווייטער אנגעגאנגען מיט אונדזער שפיל מיט א שיינעם דערפאלג.

שפילנדיק פרץ הירשביינס „תקיעת כף" האט אונדזער טע־אטער באזוכט דער יידישער דיכטער שייעוויטש, וועלכער האט די אויפירונג בייגעוווינט. נאך דער פארשטעלונג האט ער אונדז הארציק געדאנקט פאר דעם נחת רוח, וואס מיר האבן אים פאר־שאפט מיט אונדזער שפילן דעם „תקיעת כף".

מיר האבן נאך געהאט אין אונדזער רעפערטואר א גאנצע ריי קלאסישע דראמען און עס וואלט צו וויט געפירט, אויס־צורעכנען דעם דערפאלג פון יעדער זאך באזונדער. גענוג צו דערמאנען „אריאל אקאסטא" פון קארל גוצקאוו, די שחיטה פון גארדאן, וועלכע זיינען געשפילט געווארן מיט קולטור און קינסטלערישן געשמאק. אונדזערע טעאטער — פארשטעלונגען האט אויך אפט באזוכט דער אין כזשאנאוו גוטבאקאנטער פראפעסאר אדאלף לעווענפעלד מיט זיין זון א סקולפטאר פון בארוף, הגם משומדים, האבן זיי אבער ליב געהאט צו פארברענגען אין אונדזער געזעלשאפט און געווען באגייסטערט פון דער יידישער יוגנט אין כזשאנאוו. כדאי צו דערמאנען, אז ווען ס'איז אמאל

אראפגעקומען א יידישע טעאטער־טרופע שפּילן אין כזשאנאוו, ווען זיי האבן געזען אונדזער רעפּערטואר זיינען זיי אנטלאפן, זאגנדיק, אז מיט זייער „כינקע פינקע" וועלן זיי שוין אין כזשא־נאוו גארניט אויפטון...

אזוי, איז די קולטורעלע ארבעט אנגעגאנגען אינטענסיוו אונטער דער טיכטיכער לייטונג פון מאטל ראזנער, וועלכער איז דער פאטער פון אלע קולטור־טעטיקייטן. מיר באשליסן צו בויען א יידיש פאלקס־הויז. זעלינגער'ס זאל איז שוין צו קליין פאר אונדזערע אימפּרעזעס, אין א יידיש פאלקס־הויז וואלטן מיר געעפנט א יידישע ביבליאטעק, א לעזע־זאל, א טעאטער זאל מיט א ספּעציעל געבויטע בינע. דאס איז דער נאענטסטער פּראגראם פאר אונדזער קולטורעלער ארבעט. צו דעם צוועק רופן מיר צונויף אלע נאציאנאל־געשטימטע ארגאניזאציעס אין כזשאנאוו. צו דער ערשטער זיצונג זיינען געקומען אלע ארגא־ניזאציעס א חוץ דעם בונד, וואס ווייל ניט אנטיילנעמען אין דער דאזיקער אקציע. זיי וואלטן יא אנטייל גענומען, אויב עס וואלט געהייסן אינטערנאציאנאל־קולטור הויז... אויף דער ערשטער זיצונג ווערט געוויילט א קאמיטעט פון אלע ארגאני־זאציעס און ס'ווערט פּראיעקטירט א פּלאן ווי אזוי צו באשאפן די מאטעריעלע מיטלען פאר אזא מין יידישן פאלקס אינסטיטוט. מיר האבן זיך געווענדעט צו היינץ לעווענפעלד, וועלכער אי באקאנט געווען פאר א ברייטהארציקן פילאנטראפ. כאטש ער איז געווען א געשמדטער ייד, דאך פלעגט ער ארויסהעלפן ארעמע יידן און מאמעס, וועלכע האט געהאט כלה מיידלעך און ניט געקענט חתונה מאכן, ווייל ס'האט געפעלט נדן — פלעגן גיין צו היינצן, פאר אים אויסגיסן זייער ביטער הארץ און ער האט אויף זיין פילאנטראפּישן שטייגער געהאלפן.

אויך מיר, דער קאמיטעט פארן יידישן פאלקס־הויז אין באשטאנד פון דר. ריזער, דר. ציפּער, ברוך קינדרייך, מ. שאר, מ. ראזנער, יאכציע ראזנער, מרים פרידלענדער און נאך אנדערע וועמענס נעמען איך געדענק ניט מער, זיינען געגאנגען צו היינץ לעווענפעלד. מיר האבן דעם געשמדטן פילאנטראפ פאר־

געלייגט אונדזער באשיידענעם פלאן. ער האט זיך אויפמערק־
זאם צוגעהערט וואס מיר ווילן און האט אונדז געענטפערט
מעשה פילאנטראפּ: זיכֶער בין איך פאראינטערעסירט אינעם
ווייל פון אונדזער שטעטל און נאך דערצו, אז ס׳איז דא אזא
שיינע יידישע מאדערנע יוגנט, וועלכע גייט שוין מאדערן גע־
קליידעט אן פאות אין קורצע מלבושים אן יופּיצעס, אבער פאר־
וואס אזא באשיידענעם בנין? איך וועל אייך אויפשטעלן אויף
מיינע קאָסטן א געוואלטיק גרויסן בנין מיט א מאדערנעם טע־
אטער זאל, א מאדערנע ביבליאטעק, א טורן־זאל מיט טורן
מכשירים, א באד־אנשטאלט ניט קיין מקווה. אין פראנט פארן
בנין, וועלן זיין אויפגעשטעלט שיינע דענקמעלער. אזא בנין
וועט טאקע קאָסטן א סך געלט, אבער זארגט ניט פאר דעם,
דאס איז מיין זאך. איך וויל אבער — זאגט הייניץ — אז די
גאנצע כזשאנאווער יידישע באפעלקערונג זאל זיין פארטראכטן
אין דער דאזיקער אונטערנעמונג. ער דערקענט ברוך קינרייך
און פרעגט אים, פּאַרוואס באַטייליקט זיך ניט דיין טאַטע זים־
מאן קינרייך אין קאמיטעט? ברוך קינרייך דערקלערט אים די
מחוצה, וואס באשטייט צווישן אונדז און דעם חסידישן קרייז,
אבער הייניץ קען בשום אופן ניט באנעמען...

ער גיט אונדז דערוויל געלט צו עפנען א יידישע פאלקס־
ביבליאטעק, מיר זאלן איינקויפן די בעסטע יידישע און וועלט־
לעכע ביכער און אלס משגיח — עס זאל זיין אלץ אין אר־דנונג —
גיט ער אונדז זיין ברודער אדאלף לעווענפעלד. הייניץ האט זיך
באמת אפגעגעבן מיט דעם פלאן. שוין געהאט באשטעלט אן
ארכיטעקט צו דעם צוועק, ער האט נאך קאנפערירט מיט די
ראשי הקהילה, וועמען ער האט נאך פארגעלייגט א ברייטערן
פלאן זיינעם דהינו, א מאדערנעם מושב זקנים, א יתומים הויז,
א פאלקס־קוך וכדומה. ער האט אויך פארגעלייגט צו איבער־
בויען פון דאס־ניי די שול — אבער, ווי זאגט רש״י? ארורים
הרשעים שאין טובתם שלימה. ער האט געשטעלט א קליינעם
באדינג — ניט מער און ניט ווייניגער, נור מען זאל זיין, דעם
משומד׳ס בילד אויפהענגען אין דער שול אויף א בכבוד׳דיקן

ארט... און ווען קהל, האט זיך דערפון קאטעגאריש אפגעזאגט, איז ער אוועק מיט אלע זיינע פלענער א באליידיקטער און ניט מער געוואלט הערן פון די כזשאנאווער יידן. אבער דאס, וואס ער האט צוגעזאגט — האָט ער געגעבן פאר דער ביבליא־טעק, וואס עס איז פאר דער כזשאנאווער יוגנט שטארק צונוץ געקומען.

דאס לעבן אין כזשאנאוו איז זיך געפלאסן רואיק און אידיליש. ייד און גוי האבן געלעבט בשלום, כאטש ס'האבן זיך באוויזן אנטיסעמיטן צווישן די גויים מיטן פארשאלטענעם גלח קאמינסקי בראש — אבער צו קיין עפענטלעכע אנטיסעמיטישע ארויסטריטן איז ניט געקומען. להפך, אפילו אין דער פאלקס־ביבליאטעק ווו די יידישע מיידלעך און יונגעלייט האבן זיך געבארגט בי־כער און געקוויקט מיט גוטע ליטעראטור — ווייל די בעסטע ווערק האבן מיר געקויפט — האב איך באמערקט, אז ס'זיינען אריינגעקומען גויאישע מיידלעך זיך בארגן ביכער און מיר האבן זיי זעער פריינדלעך אויפגענומען.

אין אויגוסט 1914 איז פראנץ פערדינאנד, דער עסטריי־כישער טראנספאלגער דערשאסן געווארן אין סאראיעווא. עסטרייך און דייטשלאנד דערקלערן רוסלאנד דעם קריג און עס צעפלא־קערט זיך דער ערשטער וועלט־קריג. דאס גאנצע לאנד איז דער־שיטערט, מענער, יונגע אלטע ווערן איינגעצויגן צום מיליטער און צווישן זיי אויך אונדזערע בעסטע חברים. דאס לעבן, ווי אין יעדן קריג ווערט אומנארמאל, דאס קולטורעלע לעבן ווערט ווי אפגעשטארבן. די רעגירונג צענזורירט די געזעלשאפטלעכע טעטיקייט, רעפעראטן טאר מען ניט לייענען און ווען מען וויל לייענען א רעפעראט אפילו איבער ליטעראטור, אדער וויסנ־שאפטלעכע טעמעס, מוז דער קאמיסאר ביים סטאראסטע וויסן, וואס דער רעפערענט וועט זאגן ... דער סטאראסטע מיט זיינע קאָמיסארן האלטן אן אויג אויף די קולטור טוער, מען רופט אלעמאל אונדזערע חברים צום סטאראסטע, זיי ווילן וויסן וואס פאר טעאטער־פיעסן מיר פירן אויף אדער לכל הפחות אן איבערזעצונג פון זיי. זאל צום גוטן דערמאנט ווערן דער ה.

דרוקער, דער שרייבער ביים סטאראסטע, אַגב א סימפאטישער נאציאנאלער און רעליגיעזער ייד און יודע ספר געווען. ער האט אונדז תמיד ארויסגעהאלפן פון אונדזער שווערע לאגע, אזוי, אַז מיר האבן ווי עס איז געקענט אנפירן מיט אונדזערע יידישע קולטור־אַרבעט.

אין דער צייט, ווען די רוסישע ארמייען מארשירן אויף עסט־רייכישער טעריטאריע, ווען זיי שטייען שוין הינטער די קראָקע־ווער פעסטונגס־מויערן, די דייטשע און עסטרייכישע ארמייען ציען זיך צוריק אויף ברעסלוי, באווייזט זיך פלוצים — ווי פון אלדע שווארצע יארן אראפגעשיקט — דער משמד היינץ לעווענפעלד. מען האט געזאגט אין כזשאנאוו, אז היינץ האט געמאכט גרויסע קריגס־געשעפטן אין פראנקרייך, שפעקולירנדיק אויף א דייטשן זיג, אָבער נאך די דייטשע מפלות דארט, איז ער געווארן אן ארעמאן. היינץ, קומענדיק קיין כזשאנאוו. האט, ווייזט אויס געוואלט צוריק רייך ווערן אופן יידישן חשבון. דא איז אים צו הילף געקומען דער סטאראסטע מיט זיינע זשאנדארן. היינץ האט מיט מסירות געפועלט, צו קאנפיסקירן די סחורות אין יידישע געשעפטן מיטן אויסרייד, אז יידן האנדלען אויפן שווארצן מארק... ער האט טאקע מיט הילף פון דער מאכט צוגענומען ביי יידן א שלל מיט סחורות, און פארקויפט עס ביי זיך אין הויף פאר טייער געלט נור פאר גויים... ער איז טאקע, ווי מען האט געזאגט, פון דעם מסחר רייך געווארן, ווייל די סחורה האט אים גארניט געקאסט. און נאכאמאל מוז איך דערמאנען ארורים הר־שעים שאין טובתם שלימה...

דערווייל האבן די פאלאקן אין 1916־1917 אנגעהויבן א טעטיקע אגיטאציע פאר דער פוילישער נאציאנאלער ווידער־אויפלעבונג און זיי האבן אין כזשאנאוו געגרינדעט דעם ערשטן מאנדאלינען ארקעסטער ווי אויך איינגעפירט קינא פארשטע־לונגען אין „סאקאל" (א פעסטונג פון דער פוילישער אנטי־סעמיטישער רעאקציע ווו אלע פוילישע אימפרעזעס זיינען פאר־געקומען) דער זאל איז שבת צו נאכטס און זונטיק, בעת די פארשטעלונגען זיינען פארגעקומען געווען תמיד געפאקט מיט

יידישע באזוכער. מאכט זיך, אז די יידישע קולטור קאמיסיע וויל פאראנטשטאלטן א פרץ אוונט. מיר האבן זיך געוואנדן צו דער פארוואלטונג פונעם „סאקאל״ זיי זאלן אונדז פארדינגען דעם זאל פארן אוונט — ענטפערט די פארוואלטונג, אז פאר א יידישן אוונט ווו מ׳וועט ריידן פא זשידאווסקו, וועט מען דעם זאל ניט פארדינגען. פארשטייט זיך, אז מען האט אונדז נאך גוט אויסגעזידלט פאר דער דאזיקער חוצפה.

האט זיך ספאנטאן ווי פון זיך אליין, אנגעהויבן א בוי־קאט באוועגונג צווישן דער יידישער יוגנט, ניט צו גיין אין קינא. ביז דער „סאקאל״ וועט צוגענגלעך ווערן פאר יידישע פאראנט־שטאלטונגען. ס׳קומט דער ערשטער שבת צו נאכטס, דער קא־סיסער איז גרייט אויף א גרויסע הכנסה, עס איז שוין צייט צו ווייזן דאס בילד, אבער דער זאל איז לעער. די יידישע יונגלעך און מיידלעך ווייזן זיך ניט... דער מאנדאלין ארקעסטער שפילט פאר טויבע ווענט, די אַדמיניסטראציע ווערט נערוועז, מען ווייסט ניט וואס דא איז? — פרעגט מיך איינער פון די „סאקאל״ לייט, איז היינט ביי אייך עפעס א באזונדערער יום טוב? (אין די יידישע ימים טבים האט דאס קינא ניט געשפילט) איך פיר פאלאק ארויס אויף די „פלאנטן״ און ווייז אים, אז די נאכט איז זעער א שיינע, די פולע לבנה באלייכט אזוי הערלעך זילבער־דיק די גרינע בלעטער פון די פלאנטן בוימער און איינגעוויקלט אין די בוימערישע שאטנס שפאצירן זיך די יידישע טעכטער מיט יידישע בחורים און עס הערט זיך א יידיש לידל זינגען... אפשר — זאג איך צו אים — וועלן זיי מארגן קומען און ער געזעגנט זיך מיט מיר מיט א ביטערן „דאברא נאץ״ — ער האט שוין זיכער ניט געהאט קיין גוטע נאַכט — צומארגנס. די צוויי־טע און דריטע וואך, דער זאל איז ליידיק, די פאלאקן זיינען ארומגעגאנגען מיט ארופגעלאזטע נעזער איינזעענדיק די אויס־זיכטלאזיקייט פון זייער אונטערנעמונג. דער גיפטיקער גלח קאמינסקי איז קראנק געווארן פאר צרות... ביז זיי זיינען גע־קומען צום שכל און אנגעהויבן מיט אונדז צו אונטערהאנדלען. מיר האבן אויסגעפועלט, אז דער „סאקאל״ פארדינגט אַונדז דעם

זאל אויף יידישע אימפּרעזעס און דער בויקאָט אויפן קינא האָט אויפגעהערט...

מיר זיינען טאַקע באַלד צוגעטרעטן און איינגעאָרדנט דעם ערשטן יידישן פּרץ־אָוונט אין פּוילישן „סאָקאָל" זאַל. פאַרנדיק קיין קראָקע האָב איך זיך צונויפגערעדט מיט מיין ליבן חבר דר. יצחק שיפּער הי"ד און אים דערציילט פון אונדזער אקאָרשט אָפּגעהאַלטענעם נצחון איבער די כזשאַנאָווער אַנטיסעמיטן. איך האָב אים גלייכצייטיק איינגעלאַדן ער זאָל רעפערירן אויף דעם אָוונט איבער י. ל. פּרץ. דר. שיפּער, וועלכער האָט כזשאַנאָווער ליב געהאַט פון פריער, האָט עס מיר אָפּגעזאָגט. ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער איז אַ סאָלדאַט און אין אוניפאָרם דאַרף ער ניט האַלטן קיין לעקציעס — איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, גוט! קומסט צו אונדז קיין כזשאַנאָוו מיט אַן אורלויב־שיין אַלס סאָלדאַט און איידער דער אָוונט וועט זיך אָנפאַנגען וועלן מיר דיך איבערטוען אין ציווילע קליידער און דו וועסט רעדן אַלס ציוויליסט. שיפּער'ן איז דער געדאַנק איינגעגאַנגען און געקומען צום אָוונט. ערשט פאַרן אויפטריט זעען מיר זיך אַרום, אַז ס'איז ניטאָ קיין פּאַסיק אַנצוג פאַר שיפּער'ס וווקס... גראָד איז אונטערגעקומען מאָטל ראָזנער, וועלכער איז געווען פּונקט אַזוי גרויס ווי דר. שיפּער און הינטער די קוליסן, האָבן זיי זיך געטוישט מיט די מלבושים, מאָטל ראָזנער איז געשטאַנען אין שיפּערס אוניפאָרם הינטערן פאָרהאַנג אַזוי לאַנג ביז דר. שיפּער האָט געענדיקט.

דר. יצחק שיפּער האָט אויף דעם דאָזיקן פּרץ־אָוונט אין כזשאַנאָוו, געצויגן אַ פּאַראַלעל פון דעם פּוילישן דיכטער וויס־פּיאַנסקי ביז י. ל. פּרץ, פון וויספּיאַנסקיס דראַמע „וועסלע" ביז פּרץ'ס „גאָלדענע קייט". איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן די היסטאָרישע פאַרגלייכונגען, וואָס שיפּער האָט געמאַכט צווישן פּוילישע יידן און פּאָלאַקן, ווען ער האָט מיט זיין פיינפילנדער שפּראַך פאַרענדיקט זיין רעפעראַט. „ווען ביי אייך פּאָלאַקן, לאָזט וויספּיאַנסקי — דורך זיין כאָכאָל — אייך איבער אַ שטריק, לאָזט אונדז פּרץ איבער אַ גאָלדענע קייט, ווי ר' שלמה שרייט

שבת, שבת, זאל זיין! לאזט ניט אריין קיין וואכנדיקייט, שבת, שבת, זאל זיין!"...

אזוי, האבן מיר שוין פון צייט צו צייט פאראנטשטאלט יידישע אוונטן אין אנטיסעמיטישן זאל פון פוילישן „סאקאל". דערווייל איז די צייט ניט געשטאנען, עס קומט דער צוזאמענברוך פון עסטרייך. פוילן ווערט א פרייע מדינה, א פרייד נעמט אונדז אלע ארום, גלייך רופן מיר אן עפענטלעכע פארזאמלונג אין שול, ס׳רעדט דר. אדאלף רייזער, דר. קרענגעל (געארבעט ביי דר. ציפער, אגב א הייסער ציוניסט און סימפאטישער ייד געווען) אזוי ווי ס׳וואלט אצינד געווען, זע איך פאר מיינע אויגן די שול. געפאקט קעפ אויף קעפ מיט יידן, וועלכע האבן מיט אן ערנסטע הייליקייט געפייערט דעם געשיכטלעכן מאמענט פון פוילנס באפרייאונג. א פאלק האט זיינע קייטן צעריסן; און א ניי פוילן איז אויפגעשטאנען. עס ציטערן אין מיר אלע גלידער, ווען איך הויב אן אין שול צו לייענען די דעקלאראציע פון די יידן אין פוילן צום פוילישן פאלק. פויליש פאלק! — לייען איך — דו זאלסט געדענקען, אז נאך נעכטן ביזטו געווען פארשקלאפט און היינט ביזטו פריי, א פריי פאלק! פוילן, דו זאלסט געדענקען, אז ס׳לעבן אין דיין לאנד דריי און א האלב מיליאן יידן, וועלכע זיינען אונטערדריקט אלס א פאלק, אזוי ווי דו פויליש פאלק ביזט עס נעכטן געווען. מיר זיינען געשיכטליך געקניפט און געבונדן מיט פוילן. שוין טויזנט יאר, אז מיר לעבן און שמאכטן צוזאמען, אבער מיר האבן אויך געקעמפט פאר דיין באפרייאונג, פויליש פאלק! צו דיין ווידערגעבורט אלס א זעלבסטשטענדיקע נאציע, ווינטשן מיר דיר א סך גליק. די דעקלאראציע איז איבערגעגעבן געווארן דעם סטאראסטע און מיט דעם האט זיך די פייערלעכע פארזאמלונג געענדיקט.

מיט א גאנץ קורצער צייט שפעטער נאך דער אויבנדערמאנטער פארזאמלונג האט זיך די אנטיסעמיטישע בעסטיע אין כזשאנאוו צעהוליעט ניט אויף קאטאוועס. די כזשאנאווער אנטיסעמיטן האבן זיך ארומגעטראגן מיט פינסטערע געדאנקן, דער

גלח קאמינסקי ווערט טעטיק — ווי אפט זע איך אים גיין אין זיין לאנגן יעזואיטישן שווארצן מאנטל צום „סאקאל", זיכער אויף זיצונגען, כדי צו מאַכן פלענער ווי יידן שלעכטס צו טון. אין קאשציאל פרעדיקט ער, ניט צו קויפן ביי יידן. די יידן זאלן גיין קיין פאלעסטינע, די געשפאנטקייט שטייגט פון טאג צו טאג. מיט איינמאל ווערן מיר געוווירער, אז א באנדע כוליגאני־שע פויערים קומען פון אוישפיצין צו באפאלן און צו פאגרא־מיקן כזשאנאוו. אונדזער יוגנט האט געבילדעט א זעלבסט־שוץ פון די כזשאנאווער יונגעלייט, וועלכע זיינען צוריקגעקומען פון עסטרייכישן מיליטער. א קליינע גרופע אין צאל, גייען די כולי־גאנעס אנטקעגן אוּן אויפן וועג וואס פירט קיין אוישפיצין, קומט פאר א צוזאמענשטויס צווישן די קליינע גרופע יידן מיט די הונדערטער כוליגאנעס, וועלכע זיינען געווען באוואפנט מיט קאסעס אין די הענט, טייל מיט פערד און וועגענער — גרייט אוועקצופירן דאס אנגעראבעוועטע יידיש האב און גוטס. דאס־מאל האבן אונדזערע יידישע קינדער מיט זייער גבורה, פאר־יאגט די כוליגאנעס, און זיי, די פוילישע כוליגאנעס, האבן זייער בעסטיאלישן פארלאנג ניט געקענט דורכפירן...

אז אונדזערע יידישע יונגעלייט האבן זיך צוריקגעקערט א היים האַט עפעס פאסירט, ווייל אין דער צייט, ווען מען האט זיך געריכט, אז די כוליגאנעס וועלן באפאלן כזשאנאוו האבן זיך אנגעזעענע יידן ווי דר. אדאלף רייזער, ר' זיסמאן קינרייך, ר' שאול זיגמאן און נאך אנדערע, געווענדעט צום בירגער־מייסטער און אים אויפמערקזאם געמאכט אויף דער פאגראם־שמיטונג און ער האט דערלויבט די יידישע יונגעלייט זיך צו באוואפנען און גרייט זיין צו פארטיידיקונג.

ווען עס איז אבער באקאנט געווארן, אז די כוליגאנעס זיינען פון די יידישע קינדער צוריקגעשלאגן געווארן, האט דער סטאראסטע ארויסגעגעבן א באפעל צו די זשאנדארמען צו אנט־וואפנען אלע יידן, וועלכע באזיצן פארטיידיקונגס־מיטלן... און כך הוה, אזוי שנעל ווי די יידישע זעלבסט־שוץ האט זיך צוריק־געקערט אהיים, זיינען זיי גלייך פון די זשאנדארמען אנטוואפנט

געווארן און דאס יידישע כזשאנאוו איז געבליבן אויף הפקר. מיר האבן תיכף צונויפגערופן א פארזאמלונג פון בארופענע מענטשן אין קהילה שטיבל. א טייל איז געווען דערפאר, אז מען זאל בכלל ניט שטעלן קיין ווידערשטאנד, כדי צופארמיידן קרבנות. א צווייטער טייל מיט ר׳ מענדעלע, דעם רב ר׳ נפתלי׳ס זון (שפעטער, כזשאנאווער רב) אן דער שפיץ האבן דוקא יא געוואלט זיך פארטיידיקן. פון דער אסיפה איז מען אוועק מיט גארניט. דערווייל האט זיך די בהלה אנגעהויבן. אן עם רב פארפילט דעם מארק, פויערים מיט פויערטעס מיט פערד און וואגנס שטייען גרייט. די כוליגאנעס, ווער מיט א שווערד, ווער מיט א קאסע און ווער מיט אנדערע כלי זיין. עס איז מורא׳דיק. יידן פארהאקן די געוועלבער. די קרעמער אין מארק זיינען צע־שראקן, יעדער לויפט אין זיין היים און אזוי ווי עס פאלט צו די נאכט הערט זיך דאס ברעכן פון יידישע געשעפטן. די פוי־לישע כוליגאנעס ראבירן יידיש האב און גוטס און פאקן עס ארויף אויף זייערע וועגענער. שיסערייען הערן זיך אין דער שטאט און וואס מער די נאכט פאלט צו, אלץ מער ווערן יידישע לאדנס אויפגעריסן. ביי דער דאזיקער מלאכה העלפט זיי א באקאנ־טער כזשאנאווער באנדיט, וועלכער איז געזעסן עטלעכע יארן אין תפיסה...

איך גיי ארויס אין גאס זען וואס ס׳טוט זיך — מיין גאָט! ס׳איז אַן אמתער פאגראם ארגאניזירט מיט אלע קלעפערלעך. פויערים מיט פויערטעס טראגן יידישע סחורות, וואס זיי האבן אנגעראבעוועט. זיליש דעם שייטל־מאכערס ווייב קוקט ארויס דורכן פענסטער — זי האט געוווינט ביי לייביש יונגענווירט אין הויז — און אזוי ווי זי שטייט און קוקט דורך דער שויב, האט א כוליגאן געשאסן אויף איר און איר די אויגן אויסגע־שאסן.

מיר ריידן זיך צונויף עטלעכע יונגעלייט און מיר פרוווּן אפצוראטעוועָן וואס עס לאזט זיך. פאר אלעמען אוועקצונעמען צוריק פון די פויערים וואס זיי האבן אנגעראבעוועט. טיילווייז געלונגט עס אונדז. איך קום אין מארק אלע געשעפטן אויסגע־

פלינדערט — און דער גלח קאמינסקי ימח שמו שטייט מיט עטלעכע קאמיסארן דארט און האבן הנאה... איך גיי צו, צו איין קאמיסאר, וועלכן איך האב גוט געקענט און פרעג אים פאר־וואס ער טוט גארניט, אז דאס זאל אויפהערן ? — זאגט ער צו מיר, „די זשאנדארמעריע ווייסט וואס זי טוט, זי האט א גע־וויסן באפעל“... און מיר האט ער געראטן, בעסער אהיימצוגיין, ווייל ס'וועט זיין געזונטער פאר מיר... א גרופע אנטיסעמיטן מיט דעם אַדוואקאט... בראש, כ'האב פארגעסן זיין טריפה'נעם נאמען. כ'געדענק נור, אז ער איז געווען א געשטיפלטער (געמיינט זיכער דעם דר יאניקאווסקי אנמערק. פון מ. ב.) — לאזן זיך גיין צום רב, ווילנדיק משמעות דעם רב עפעס שלעכטס טון. מיר האבן גלייך פארשטענדיקט דעם רב ר' מענדעלן, ער זאל זיך אויסהיטן פון זייערע הענט... דער רב, זיין נאמען זאל דער־מאנט ווערן צום גוטן, איז ארומגעלאפן אין שטאט און געשריגן, "י י ד ן ז י י ט נ י ט ג ל י י כ ג י ל ט י ק, ג י י ט א ר ו י ס א י ן ג א ס א ו ן ש ל א ג ט צ ו ר י ק."

איך קום צוריק אין מארק און זע, ווי די פאגראמטשיקעס רייסן אויף שאול זיגמאנס געוועלב. איך זע אויך, ווי שאול זיגמאן אליין — ער האט געוווינט איבער זיין געוועלב אין דער הויך — שיט אראפ טעפ מיט פייער אויף די כוליגאנעס און זיינע זין גיסן הייס וואסער פונעם צווייטן פענסטער אויף די פאגראמ־טשיקעס, — אט, קומט די שרעקלעכע בשורה, א יוגנט־חבר מיינער, א טייער יינגל — אויב איך מאך ניט קיין טעות, האט ער געהייסן דוד גרובנער ע"ה, וועלכער האט אויסגעריסן פון א פוילישן כוליגאן א פאק מיט אנגערויבטע סחורה איז דערשאסן און געפאלן טויט אויפן ארט. זאל דא זיין ליכטיקער נאמען אייף אייביק דערמאנט ווערן צווישן די שורות־דעראינערונגען, וואס איך שרייב וועגן מיין ליב אומפארגעסלעכן שטעטל כזשא־נאוו. דאס איז געווען דעם 5־טן נאוועמבער 1918. דער ערשטער שווארצער טאג אין דער געשיכטע פון כזשאנאווער־יידן אין בא־פרייטן פוילן. איך האב דעם ערשטן פאגראם אין מיין לעבן געזען — און דאס איז געווען אין כזשאנאוו... אויף צומארגנס

אין דער פרי האט אונדז די קראקאווער יידישע זעלבסט־שוץ ארייגעשיקט אן אפטיילונג פון אירע חברים מיט געווער און גראנאטן. זיי האבן דורכאויס געוואלט נקמה נעמען פאר דער בלוטיקער נאכט, וואס איר האבן דורכגעלעבט. מיין הויז ווערט א סקלאד מיט געווער און גראנאטן, שנעל, רופן מיר צוזאמען א קליינע אסיפה און ס׳ווערט באשלאסן, דערווייל ניט צו פאר־פירן קיין קריג, נור אפווארטן איבער דעם טאג און אויב די באנדע פאגראמטשיקעס וועלן זיך ווידער באווייזן — דעמאלט וועלן מיר דעם קאמף אנהויבן. אונדזערע טייערע קראקעווער חברים האט עס ניט געפעלן. קוים קוים, מיר האבן זיך ביי זיי אפגעבעטן צו האבן געדולד און אפווארטן... גליקליכערווייז זיי־נען די פאגראמטשיקעס ניט מער געקומען און אונדזערע חברים האבן שפעט אין דער נאכט גענומען דעם צוג און אהיימגע־פארן.

די יידן אין כזשאנאוו האבן א שטיק צייט געלעבט אין פאניק. מען איז געלאפן ווו די אויגן האבן געטראגן, אבער ס׳־האט גארניט געהאלפן. די אנטיסעמיטישע פאגראם־כוואליע האט שוין געבושעוועט איבער גאנץ פוילן און גאליציע. יידן ווייסן ניט וואס צו טון מיט זייערע אפגעשפארטע גראשנס, איך געדענק, ווי עס איז צו מיר געקומען דער רויטער לייביש — דאס איז געווען דעם „רויטן לאמענס" איידעם — און ער זאגט מיר, אז ער וויל איבערווייזן זיין געלט קיין ארץ ישראל. ער וויל, איך זאל פארן צום יידישן נאציאנאל פאנד קיין ווין און איבערגעבן זיין קאפיטאל. די העלפט וויל ער געבן דעם נא־ציאנאל פאנד אלס מתנה, דערפאר זאל מען אים די אנדערע העלפט, אויסצאלן אין ארץ ישראל. ווי זאגט זיך דאס ווערטל, „יאק ביעדא — טא דא זשידא" אין רואיקע צייטן, אז דער־זעלבער ייד האט געזען א ציוניסט האט ער זיך פון אים אפ־געטרייסלט ווי פון אן אפטריניקן... דאס, וואס איך האב גע־שריבן ביז אהער איז געשריבן ביזן יאר 1918, ווייל אין א פאר חדשים שפעטער האב איך כזשאנאוו פארלאזט. — און ווען אי׳ר מיינע ליבע כזשאנאווער ברידער, ווער ס׳וועט פון אייך אמאל

איבערלייענען די ווערטער, זאל געדענקען, אז עס איז אמאל געווען א שיינע יידישע שטאט כזשאנאוו, וואס האט געאטעמט מיט א פולבלוטיק יידישקייט, פארמאגט טייערע און ווילע יידן. די שיינע און הערלעכע יוגנט, וואס האט תמיד געשטרעבט און געחלומט פון אן אייגן לאנד — וועט זיך מער ניט אומקערן. די שטאט, וואס האט אונדז אזוי פיל געגעבן, זאל כאטש ניט פארגעסן ווערן און מיט ליבע דערמאנט ווערן. — און דו פאר־שאלטענע וועלט, וועסט מוזן אמאל געבען אן ענטפער, פאר־וואס דו האסט אזוי גלייכגילטיק צוגעזען און געלאזט אויסקוילען מיינע צען טויזנט ברידער און שוועסטער, ריינע אומשולדיקע נשמות. דאס פארגאסענע בלוט שרייט נאך נקמה — און איין תפילה האב איך צו דיר גאט! זאלסט אונדז נאך לאזן דער־לעבן די דאזיקע נקמה!

ניו־יארק, אין מערץ חודש 1949.

# למצבת עולם

## דאס זיינען די נעמען פון א טייל בזשאנאווער קדושים, וועלכע זיינען אונדז צוגעשיקט געווארן דורך זייערע איבערגעבליבענע קרובים, אדער באקאנטע.

א

| | |
|---|---|
| איבערספעלד | אברהם, פערעלע, ברוך, שיינדל. העסע |
| ארנשטיין | יהודה, משה, יוסף, חיים. |
| אורבאך | אברהם, שלמה, חי׳. |
| אשכנזי | אברהם, נחמה. |
| אלינג | לייביש, רחל, שרה. |
| אורבאך | יצחק, גיטל, פרץ. |
| איננבער | משה יעקב, ראכע, מרים, לייביש, שרה פון מאן אורבאך. |
| אייכנער | שלמה זלמן, בריינדל נעב. זיגל. |

ב

| | |
|---|---|
| בארבער | אהרון, גנענדל, אברהם, בילה, לאה, אליעזר. |
| בארבער | בנימין, גיטל, מרים,ביילה. |
| בארבער | פייוויש, קלמן, מרדכי. |
| בארנשטיין | עקיבא, רחל געב. שענבערג, דוד, תמר |
| באכנער | הלל, רבקה, העלא. |
| ברענער | מלכה, מאיר. |

| | |
|---|---|
| ברענער | רויזשע געב. ארנשטיין. |
| בראמבערגער | יוסף לייב, רחל, צבי. |
| בראמבערגער | פנחס, אסתר, חיים, גיטל, יצחק, שמחה, מרדכי, פאני, חיים. |
| באכנער | לאה. |
| באגלער | נח. |
| באכנער | יחזקאל, חי׳ יוסף. |
| באכנער | דוד, האניע געב. שולדענפריי. |
| באכנער | יוסף דוד, גיטל, היים צבי, משה, מלכה, מאיר. |
| בוכבינדער | אברהם צבי, געלע, דבורה געב. נייגער הענדל פון מאן בארגער. |
| בעסטער | יוסף, אסתר, מלכה. |
| בוכסבוים | משה, זלאטע. |

ג

| | |
|---|---|
| גענגער | ישראל לייב, רחל, שמואל אלימלך, זאב יהושוע, שלמה. |
| גראיאווער | שלמה אלתר, שמחה, אלימלך, אהרון, יואל. |
| גראיאווער | ברוך, מרים געב. ציזנער, דוד, יואל, שמואל. |
| גראיאווער | זעליג, רוזשע, אהרון, רוזשע געב. מאנדלבוים, יואל, רחל מינדל געב. גאלדשטיין, אברהם, חנה פייגל געב. גראס. טושקע. |
| גרובנער | חיים, דבורה. |
| גלאס | משה, חי׳, דוד. |
| געלדווערט | שמואל, ליפא, פייגל. |
| גוטמאן | רחל. |

| | |
|---|---|
| גוטער | שמעון, הודזיע. |
| גוטמאן | אסתר געב. זינגער. |
| גראס | אברהם. |
| גרובנער | יצחק, פרומעט געב. מאַנדלבוים. |
| גאלדבערג | שמואל, חנה תמר. |
| גנאט | אליעזר, נחמה. |
| גלאס | יעקב. |
| גראס | חנה געב. הויבערגער. |
| גלאזער | דוד, רחל געב. זיגל. |

## ה

| | |
|---|---|
| האלענדער | יצחק הכהן, ניסל, אשר, פנחס, רחל געב. פעניכל, חנה. |
| הענענבערג | מאיר יצחק, כאשע צארקע, שלום שכנא, שמואל, ביילה געב. סילעס, חיים, בריינדל געב. פרידליך, דבורה געב. האלענדער, יהושע העשל, פייגעלע פון מאן ריכטער, ליבע טויבע פון מאן ראזענפעלד. |
| האלענדער | משה לייב, שבע געב. הערבסט, ברוך, ביילה, אברהם, שרה, פערל. |
| הירשבערג | ישראל לייב, שרה געב. פאזנער, זאב וואלף. |
| הירשבערג | אברהם, שיינדל. |
| האלענדער | אלישע, מירל, בלימה, פייגל, מרדכי, דוד, פייגה רבקה געב. קופערמאן. |
| הויכבערגער | אהרון, פריידל, אברהם יוסף, רחל, אסתר. |
| האראוויץ | יעקב, איידל. |
| הירשטאל | יחזקאל, אסתר געב. בארבער. |

| | |
|---|---|
| העלפער | מלכה, דוד, חנה. |
| העלפער | דוד, יהודה, צבי, בנימין. |

ו

| | |
|---|---|
| ווידאווסקי | רייזל, מלכה, ליבע. |
| וויענער | יעקב. |
| וואלדנער | לאה. |
| ווישניצער | ביילה. |
| וואלף | שלמה. |
| וואכסמאן | ישראל דוד, חנה, יעקב אשר, שלמה. |
| וואלף | גיטל געב. לויבער. |

ז

| | |
|---|---|
| זייפמאן | חיים, רחל, נטע, דער לעצטער אויפגעהאנגען אין א לאגער. |
| זאקס | יצחק, מלכה. |
| זיגמאן | דוב בעריש, גנענדל געב. זייפמאן. |
| זשולטי | יוסף, שרה גיטל, יעקב אשר, שמשון. |
| זיגמאן | גוסטא געב. לויפער. |
| זאגורסקי | משה, גאלדא, יעקב. איטל געב. אורבאך. |
| זינגער | יצחק. |
| זיגל | קלמן |
| זאַנענשיין | שמחה בונם, שרה, משה לייב. |
| זעלטענרייך | רחל לאה, משה, צלבה פון מאן שיף, רייזל. |
| זילפען | ישראל, שרה געב.גראיאווער, תמר, שמואל. |
| זשימנאוואדסקי | אהרון לייב, שרה רבקה, אברהם |

| | |
|---|---|
| | יצחק, פייגל, שמואל, רייזל, חוה. מרים, יעקב ישראל, משה דוד, רוזשע. |
| זיגל | לייב, צירל, אסתר מלכה. |
| זינגער | בעריש, קיילע, זלמן, יצחק, רבקה געב. זאגורסקי, פייגל פון מאן וואכסבערג. |

ט

| | |
|---|---|
| טימבערג | אהרון, זיסל, דוד. |

י

| | |
|---|---|
| יאקובאוויטש | סענדער, לאה. |

כ

| | |
|---|---|
| כהנא | דוד, רחל, יצחק, ברוך, ישראל. |

ל

| | |
|---|---|
| ליפשיץ | משה, געלע, חיים, רבקה געב. שענבערג, שאול, רייזשע, סאלי, יעקב שלום. |
| לויפער | יוסף, חי׳ שרה, שלמה, מינא געב. היימאן, שמואל, רחל געב. איינהארן, דוד, דבורה, מינדל, באלקע. |
| לעווי | זאב וואלף, חנה, ברײנדל, אסתר, יצחק. |
| ליבער | חיים זאב, געלע געב. בערקאוויטש. |
| לאנגער | חיים שמואל, דבורה, שמעון, חנה. |
| לעווי | יחזקאל, שרה, חיים חנה, דוד, יוסף. |
| לויפער | שמואל. |
| לופטיג | בלימה. |

| | |
|---|---|
| ליבליך | צוטל, שפרינצע, פייגל, שיינדל, בערל, חנה. |
| לויבער | יצחק, פערל, משה. |
| לעדניצער | יוסף, ברכה, צבי הירש, אליעזר. |
| ליבליך | שמואל, אסתר, יצחק, חיים. |
| לויבער | פנחס, ראובן, ברוך, דבורה, מינדל. |
| לויבער | אסתר געב. שיפער. |

## מ

| | |
|---|---|
| מאנדלבוים | יעקב, אברהם, חנה געב. וועכסלער, משה לייב, רוזשע געב. וויינגאַרטען. |
| מושעל | אהרון, טשארנע, רייזל, רחל. |
| מאנדעלבוים | חיים, מירל, יעקב. |
| מארקאוויטש | משה, פרומעט. |
| מארינגער | יעקב. קיילע. |
| מאנדעלבוים | יעקב, רחל געב. זינגער. |
| מאנדעלבוים | ראכטשע, בעריש, לייב. |
| מעלצער | מאנעס, רחל געב. אורבאך. |
| מארגענשטערן | דוד, רייזל, פריידל. |
| מעהלער | חיים, שרה. |
| מאנדעלבוים | יעקב, ליבע געב. קורץ. |
| מאַנדעלבוים | משה דוד, רייזל געב. שווארץ, יוסף. |

## נ

| | |
|---|---|
| נאגאשינער | משה אהרון, שפרינצע. |

## ס

| | |
|---|---|
| סטאנער | חיים, ביילע, שלום. |

## ע

| | |
|---|---|
| ענאך | עקיבא, רייזל געב. שענבערג. |

ערענסט — שרה, ישראל שמעון, מרדכי יוסף, מינדל, פריידל לאה, אסתר.
ענגעלבערג — אהרון דוד, מינדל, יעקב יצחק.
עדעלמאן — שמואל, פעסל געב. ראטה.

## פ

פליישער — בעריש, נעכע געב. זיגל, יוסף, איטל.
פעלדמאן — מרדכי שמואל, גאלדע געב. זשולטי.
פרייפעלד — פייגל. נוטקע, זיינוועל.
פרייז — חי׳ וויטע געב. לויבער.
פישגרונד — צירל געב. קורץ.
פעטערזייל — משה, גאלדע, חי׳ רייזל, מאטעס.
פישלער — מנשה, פייגוש, שמואל, יצחק.
פוכסברומער — אברהם שמואל, מינדל געב. טויבער.
פערלשטיין — אביש, מלכה געב. שניידער, לאה.
פאזנער — יחזקאל, יאכעט, יעקב אשר.
פינקעלשטיין — יהושיע, פייגל געב. ארנשטיין.
פרישער — יוסף, פייגל, לייב, חיים.
פעלדשער — דאבע, יהודה, מרדכי, רחל.
פינדער — בריינדל געב. ראטה.

## צ

צימער — יוסף, חנה, אייזיק, אברהם, דוד.
צימער — מענדל, רבקה, יעקב אשר, ביילה.
ציזנער — יוסף, מלכה, משה, שלמה.
צוקער — רייזל געב. הויבערגער.

## ק

קורץ — בעריש, יעטל, יוסף, גאלדע, גיטל.
קארנגאלד — ליבע, פייגעלע.

| | |
|---|---|
| קאניעצפאלסקי | דוד |
| קלוגער | אברהם |
| קליינמאן | ישראל, דבורה. |
| קליין | ראובן, ביילה. |
| קליינבערגער | גרשון, דבורה געב. אורבאך. |
| קארנבלום | פריידע געב. לויפער. |
| קירשנער | חיים, ביילה, יהודה, משה, שמעון, אברהם. |
| קלינג | פייגל, יהודה, יוסף. |
| קלאגסברון | בעריש, שרה רבקה, דינה געב. הענענבערג. |
| קלאפהאלץ | אלי, חנה. |
| קורץ | נחמיה. |
| קורץ | פראניע, ישראל, יוסף, לייב. |
| קלאגסברון | טייבל, שמעון לייב, געלע. |

## ר

| | |
|---|---|
| רייפער | לייבעלע, ראכל פייגל. |
| רייפער | יצחק, רחל געב. קורץ. |
| רייפער | אברהם, רבקה געב. יערעט, משה. |
| רייפער | הערש, טויבע. |
| ראזענבוים | אלי, אסתר, שלמה, שרה, יעקב, שרה געב. פעלדשער. |
| רוף | יעקב, חנה הינדע, משה. |
| רויכוויצגער | משה לייב, מרדכי. |
| ריינהאלד | שרה, פערל, ליבער, יצחק, זלמן. |
| רייך | חנינה, חנה ראכל, צילה, צבי. |
| ריגלער | אהרון, חי' שרה. |
| ראזענבוים | אביש, מאטעל געב. בארבער. |
| ריגלער | משה, חי'. |

| | |
|---|---|
| ראט | חנה, גיטל, נפתלי. |
| ראט | דוד, גיטל, נפתלי, זיסמאן. |
| ראבינאוויטש | פנחס, אסתר. |
| ראזענפעלד | חיים שלמה, אסתר, אברהם ישכר, פייגל, לאה געב. גאָנז, רייזל, יוסף קלמן. |

## ש

| | |
|---|---|
| שענבערג | הירש מלך, גאלדע, שלמה. |
| שניידער | לייביש,ביילה, דוד, הינדע פון מאן זעלענפריינד. |
| שענבערג | משה, מרים, אברהם שלמה, רחל געב. האלמאן, יוסף, מלכה געב. קויפמאן. |
| שניצער | מענדל, מלכה רבקה, גאלדא, שמעון, ישראל. |
| שטראסבערג | שלמה, יוכבד געב. ערנסט, לייביש. |
| שטערן | פייגל געב. זשולטי. |
| שטערנפעלד | יוסף. |
| שווארץ | לייביש, דוד, חנה. |
| שניצער | משה שמואל, הינדע, ישראל לייב, שלמה, יוסף, חנה, צביה פון מאן ניכטבארגער. |
| שענבערג | ישראל, שרה געב. מושל. |
| שטערנפעלד | יוסף, שרה געב. מאנדעלבוים. |
| שיינאוויץ | מרדכי, טשארנע. |
| שענבערג | יעקב, תמר געב. גרייאווער, משה, אליעזר. |

| | |
|---|---|
| שווארץ | אהרון, חי׳ גיטל, חוה, אליעזר, רייזשע. |
| שארנשטיין | ברוך, לאה, אליעזר, יחזקאל, הינדע, חיים. |
| שווארץ | שלום, גיטל. |
| שיפער | חיים משה, פערל, דוד. |

# לזכרון עולם

**זאלן נאך דא צום גוטן דערמאנט ווערן מיינע כזשא־נאווער פריינד, וועלכע האבן פארהאלפן, הן מאראליש און הן פינאנציעל צום דערשיינען פונעם „ספר כזשאנאוו“**

דר. יצחק שווארצבארט
מענדל גענגער
י. ר. פעטערזייל
מרדכי שאר
משה צימער
מגר. יעקב זילפען
בעריש זשולטי
אינזש. שווארץ
שלמה און ישראל בערקאוויטש
ברידער
לעווי־מאנדלבוים
בערעק לויפער
יצחק אורבאך
שלאמעק גראס
בערעק פרישער
יוסף האלענדער
דוד גראס
הירש פריי
ירחמיאל בארבער
רחל שווערד
בעניעק מאנדלבוים

הערמאן שניידער
יוסף שניידער
סיני בארבער
נחמי׳ מאנדלבוים
שמחה שענבערג
אשר פרידמאן
יוסף זילבערבערג
משה יוסף פשעכאצקי
שמואל ענגעלבערג
מענדל רייך
בענדעט פוכסברומער
ישעי׳ גלאגאוויסקי
לייבעק יאקובאוויטש
ליפה הירשבערג
ראמעק מארינגער
וואלף זינגער
מאטעק גרובנער
ד. ש. קלאגסברון
זישע ליפשיץ
משה באקאן
י. ל. באכנער

# תקון טעות

| זייט | שורה | אנשטאט | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 45 | 6 | יינגסטן | עלטסטן |
| 68 | 16 | 1940 | 1908 |
| 72 | 16 | דערצאנג | דערציאונג |
| 77 | 6 | ר' קורץ | ר'סיני קורץ |
| 79 | 13 | פאר - | פארטיי |
| 86 | 3 | ר' שאול | ר' מרדכי שאול |
| 93 | 12 | 1929 | 1919 |
| 98 | 18 | ווייצנבליט | ווייצענבלום |
| 99 | 16 | 1906 | 1910 |
| 112 | 27 | חלפי | קלפי |
| 124 | 19 | העפער | חעלפער |
| 132 | בילד | קינרייך | מאנדעלבוים |
| 140 | בילד | זינגע׳ | בארענשטיין |
| 146 | 30 | כזשאנאוו | מאסקווא |
| 156 | 17 | טאטעס | טעמעס |
| 176 | 1 - 14 | כון | כיוון |
| 177 | 6 | אזוי | אזי |
| 178 | 14 | זעסטו ! פעלט דער גאנצער זאץ | "ווי איז דיר דאס יגגען געפעלן? זעסטו ! ענט־ פערט ער" — |
| 180 | 19 | נאענט | נאכט |
| 182 | 1 | לייענט זיך, | האט איינער א ייד אן עצה גע־ געבן, אז מען דארף אוודאי לייענען די פר־ שה כי תזריע וכ' |
| 199 | 19-24 | צוואנג | צוואג |

| זייט | שורה | אנשטאט | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 200 | 19 | פון יונגען מיט מיירן | יונגען מיט מיידן |
| 204 | 18 | אן עברה שלא בתורה | אן עברה שלא כתובה בתורה |
| 205 | 13 | פארטיקער | דארטיקער |
| 207 | 12 | פארגראבן | פארקראכן |
| 210 | 19 | איבונגען | מוסטערונגען |

## צווייטער טייל

| | | | |
|---|---|---|---|
| 231 | 17 | גביאת | גביית |
| 234 | 20 | טאבעלע | טארבעלע |
| 244 | 4 | תליתים | טליתים |
| 253 | 16 | אויסצומארדן | אויסצומיידן |
| 267 | 25 | בהית | בית |
| 275 | 26 | קיפא | קריפא |
| 276 | 17 | מיניסטער | אינספעקטאר |
| 238 | 7 | ליכט | לופט |
| 307 | 1 | געקעמט | געקעמפט |
| 350 | 10 | קאשאוויץ | קאטאוויץ |
| 351 | 3 | מאפן | מאכן |
| 356 | 12 | קאסיסער | קאסירער |
| 362 | 4 | איר | מיר |
| 367 | | הויכבערגער | הויבערגער |
| 371 | | ענגעלבשרג | ענגעלבערג |
| " | | ליבע | ליבער |

